# דאס

# יודישע ווארט

## א זשורנאל

פיר ליטעראטור, וויססענשאפט און קריטיק.

רעדיגירט דורך

אברהם רייזען.

פערלאג „פראגרעסס" ווארשא.

ווארשא, תרס"ד.

דרוק ש. ב. לאנדא, נאלעווקי 34

---

**Юдише Вортъ**

Литературный сборникъ

подъ редакціей Абраама Рейзена

Издательство „ПРОГРЕССЪ" Варшава.

ВАРШАВА 1904.

Типографія Ш. Б. ЛАНДЕ, Налевки 34.

# אינהאלט:



---



# עֶפּיס הֶער אִיךְ...

עֶפּיס הֶער אִיךְ שְׁטימֶען בְּרוּמֶען
אִין דָאס וַוייטֶע — גָאהְנְ'טֶע לַאנְד;
רוּפְט מֶען מִיךְ אַהִין צוּ קוּמֶען? —
סְ'אִיז בֶּעקַאנְט און אוּנְבֶּעקַאנְט...

עֶפּיס הֶער אִיךְ ווינְדֶען בְּלָאזֶען —
גְלֶעטֶען זֵיי, צִי טְרַייבֶּען זֵיי?
זָאל אִיךְ צוּ מֵיין לַאנְד זִיךְ לָאזֶען?
עֶפּיס גְלוֹיבְּט זִיךְ און סְ'טְהוּט וֶועה..

עֶפּיס הֶער אִיךְ פֵייגֶעל זִינְגֶען,
אַז דֶער ווינְטֶער הָאט גֶעעֶקט;
זָאל מֵיין לִיעד אִין חָאר אוֹיךְ קְלִינְגֶען?
עֶפּיס צִיהְט און עֶפּיס שְׁרֶעקְט!...

אברהם רייזען.



# א שמועס

פון

שלום אש.

---

איך בין געפֿאָהרען מיט איהם פֿון קוטנע קיין לענטשיץ. דער טאָג איז געווען א הייסער זומער טאָג. די זון אין טיעפֿען הימעל, איינאַרטיג, ברייט און ווייט, וואו נישט וואו באדען זיך הערליכע, גנידישע, לייכטעני'ע וואָלקענדליך, ווי פֿליגעלן פֿון מלאכים'לעך פֿאָהרענדיג אין דעם טיעפֿען הימעל. פוילישע שאַרע פֿעלדער ציהען זיך ווייט און ברייט אוועק, הויכע שאַרע טייכען זאנגען, אין מיטען גנב'ט זיך אריין א געלער בייט גערשטען, ווי אראָבגעפֿאלען פֿון הימעל — און אויף די שאַרע איינאַרטינע פֿעלדער רייטעלט זיך א רויטער פֿלעק פֿון א פוירישע יאַקע, ווי דירעקט פֿון מאַלערס האַנד אַרויף געוואָרפֿען אויף דעם שאַרען לאַנדס־שאַפֿט. דאָ און דאָרט א ווייסער שווישטשענדיגער פֿלעק פֿון געקאַלעכטע הייזער אין דער זון.

א ווייס בליהענדער אָפּעל־גאָרטען שיקט די צווייגען פֿון קליינעם שוואַרצען פלאָט ארויס, און די פֿלעקען אויף דעם שאַרען גרונד האַרמאָנירען צוזאַמען, בעשאַפֿען זייערע פּאַסענדע טענער און דאָס קלינגט צוזאַמען, ווי ש אָ פּ ע נ ס א פֿאָלקס מאַזורקע, די סטאַניסלאַווקעס א טענער לאַנד־שאַפֿט.

אין בויד איז מיר הייס געוועז, און האָב נישט געקענט פערטראָגען דעם געדיכטען רויך פון די ציגאַרען, וואָס האָבען זיך גלייך־גילטיג פון די יודענס בערד אַרויסגעטראָגען, און אויף דער צווייטער זייט א פרום כשר'ע כריסטען געזיכט, פון א אַלטער איבער־געזעסענס פריילין, וואָס האָט די גאַנצע צייט דעם קרייץ געקישט ווי זי וואָלט עפּיס זיסעס צווישען די ליפען געהאַנט... בין איך ארויס און אויף געזעצט מיך אויפ'ן קיישעל צום פיה־מאַן.

בעריל מאַצי־וואַיטיק איז מיינס א בן־עיר, אין איין נאָס זענען מיר אויף געצויגען געוואָרען. פסח, געדענק איך, ווען איך האָב פאַר'ן טאַטען מיט'ן פעטער שיר־השירים איבערגעזאָגט, אין דער גרויסער שטיב, וואָס די פענסטער זענען אַרויסגעגאַנגען אין קיילער געסעל אַריין, האָב איך געהערט בערילס קול פון די באַנק וואָס איז געשטאַנען הינטער אונזער פענסטער, ווי ער טשעפעט די דינסט־מיידליך, און מיין שיר־השירים קול האָט זיך אויסגעמישט מיט זיינעם. און אויף מיר האָט עס דעם איינדרוק געמאַכט ווי צוזאַמען־געגאָסען קודש און חול...

נאָך א געוויסע' צייט, ווען איך בין אַהיים געקומען אין אונזער שטעדטיל אַריין בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז מאַצני־וואוויטיק האָט חתונה געהאַט, און איז געוואָרען א גאַנץ „אָרדענטליכער מענש", און געהט יעדען שבת דאַווענען אין די פּרמאַנישע חברה. איך האָב עס נישט גלייבען געוואָלט, ביז איך האָב נישט מיט מיינע איינענע אויגען געזעהען, פרייטאָג פאַר נאַכט, ווי מאַצני־וואויטיג, אַהיים טראָגענדיג היי פון מאַרק פאַר'ן פערד אויף שבת, האָט ער אין האַנד געהאַלטען ליכט פאַר'ן ווייב אויף שבת — אויף מיר האָט עס דעם איינדרוק געמאַכט ,ווי אונזער געסעל, דאָס קיילער געסעל, איז א „אָרדענטליכער מענש" געוואָרען, וויל זיך צופוצען צו די פּראַנט־גאַס און געהט שוין אויך שבת אין בית־המדרש אַריין דעם מגיד הערען...

— ערקענסט מיך, בעריל — פ־עג איך איהם?

ער האָט מיך אָנגעקוקט, און האָט מיך באַלד דערקענט, זאָגט ער:

— שלום, איך זאָל אזוי לעבען — האָסט דיך דאָך עפּעס פערשטעלט!

און ער האָט געגעבען צו מיר א שרעק אויס זיין האַנד — א

פלעצעל אייזען, און די פינגער, ווי צינגער אננעגליהטע אייזען, — דו ראמפעלסט היינט אויף די קאזאצקע פערד ארום, זאגט מען. לא קם! ברידער! וואלסט אזוי לעבען מיט מיר, פון מחות'ן האסט דו געשריבען א „שטיקעל" אין „בריעפען שטעלער" זאגט מען, דיין וואלף האט איהם ארייננענומען און איבערגעליינט האבען זיך איהם די בעבעכעס אין בויך מיט'ן קאפ קאפויר געשטעלט... היט דיך, נוטער ברידער, אז דו זאלסט נישט צווישען זיינע פינגערלעך אריינ־פאלען, ווען ניט טראגעלט ער דיר א באק אונטער און ביסט א „קרוש"!

— וואס זאל מען טהון! שמייכעל איך.

און מיר מיידען אויס פעלדער און סערער, מיר פאהרען דורך שטילע, רוהיגע דארפ'ים נאסען, וואו די הייסע זון האט די איינוואה־נער אין די געצעלטען ארייננעשלעפט, און פאר די טהירען נאר שפיעלען זיך קליינע קינדער אין זאמד און שטיינדלעך, אונזער ערשיינונג מאכט די ערשטע מינוט אויף זיי איין איינדרוק, בעוועגען זיך, מאכען מיט די הענדליך, שרייען אונז נאך, באלד דאך מיידען מיר זיי אויס, און מיר לאזען זיך ווייט אין וועג אריין...

ווי אלטע בעקאנטע הייבען מיר זיך אן אויסצושמועסען, פער־ציילען איינער דעם צווייטען, וואס און ווען עס איז מיט איהם, ער פערצעהלט מיר יעצט פון זיין יונגערן זוהן יצחקל.

— הערסט, אז דער עלטערער איז געבוירען געווארען, איך האב אנגעקוקט די „זמארטוויעניא" — האב איך מיך באלד אנגערי־פען צו מיין שווארצער נחה: נחה — דער „הוש" איז געראטען אין דיין משפחה אריין! ער וועט איבערבלייבען א מאצני־וואויטיק ביז אין טויט אריין.

איז געקומען צו שווימען דער צווייטער — דארפסט דו צו זעהען א בחור, ער עסט דיך אויף מיט די אויגען, אש, ברידער, פייער און פלאם, און וואס דו ווילסט! ווילסט.. א דייטשען בריעף, א לשון־קודש'ן, א פרשה־חומש, מיט רש"י אדער אפשר א שטיקל משלי — נעם די לייצעס אין די האנד אריין און דו פאהרסט ברודער, אפילו קיין דאנציג.

הערסט, קומט צו מיר צוגעהען דער וואָרקער מלמד, און זאגט צו מיר אזוי: מאצני־וואויטיק, דו ביסט א מאצני־וואויטיק, אבע־ א

יונגעל האָסט דו, וועט ער ברודער, וועלטען איינגעמען. זאָג איך צו איהם: אזוי איז גוט, נעמט איהם צו זיך. נעהט ער צום וואָרקער, הערסט דו — קומט ער אַ היים: און גיט מיך אַ רוף: פּאָטער, און מיין נחה'ן: מוטער, און געט מיר אַ קוש אין דער האַנד, און גיט נחה'ן אַ קוש אין דער האַנד אַריין, און זאָגט צו מיר „דער דאָזינער", הערסט, אזוי איז גוט: אַ בייזע נאַכט אויף דיין קאָפּ, זאָג איך צו איהם, „אַ דאָזיגער" איז נאָר אויף מיר געקומען. וואָס זאָגסט דו נישט צו דעם? פּאַטער רופט ער מיך שוין גאָר, דוד'ל, הערסט, דו רעדט ער צו מיר?.

דו דאַרפסט איהם צו הערען שבת לייענען ביי אונז אין ספר־תורה... וואָס זאָל איך דיר זאָגען, דו מיינסט ער איילט זיך עפּעס? ניין! הערסט דו, טריט ביי טריט נעהט ער זיך, ווי משה־גאַמבינערים פערד אויפ'ן נייעם שאַרלינער וועג, האָסט דיר קיין שטיינדעל נישט — אָט ברודער, ווי אַ טיש — עס נעהט זיך אזוי ווי די בייטש וואָלט צונעקנאַלט ראַז־דוואַ, ווי שאַרפּע פּאָרקאָוועס אויפ'ן געפ־וירענעם שניי אין אַ טבת נאַכט... זאָג איך דיר, איז געוואָרען אַ געקוק אַראָב פון די ווייבער שוהל, איז געוואָרען אַ געסוד'עריי — מאַצני־וואויטיק'ס'מאַצני וואויטיק'ס — איך האָב מורא נעהאַט, אַז מען זאָל איהם נישט אַן עין־הרע אָבשפּרעכען,— בין איך אַרויף געגאַנגען אויפ'ן בעלעמער, און האָב איהם אָנגענומען ביים קאָלנער: נעה! אַראָב, זאָג איך צו איהם, חאָליע דיך אַ נידער, און איך האָב שוין נענ'ג, זאָג איך, לאָז דיך די חלירע האַפּען!..

הערסט, קומט מען אַריין בריעף שרייבען, משה'לע אדעלים, מיט'ן קאָלנער, דער מיט די ברילען, „דער־דייטש"! קענער'ס זענען זיי אַלע, זאָגט ער נוט, וואָס זאָל איך שרייבען"? — זאָגט יענער, אַ „טיטעל בריעף" — רופט זיך אָן מיינער: אַ טיטעל ווייס איך אַליין צו שרייבען, אָבער דו זאָג מיר „דאָס לינג און לעבערי צוזאַמען? זאָגט יענער: „צו אַ מחותן". רופט זיך מיינער אָן: „נענונג!" און גיט זיך דיר אַ טינק אַיין די פעדער, און גיט זיך אַ מאַך, אַ דרייה אויפ'ן באַפּיר — מיט דער פעדער אויפ'ן פּאַפּיר, אזוי ווי אַ קאַרעטע מיט אַ פּאָר פערד וואָלטען זיך אויסגעדרעהט..

קומט צו פאָהרען צו אונז דער ליטווישער מגיד, הע, ער קען

דאָך יאָ! ליטוויקעס קענען דאָך עפּעס, זיי האַלטען נאָר נישט דעַ־פוּן... הערסטו, נעה איך פאַר נאַכט מ׳ט מיינעם אין בית־המדרש אַריין, קום איך אַריין, שטעהט דער מגיד און זאָגט אַ דרשה... נאָך מעריב, געה איך צו צום מגיד, אַז ער זאָל מיינעם פערהערען אין תנ״ך: זיי קענען דאָך עפּעס יאָ. דערלאַנגט דער מגיד אַ פרעג מ׳ינעם: נו, יונגעל קענסט עפּעס? — ענטפערט ער: איך קען גאָר נישט. דו הע׳רסט, „איך קען גאָר נישט״! — וואָס האָסט דו געלערענט? פ־עגט ער איהם. „משלי״ ענטפערט ער. גוט זאָגט ער, נעמט אַ ספר און גיט איהם אַמיש אויף פון סאַמע ראָדנע מיטען... זאָג — זאָגט ער — גיט, הערסט דו, מיינער זיך אַ נעם, היסט זיך אויס, שנייצט זיך די נאָז אויס — און גיט אַ קוק אַריין, — אַזש דער מאַרך ביין האָט זיך איהם נענעבען אַ שטעל אויף און הייבט אָן צו זאָגען... אַליץ הייסט געזאָגט! הערסטו, מיט׳ן נגון, ברודער, הויך, אָט אַזוי: ואני און איך — און ברודער — און העכער... אין בית־המדרש האָט עס געקנאַלט ווי מיט בייטשען, ווי אויף לאַווימשער יאָהר מאַ־ק — אָדער אַזוי ברודער, זאָג איך דיר — אַזוי — אַזוי ברודער, די חלירע האָט דיך גענומען אויפ׳ן אָרט — — —

(און בעריל האָט געגעבען אַ לאָז אַראָב די בייטש אויף די פערד, אַז זיי האָבען זיך אויף די הינטירשטע פיס געשטעלט).

איך האָב גור מורא, אַז עס זאָל זיך איהם נישט פערגלוסטען מיט דיר מיט צוחאַפּען זיך צו די „בריעפען־שטעלער״ קיין ווא־שע — מען האָט מיר שוין געזאָגט — היט דיך ברודער, וואָ־ים איך וועל דיר דעם מאַרך־ביין איבער האַקען...





# פונם רייזע־ביכעל.

## אויפצייכנונגען פון מ. י. ב.

---

I.

„גאמבעם“. — זי האָט זיך פאַר מיר פאַנאַנדער געוויינט, אז ס׳האָט געריסען דאָס הארץ, „גאָטוניו“, פאַר וואָס האָסט דו מיך אַזוי געשטראָפט? אודאי איז מען א בשר־ודם, זינדיגען זינדיגט דער מענש, אָבער האָב רחמנות אויף אַ נפש, פאַרוואָס ווילסט דו אויסגיבען אויף מיר דיין גאַנצען צאָרען! נעם די מיטער און לאָז דאָס קינד, גאַ דיר אַוועק דאָס לעבען מיינס, אָבער לאָז איהם זיין אַ יוד. ניין! היינטיגע יאָהרען איז נישטאָ קיין רבונו של עולם מעהר, די מענשען זענען לויטער רשעים און האָבען אַ הארץ, ווי אַשטיין, חאָטש רעד צו זיי און וויין, חאָטש לעג דיך אַנידער און פאַל צו די פיס. גאָר נישט, ווילען זיי אויך ניט הערען... יענעם גיעסט זיך דאָס בלוט און ער זיצט זיך קאַלט און עסט אָנבייסען. אין בית־המדרש איז מען אַ שיינער יוד און —טאָקעלט זיך ביים דאַווינען, יום כפור טוהט מען תשובה און מען בעט גאָט, קומט אין דרויסען—איז מען אַ ריינער גזלן... איך זאָג אייך, איך האָב שוין קיין כח ניט צו וויינען. וואו איהר ווילט, בין איך אויסגעוועין! מיך אַליין וואָלט איך מפקיר געווען, וואָס איז דאָס גאַנצע לעבען, משטיינס געיאָגט! אָבער איהם, מיין בלוט און פלייש, דאָס איינציגע, וואָס איך האָב.

וויפ׳על טרערען האָב איך אויף איהם פערגאָסען, איידער איך האָב איהם אויפגעצויגען, און איידער איך האָב דערלעבט איהם צו מאַכען צו אַ שטיקעל מענשען, ווענען מיר צעהן מאָל די אויגען אַרויס געקראָכען פונם קאָפּ, אַ סדרה פון צוואַנציג יאָהר, דאָס איז גלאַט געזאָגט, אָבער נעה צייל טאָג פאַר טאָג, וואָך פאַר וואָך, חדש פאַר חדש, יאָהר פאַר יאָהר און אַזוי כסדר".

„די הויט האָב איך פון מיר געצויגען און איהם מגדל געווען. איהר ווייסט היינטיגע יאהרען, מען מוטשעט זיך געניג אויפ׳ן שטיקעל ברויט און ווי עס קומט אָן שווער. געהאָראָ׳עט האָב איך ווי איין עזיל ביי טאָג און ביי נאַכט, פליקען פעדערן איז פליקען פעדערן, נייען איז נייען, געלאַטעט זעק, געמאַכט ביי יענע אַבדירגעס, אַ ניאַנקע געווען ביי פרעמדע קינדער, אפילו דעם ציבער ביי יענעם אַרויסגיסען, אבי איך זאָל האָבען פאַר איהם. איך אַליין וועל מיך בעגעהן די גאַנצע וואָך מיט טרוקען ברויט און וועל מיך קיינמאָל ניט קלאָגען. אַ אָרים־מענש, ווי איך בין. מאָמיר האָב איך ניט פאַרדיענט קיין בעסערס ביי גאָט; אָבער פאַר איהם מוז זיין דאָס ביסעל וואַרימס און דאָס שטיקעל פוטער און קוילטש. מיין זון איז מיר טייערער ווי הצק׳ל זיינער און ווי דאָס גרעסטע נגידיש־קינד. און אַז איינער וועט זאָגען, ער דאַרף עס ניט צו האָבען, וועל איך איהם די אויגען אויסקראַטצען".

„אַקליינקייט אמאַמע! בין איך דען געזעסען איין מינוט ליידיג און האָב מיר פערגינען אָב צו רוהען. אָבער האָב איך דען געוואָלט מען זאָל איהם איימיצער עפּעס שענקען, גאָר פרעמדע זאלען מיר געבען? אַ וויאָרסט האָב איך נעקענט געהן צו פּיס, אבי אַליין צו פערדינען דעם גראָשען אין גרעסטען רעגען, ווינטער האָב איך מיר אָב געפרוירען די נעגעל אויפ׳ן מארק".

„אַז מען האָט קיינעם ניט, עלענד ווי אַשטיין, ער, דער מאַן מיינער האָט מיך פאַרלאָזען. מיין הירשל איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד ביי דער בריסט — גאָט, דו ביסט איין עדות, דו קענסט מיינע שבתים און מיינע ימים טובים. ניינצעהן יאָהר זיין אַ ענונה, אויסגעוויינט האָב איך די נעכט. אַז ס׳ניט דאָ, ווען די ערד נעמט צו, איז עפּעס אַנדערש, אָן אמת פערגעסט מען, אָבער אַן אַ ל ע ב ע ד י ג ע ן אַז מען זיצט ביי דער נאַכט ביי דער אַרבייט אין מען הייבט זיך אָן צו דערמאָנען, איז אַ וועהטיג... אודאי האָב איך געטרובט איהם אויסצורייסען פונם האַרצען

און האָב מיר געזאָגט: לעב פֿאַר איהם, פֿאַר דאָס קינד, ער איז אייער ביידע ניט ווערט. גאָר ניט: האָט ער מיר געלאָזען און ער איז אַוועק, אפילו דאָס בעטגעוואַנד האָט ער מיך געדרינגען צו פֿערזעטצען... זאָל איך אויף איהם ריידען שלעכטס? ער איז פֿאָרט דער פֿאָטער פֿון מיין קינד און איז מיין מאַן, ווער ווייס וואו ער קען אַצונד זיין, צו ער לעבט. געזוכט האָב איך איהם געגוג און ס'מיר גמאָס געוואָרען זוכענדיג. אַנדערטהאַלב יאָהר זע:ען מיר געזעסען אין איינעם".

"מילא מען איז גענוג געשטראָפֿט אויף דער וועלט. וואָסשוע טוט גאָט? טאָמער האָב איך געהאַט אַמאָל אַ גוטע מינוט, לאָזט דער קהל מיר צו שרייבען נאָך אַ זוהן. עפּעס אַ טעות איז אַריינגעקומען אין דער מעטריקע. אַ פגירה אין זייערע ביינער מיט זייערע מעטריקעס. דערווייל מוז מיין קינד נאָך חס ושלום פֿערליערען די לינאָטע, איין אויג אין קאָפּ און אליך, וואָס איך האָב אויף דער וועלט. דאָס האַרץ צוגעהט מיר שיער פֿאַר ווייהטיג און פֿאַר כעס. האט איהר שוין אַזוינס געהערט, מען זאָל נעמען אַ מוטער און איהר צונעמען איהר קינד. מילא דעמאָלט! צו ניקאָליים צייטען זענען געווען פראָסטע ראַזבאָ:יקעס און אַ מען וויל זענען דאָס געווען גזרות קשות אויף יודען און מען האָט אויך נוזר תענית געווען און די מוטערס האָבען זייערע קינדער געקענט בע־האַלטען; היינט איז אבער אַליך פאפירען, פאַפּירען אַהין, פאפירען אַהער. קום איך צום סטאַנאָוואָי, הייסט ער מיר ברענגען פאַפּירען, וויל איך גערן אין די דומע, טרעבעוועט מען פֿאַפּירען און דאָס קאָסט געגוג. אויף מאַרקעס אַליין האָב איך שוין אויס געגעבען אַ עשירות, אָבער ווער פֿרעגט נאָך געלד! ביז דאָס העמד וועל איך מיך אויסטון, אַבי מיין זון צו בעפֿרייען, איך וויל מיך פֿאַרקויפֿען אויף דריי יאָהר. נעמט מיך צו אַ טויטע, אַ לעבדיגע, אַבי ניט מיר, ממזרים, צוריק אָב מיין זוהן".

"אַז זיי זאָגען אָבער, זיי זענען גאָר ניט שולדיג און שווערען זיך אָב דאָס געביין, זאָגען זאָגען זיי ס'איז עפּיס אַליין אַריינגעקומען—קומען זאָל אויף זיי המן'ס מפלה, גאָט דערבאַרימדיגער און האַרציגער, ס'האָט זיך פֿערשריעבען, פֿערשרייבען זאָל מען זיי אין בוך, רבונו של עולם! אָבער עס שטעהט דאָ־ט אַזוי און דאָ רופֿט מען מיין זוהן. האָט מען מיר געזאָגט, אַז צעהן יודען וועלען געהן שווערען, אַז איך האָב נור איין זוהן, אפשר וועט עס דאָבען אַפעולה. איך טראַכט אַצונד אַריבערפֿאָהרען אין אויעזד' אַריין צום מאַרשאַל, אַפילו צום קייסער אַליין וואָלט איך גע־

נאנגען, װאס הייסט? עפּיס איז שוין גאָר ניט דאָ קיין רחמנות אויף דער װעלט, עפּיס װעט מען מיר אװעק נעמען דאָס לעבען מיינס און נאָר יט״. (זי װיינט.)

„אָי גאָט, װאָס דאָסט דו געװאָלט פון מיר האָבען? שטעהט ביי דיר דען ניט געשריבען פון צער בעלי חיים. עס לױפען אַרום אין שטאָט אַזױ פיל יונגאַטשעס, כ׳װאָלט גראַד מיין זוהן קומען אין אונגליק אַריין? טאָמיר האָב איך מיר דערלעבט צו געבען אַטראַכט, אָט אָט װעט קומען די צייט איהם חתונה צו מאַכען, איך װייס, מען איז דאָך אַ מענש — מיז דער רוח אָן טראָגען די אוס־אַיוע מיט איהרע מעט־יקעס, עס זאָל זיי מעט־ריקען אין האַרץ און אין די אויגען און װאו זיי װעלען זיך קעהרען און װענדען, אַז דער נהינם איז גאָר קאַרג פאַר אַזױנע. בין איך דען אַזאַ רשעת, איך זאָל רעדען אויף מענשען שלעכטס, אָבער איך זאָג אייך דער גלות און אַלץ, װאָס יודען האָבען אויסצושטעהען איז אַלץ איבער זיי, אין זייער בלוט װאָלט איך מיך ניט געקענט קיהלען, אָט די הולטייעס און ימחשמוניקעס״.

„מילאָ אַז מ׳נעמט איהם, נעמט מיך אויך, נעמט אַמעסער און קוילעט אונז ביידע און לאָז זיין אַ עק, איך זאָג אייך, רב יוסיל, איך װעד שיעור משונע, טראַכטענדיג, איך שלאָף ניט דורך די נעכט און אַז איך נעה ניט אַראָב פונם זונן איז דאָס אַ נס״.

„װאָשזע װאָלט איך געװאָלט פון אייך בעטען, פאָהרט מיט מיר אַריבער קיין אוהמען; פאַר געלד װאָלט איך קיינמאָל ניט אָנגעקומען צו אַמענטשען, אָבער איהר האָט ליעב מצוות, אַזוי קענט איהר אייך צעהן מאָל קויפען עולם הבא און דערלייזען אַמוטער. איטליכעס אבר װעל איך אייך אויסקישען, איך האָב געניג קוראַזש און בין גרייט צו אַלעם, אָבער איהר זענט פאָרט אַמאַנסביל, נעהמט אייך אָן אין אַ אַלמנה חיה, רב יוסיל״!

די טרערען גיסען זיך פון איהר.

---

II.

די קליינע השגה. — „טויזענד יאָהר זאָלט איהר לעבען, נאָט זאָל אייך העלפען װאהין איהר װעט אייך קעהרען און װענדען, איהר זאָלט האָבען נחת אין אַלע אייערע קינדער און קינדס קינדער און

איהר זאָלט אייך אָלטערין אין עושר און אין כבוד און זאָלט האָבען גרויס הצלחה. איך וויים גאָר ניט, מיט וואָס איך זאָל אייך דאנקען פאַר דעם, וואָס איהר האָט מיר געהאָלפען, איהר האָט גענעהמען פשוט אַמענשען אין האָט איהם דערלייזט מיט ווייב און קינדער. נאָט האָט אייך צו געשיקט צו דער צייט און אז ער וויל געפינט ער שוין זיינע מענשען. איך האָב געמיינט, די וועלט איז אויף מיר געפאַלען. האָט איהר דען אַ השגה, ווי אַזוי איך האָב געבידעוועט? עפּיס אַקליינינקייט צו זיצען צווייַ יאָהר אָהן פרנסה מיט פיר קינדער. אויפגעגעסען האָבען מיר זיך, איך און מיין ווייב. אז מען וויל בין איך געווען גערעכט, מען קען זיך דאָך ניט נעהמען און זיך געהן צו שניידען, אז ס'ניטדאָ פון וואנען; און אז מען וויל איז זי געווען גערעכט. מילא, איך בין אַמאַנסביל און געה אַרום אין גאַס און פערגעס זיך, זי זיצט שטענדיג אין דער שטוב און זעהט צו דעם דלות. — און שכר למוד צאָהלען, ווי האָב איך דאָס געקאָנט, מ'זאָל ניט זינדיגען מיט די רייד, קיין גאַנץ העמד אויפ'ן לייב. אז איהר וואָלט ניט דעמאָלט געווען מיר נעגעבען די שטעל פאַר צעהן גילדען די וואָך ביי אייך אין דער טאַקסע, וויים איך אליין ניט ווי איך וואָלט געווען אצינד אָנגעשטאַרט, ס'איז מיר אויסגעקומען נעהמען די טאָרבעס און געהן אין די הייזער, איך און מיין ווייב. וויל איך דען אייך זאָגען אַחניפה, אָבער איהר האָט מיך אויפגעהויבען פון דער ערד ביז אין הימעל אריין, אז איהר האָט מיך געשיקט רופען און האָט צו מיר געזאָגט: „בעריל, אז דו ווילסט, ווער אַ נאָמן ביי מיר אין דער טאַקסע, אז איך וויל! דערקוויקט האָט איהר מיך און האָט אין מיר בשעת מעשה אריינגעזעצט אַ נייע נשמה.

„געוודאי, עס איך מיר אָב דאָס האַרץ מיט אונזערע קצבים, און איך האָב געגנוג פון זיי אויסצושטעהן די וואָך, אַסדרה גנבים און קענען אַמענשען אומברענגען. דערפאַר אָבער אז ס'קומט פרייטיג, וויים איך, אז איך האָב מיר מיינס און עס מיר דעם שבת במנוחה, און אַשטיקעל פיש אויך מיט וויין אויף קידוש און וועמען האָב איך עס צו פאַרדאַנקען? אייך רב שלמהן, יאָ, פריהער גאָט און נאָכדעם איהר האָט מיך ווידער אויפגעריכט. איך וויים עס און פיהל עס, וואָס איהר האָט מיר געטון, דאָס וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסען און אז איך וועל אפילו ליגען אויסגעשטרעקט אויף דער ערד און

מ׳וועט מיך בעוויינען וועל איך אלץ טראכטען, וואָס אידר, רב שלמה, זייט מיר געוועזן״.

„איהר ווייסט, איך שפּאָר ניט מיט׳ן געזונד. שוין אז ס׳הייבט אָן טאָגען, לויף איך אין די יאַטקעס און הייב אָן צו ווענען דאָס פלייש און לאָז מיך מבוזה אין מבוזה זיין, איידער ס׳זאָל איבערגעהן אייערס. די פינגער וואָלט איך געקענט מיר אָב האַקען פאַר אייער אַגראָשען. ביי נאַכט, אז איך ליעג שוין אויסגעשטון, טראַכט איך אלץ, ווי היט מען אָב אייערס, די שוחטים זענען אייך כלומפרשט גוטע פריינד און וואָס זיי ווינשען אייך הינטער אייער פּלייצע, מעג זיי געשעהן. דער רב האַלט זיך ניט מיט אייך, ווי עס בעדאַרף צו זיין, און אין דער שטאָדט זענען זיי אייך אַלע דם שונאים פאַר וואָס איהר האָט נאַכאַוועט אַגראָשען אויף אהוין און אַקאָפּעקע אויף אַגאַנז צי אויף אַ פינט פלייש. אין די אָרימילייט, זאָגען זיי, קענען שוין גאָר קיין פלייש ניט עסען, ס׳גאָר ניט צוצוקומען. יאַ, געה זיי יוצא פאַר אונזערע אָהרימיווער, אז זיי קענען גאָר האָבען טענות, פאָר וואָס איהר ניט זיי ניט אַרויס דאָס געלד פון דער סמעטי. אויף דער באָד צו אויס׳ן בית המדרש, צו געהמען זענען זיי בעלנים און אז עס קומט צו געבען, טראַכטען זיי אויף אייך אויס כל עונות ופשעים שבעולם. איך שווער אייך, איך האָב אליין געהערט, אז איינער האָט געזאָגט, פרעגט מיך ניט ווער, אז איהר האָט ליעב די שנור. אזא שנעון!״.

„זאָל איך מיך געהן קריענגען מיט איטליכען בעזונדער אין יענעם פערשטאָפּען דאָס מויל! מילא אז דו רעדסט, רעד און ווער דערוואָרגען, אָבער האַרען האַרט׳ס מיך; און אז איך הער, אז מ׳רערט אויף אייך ניפ׳ס מיר אַשטאָך אין האַרצען. אָבער טראַכטען טראַכט איך מיר: איטליכער מענש, וואָס גאָט האָט איהם געהאָלפען, האָט שונאים אין עס מוז אפּנים אזוי זיין. אפילו איך בין דאָך אוודאי ניט קיין עושר. אָבער זייט דעם איך בין געקומען, דורך אייך, אויף אשטיקעל לאַר, האָב איך אויך שונאים, וואָס גינען מיר ניט דעם ביסען ברויט אין מויל און אז זיי וועלען מיט אייך רעדען, ווער ווייס וואָס זיי קענען אויף מיר אויסטראַכטען, אויף בייזע צונגען איז אַ קשיה. איך זאָג אייך, רב שלמה, איידער זיך אַלעם נעהמען צום האַרצען אָדער גאָר חערען אין כעס און זיך אָב עסען די לונג אויף איטליכעם, צו גאָר געהן

זיך אַריינלאָזען מיט יעדעם, איז שוין בעסער, מ'לעגט אַ־יין די האַנד אין ביעזעם און מ'שטעלט דאָרט זיי אלע אָפּ־ין... האָב זיי אַשוואַרץ יאָהר מיט זייערע מיילער אין וואָס זיי מ'שעפּען זיך אָן צו איינעם און הערען נאָר ניט אויף. און אז איך וויל, הער איך אָט די אַלע רייד, ווי דעם פּאַ־אַ־אָהריגען שניי. דער עיקר איז, אַז דער מענש טוט זיך זיינס און האָט זיך זיינס. איך שעץ זיך גליקליך און ווייס ניט, מיט וואָס דעם רבונו של עולם אָב צו לויבען, אז איך בין געוואָ־ען אייערס אמענש און קען אייך פאַר אבעל הבית און איך האָב מיר לעבען אייך מיין היונה. אין עס פאַלט אויף מיר איין פּחד, אז איך הער אז אָליקים געצילם וויל אייך אויס דינגען די טאַקסע, בעסער זאָל ער זיך צערברעכען די הענד און די פּיס. דער הונד עפּיס געהמט ער זיך אָן דער שטאָטדס קריוודע. געכטען זיטץ איך אין קלויז. הער איך ווי איינער זאָגט צום צווייטען. לשון הרע וויל איך, אפּילו, ניט ריידען, אז איהר האָט אוועקגענעמען אייערען יונגערען בריעדער די ירושה און האָט זיך ניט געוואָלט סטאַ־ען, אז ער זאָל ניט געהן דיענען, ווייס איך, נעכטינער טאָג! ווי איהר זעהט אויס אין מיינע אויגען, זאָל איך האָבען אזא יאָהר".

„מיינט איהר, אז איך האָב חס ושלום עפּיס קענען אייך. פאַרוואָס איהר האָט מיר ניט געוואָלט מוסיף זיין אַ האַלבען גילדען אוואָך, אז ס'איז געווען אָבגעלאָפּען דאָס ערשטע יאָהר, אז איך בין ביי אייך. נ־וודאי, וואָלט מיר דער האַלבער גילדען נוט צוניטץ געקומען, עס ווערד אלעמאָל אלס טייערער און טייערער, אָבער איך זאָג מיר, אז ווען ניט איהר וואָלט איך דאָך גאָר ניט געהאַט. און שטילערהייט זאָג איך מיר: נישקשה, רב שלמה האָט אַ גוט האַרץ, און אַז ער וויל איז ביי איהם אַהאַלבער גילדען אַ שפּיי און ווען איך האָב נאָך פאָרט ניט די הוספה, איז אוודאי נאָך ניט געקומען די צייט דערצו. איך פּ־עג אייך וואָס בין איך און ווער בין איך, איך זאָל חס ושלום זיין אַמהרהר אחרי מדתכם! קענט איר מיך תמיד אין זינען האָבען ביי אייערע עסקים, קיין עין הרע? און אין פלוג וויל איך גאָר ניט מעהר פון אייך, איך וויל נור, אַז איהר זאָלט אייביג לעבען און איך זאָל זיין ביי אייך און אייך זיין געטריי. צו וואָס דען בין איך דאָ? און צו וואָס דען האָט מיך גאָט באשאַפען? דער תענוג ביי אייך צו זיטצען שבת צו נאכט און צו טרינקען אייערס אַ גלאָז טהיי

פֿון סאמיזואר. רב שלמה, שיקט מיך אין פֿייער אריין, וואוהין איהר ווילט, איך בין גרייט צו אַלעמען, אבי צו טון אייער רצון.

---

### III.

שדכנים. — „דער גוטער יאָהר זאָל אייך קענען! וואו האָט איהר אייך ארומגעטריעבען ביז אַהער. אויסגעזוכט האָב איך אייך, וואו איהר ווילט אַליין, ביי חיימין און ביי יענקלין און ביי ברלין און ביי איציק'ן. די פֿיס בין איך מיר אָבגעגאנגען און מיין רב נחמן איז ניט דאָ. האָטש עק זיך. איך פֿרעג אייך, איזר אין אייערע יאָהרען, וואָס האַלט איהר ניט אויס דער היים. איהר טראַכט אוראי: וואָס האָב איך דען פֿארלאָרען, אַז איך בין ניט געווען אין דערהיים. און איהר טראַכט נאָר ניט מאָמער זענען שוין יונה'ס מחותנים געקומען נאָך היינט אין דער פֿריה. שטעהן שטעהן זיי אין ביי ראובן פעסים. וואָס קוקט איהר מיך אָן? איהר האָט היינט גענעהמען אקאפּיטשקעלע. צו זיך און פֿארביסען מיט אגלעזיל בראָנפֿען. יאָ מאַכט זיך אַהאָרל, דאַכט זיך ס'האַלט ביי קאנטשען און ס'נאָך דאָ געגוג צו טון... אַ מאָגן האָב איך, ניט אמאָל אָנבייסען האָב איך צייט געהאַט צו עסען, וואָס געדעט מיר אין זינן? וויל איך לויפֿען צו די מחותנים און דאָרט געבען אַ טאָפּ, טראַכט איך מיר, דו קענסט זיי דאָך גאָר ניט, און מאָמיר פֿארפֿאַלעפסט דו זיך נאָך... אודאי שרייב איך די בריווליך, אָבער דער געדאַנק איז אייערער ווי תמיד. און דאָ קענט איהר די זאַך אַרום און אַרום פֿון איניווייניג און פֿון אויסענווייניג און איהר הייסט שוין ווי אָנצוהייבען און ווי אויפֿצוהערען. מאַך איך זיך מיך אַ שפּרינג צו יונה'ן, זיין איך דאָ אפשר אַ פֿירטעל שעה און ער זיצט אין דער הינטערשטער שטיב, איך זעה ווי אויף שפילקעס און וואַרט שוין, אַז ער זאָל אריינקומען ווי מען וואַרט אַף משיחן. מיין יונה קומט אריין און זאָגט: אַ, בן־ציון, דו ביסט עס, איך זאָג איהם, רב יונה, ווי הייסט, איהר ווייסט נאָר ניט—זיי זענען דאָך שוין דאָ, ער, געצויגען אזוי:—אַ כלל... דער מענש איז ווי איבער געביטען, נאָר ניט צו דערקענען, ערסט יענע וואָך איז ער אויסגעגאנגען נאָכ'ן שידוך, אַצינד אַז די מחותנים זענען שוין דאָ, מאַכט ער מיט מיר פאני פעריל און רעד געצעהלטע ווערטער. קומט אויפֿ'ן וועג וועל איך אייך שוין

אַלעס דערצעהלען. דאָס האָריך האָב איך מיר מיט איהם אָבגערעדט און ער בלייבט ביי זיינס. זאָג איך צו איהם: איהר זאָגט דאָך נאַניץ אַנדרש, ווי איהר האָט ערסט אייערנעכטען צו מיר געזאָגט, זאָגט ער צו מיר: דו ווילסט מיר אַנרעדען אַקינד אין בויך? טענה איך: סטייטש, איהר האָט מיר דאָך בפירוש געזאָגט. איך זאָל יענעם אַזוי און אַזוי שרייבען; זאָגט ער: נחמנ'ן האָב איך אָבער גאָר להפך געזאָגט און איהם האָב איך געזאָגט דעם אמת. וואו איז נחמן? נחמן האָט מיך אַריינגענאַרט אין אַזאַק אריין און אַצונד בעהאַלט ער זיך. אַז נחמן וועט קומען, וועט ער פון מיר שוין האָבען. איך קען נחמנ'ן און ניט דיך. פערשטעהסט דו, אָבער נחמן האָט קיין העזה ניט זיך צו ווייזען. איך זעה אַז ער וויל הערען אין כעס, וואָרום אַזוי איז איהם אויס געקומען. איך אבער ווער ניט בטל, רוק־צו דאָס ביינקעל און זאָג: יונה לעב, זאָגט אַליין, האָט איך זיך גוט אַרום און דער־פרעגט און ס'איז אייך און אַלעמען געפעלען. געפעלען אַהין, אַהער, ת"ק קערבליך ניט ער און ניט מעהר אַ גראָשען, חאָטש שטאַרב און אַז איהר ווילט מאַכט ער זיך גאָר ניט פון גאַנצען שידוך: מיט מיין מיידיל האָב איך קיין דאַגה ניט... זאָגט ער. אָבער, נולן איינער שריי איך, די מחותנים זענען שוין דאָ און זיטצען אויף דער סטאַנציע און איהר מאַכט עסקים. אַזוי, זאָגט ער, מעך סטראַשיט איהר מיט דעם. אַז איך וויל, ווער האָט זיי געבעטען קומען, מיינעטוועגען קענען זיי צוריק אַהיים פאָהרען, זיי זאָלען מיר געזונד און שטאַרק זיין. הויב איך אָן הייעדער מיט גיטען: יונה האָט דאָך שכל, ס'דאָך דער בעסטער שידוך פאַר אייך און איהר מענט אייך שעטצען גליקליך, אַז אַזוינס האָט זיך צו אייך אָנגעשלאָגען. איונגי'ל אַנאַנטיק, נאָט זאָל לייט וועלין אייך מקנא זיין פאַר איהם אין די משפחה — נאָך האָב דערווייל פערגעסען, אַז יונהס טאַטע איז אַ'שטאַרקער פראָסטאַק), צו זיין אַ אייניקעל פון משולם זיסא ראָחמיסטראָווקער נעהט אייך ניט צו פּים... ווערט ער אויף דער אמת'ן אין כעס; וואָס בין איך עפּיס פון הינטערען אוווען? ביי מיר איז אייער גאַנצער יחוס ווערט אַשמעק טאַבעק. שיעור איז מיר געלעגען אויף דער צינג: אַי, פע! ווארין אין דער אמת'ן — נעמט ער מעך אָן ביים לאַפּ און זאָגט מיר: בן ציון סרצי, ס'פּיסטע זאַכען. ת"ק קערבליך גיב איך גרן, אַז איהר ווילט קענט איהר אַריבער געהן אַהין און זיי דאָס

זאָגען, זאָג איך: וואָס וועלען זיי זאָגען, אַז ער האָט גערעדט שטענדיג פֿון אַכט הונדערטער, זאָגט ער: גערעדט איז עפּיס אַנדערש און צו־זאָגען איז עפּיס אַנדערס און געבען איז ווידער עפּיס אַנדערש... זאָג איך: וואָשזשע שאַט אייך, אַז איהר וועט צוזאָגען מעהר. שיסט ער אויס אַגלעכטער און לאַכט נאָך, און איך זיטץ און ס'פּאַלט פֿון מיר שטיקער פֿליישׁ.

„אקצור, די מחותנים זיצען דערוויילע אויף דער סטאַנציע און וואַרטען. ס'שוין געווען פֿון דאָרט אַמשרת'ל זאָגען, אַז זיי ווילען זיך נאָר איבערטון און זיך אַביסעל אויסרוהען, וועט זעגען געפֿאָהרען די גאַנצע נאַכט. קליינשטעדילינג! האָבען קיין שכל ניט צו דינגען אבריטשקע און קימען צו פֿאָהרען ווי מענשען, מוזען זיי קומען אין אַפּראָסטע פֿוהר מיט גוישע פֿערד, איהר קענט יונה'ן, ביי איהם איז האַנער! אַז יענע אָבער וואָלטען געשפּיעלט דעם נגיד און געקומען מיט'ן קנאַק און גענעהמען פֿערד פֿון דער פּאָטשט און דער אָנטרייבער ניט קיין פּראָסטער גוי נאָר אין אַבאַשליק, וואָלט ער קיין צוויי ווערטער ניט גערעדט. וואָס מיך האַרט, איסט דאס דיינע עקשנות. אַז סך הכל וועט ער אפשר אין איאָהר ארום איילייגען ריש און אויף דאָס איבעריגע אחתימה'לע, וואָס איז ניט ווערט קיין צוויי גראָשען, גלאַט אַזוי נעהמען אַמענשען און איהם אַרוים ציהען די קישקעס. דעם טאַטענס ירושה לייגט ער צו, אַז ער זאָגט צו"...

„וואָרט, אחוץ דעם איז נאָך דאָ אַקליינער צונאָב... אַז דאָס משרת'ל פֿון ראובנן איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זיך יונה אויפגעהויבען און געטון אַזאָג: וואו איז אסתר'ל? פֿאַר וואָס טוט זיך אסתר'ל ניט אָן? פֿאַר וואָס ווייזט זי זיך ניט? שטעלט זיך אַרוים, אַז די כלה האָט זיך פֿאַרקילט. טוט איהר וועה דער קאָפּ. שיינע מעשיות! מיר קענען דאָס, וויל ניט געהן אין חדר אריין. איי טאַמיר אויף דער אמת'ן,—וואָס האָט זי נעכטען קיין צייט ניט געהאַט דערצו. מוז איהר פּונקט היינט אויסקומען, ווי אַ אביידענעש. יונה שרייט און איז גערעכט: בתיה, וואָס איז ביי דיר פֿאַר מאָדעס? בתיה קומט אריין, דאָס טשיפּיקעל שטעהט איהר אויפ'ן האַלבען קאָפּ, און איז אויסער זיך: דער לעקיך איז גאָך ניט פֿאַרטיג, — אַזוי, זאָג איך מיר, מען האַלט שוין ביים לעקיך, דאָס איז גאָר אַנאַנדער לשון... בתיה אָבער טענה'ט איהרס: דאָס איז נאָך ניט צונעגרייט. יענעם איז נאָך ניט דאָ. נאַט

איך אשטאָרט פאקיטיליוזא ; ניט אמאל פרישע בילקים איז ניט דאָ צו קרינען ביי דער בעקערקע, פאַר הינער מוז איך צאָהלען אין טאָג אריין, מיילא צאָהלען—צאָהלען, זאָל חאָטש, זיין רעכטע, און פיש ? נאָך פיש האָט מען געמוזט אוועקשיקען אנאַראטשנע קיין אָקסאנענע, אָהן פיש שרייבט זי ניט קיין תנאים... יונה רופט זי אוועק אויף א ווייט און הייבט אָן צו טענה׳ן וועגען אסתר׳ן : וואו איז אסתר ? וואָס מאכט די פאַר הויות ? זי מורמאָלט עפּיס, וואָס איך פערשטעה ניט. איך הער איהם : זענען ביי דיר קינדער, אז זיי האָבען ווייער קאָפּ, זי געהן גאָר אין זייערע אייגענע דרכים... קום איך צו און וויל מיך אָנהייבען אריינ־צומישען, ניט יונה ארוף: אוואו איז נחמן ! נחמנען וואָלט מען אַצינד בעדאַרפט צו האָבען, און זי בתיה אויך : נחמן איז אבריה אין אַזעלכע זאכען... דער שמש קומט, און מען הייבט אָן איהם אויסצורעכענען, א יונגעל קומט און שלעפט אלאַנגע באנק, א נעשריי א געפילדער, אלץ וואו איז נחמן ? אין איך שטעה דאָ ווי אליימנער נולם. עפּינט זיך אויף די טיהר און עס קומט אריין דער פעטער זרח מיט דער ברייטער באָרד : „וואָס שרייעט איהר ? קומט און זעצען מיר אונז צום טיש״. ער הייבט אָן טרייבען לצנות : האָט דער חתן האָטש אנאַנצע נאָז, אויף נחמנ׳ן איז אקשה. אוואו איז דען דער ליבעניך ? טאמיר איז נאָר פון יענעם צד אויך אמיידעל ? ניט אָהער דערוויל צוביסעליך בראָנפען, וועלען מיר טרינקען לחיים. יונה חורית אלץ איבער : וואו איז נחמן, די יונה׳טע נעט ווידער אריין און זאָגט : יונה, האָסט דו געשיקט נאָך נחמנען ? נחמן, נחמן, נחמן און מיך אמפערט מען איבער... האָב איך מיך ארויס געחאפּט און בין זיך נעגאַנגען לעת עתה זוכען.

„בדיעבד וואָלט איך געוואָלט וויסען רב נחמן, איז דאָרט צווישען יענע מחותנים אויך ניט דאָ אזוי אמין פייגעל, טאָמיר הייבען זיי אָן זייערס. זיי ווילען, דאַכט זיך, געבען שוין אויף הינדערטער מתנות. אז ער אָבער ניט וועניגער, וועלען זיי אייך אלע געבען וויינינער. גע־שריעבען האָב איך זיי אין לעצטען בריוועל פון צוויי : הרבני הנגיד מו״ה יונה און הרבני הנגיד אציקלאָץ, זאָל זיין לכל הפחות פון צוויי מינים, ווילען זיי דוקא יונה׳ן, מוזען זיי דאָך נאָכגעבען און זיך ניט נאריש מאכען. און דעם חתן קענט איהר ? מען זאָגט ער איז אתמאַוואָטער. איהר ווייסט, די כלה איז אהיינטיגע... טראָגט ער האָטש א געפרעסטען

קאַלנער? עס וואָלט דאָך געווען גלייכער איהר זאָלט אַריבערגעהן אַהין צו יונה'ן — איך לויף אַריבער צום רב און וויל איהם געבען אַזיינק, ער זאָל דער ווייל אַריבער געהן צו די מחותנים, אַביסעל שמועסען... אַדרייערעל וועט ער סיי ווי סיי נעמען צי צווייי, קאַלי וועט ער ניט מאַכען".

„יאָ, היינטיגע יאָהרען קומטס גענוג שווער אָן, איידער מען פיהרט צוויי צונויף אין איינעם. דער נאָך מוז מען זיי ווידער אָנהייבען אויסגלייכען און ווידער ריידען און מיט די מיידליך האָט מען אויך צרות און אייידער מען דער דערלעבט צו זעהן דאָס מזומן צעהנרעל האָט מען גענוג שפיכת־דמים.

„מען זאָגט, אַז שדכנות איז אַזאַ מסחר, וואָס מען לעגט אין דעם ניט אַריין, אָבער דאָס געזונד לעגט מען אין דעם אַריין".

---



* *
*

א שנעע אין דער פריה איז געפאַלען
אַזוי רוהיג און ליכטיג
און קלאָר־ווײַס און ציכטיג ,
ווי קינדערשע אונשולד אַליין .

דאַן זענען געקומען די שטראַהלען
קאָקעטירט און אומאַרעמט
דעם שנעע, און צעוואַרעמט —
דער שנעע האָט גענומען צעגעהן .

בעוויזען זיך איינציגווײַז האָבען
די בלאָטיגע פלעקען ,
דער שמוץ , וואָס געווען איז בעגראָבען ,
דער שנעע האָט גענומען פערמעקען...

געבליבען נאָר גאַנץ
איז דער פראָסטיגער גלאַנץ
פונ׳ם שנעע, וואו עס האָט איהם
דער וואַרם־געפעהרליכער אָטהעם
פון זונן, ניט דערגרייכט צו בעריהרען
און קוסענדיג צו רואינירען...

— — — — — — — — — — — —

פערבליבען דער שנעע דאָרט איז אונשולדיג־ווײַס
און ציכטיג—דאָך קאַלט און פערפרוירען אויף אײַז...
יהואָש .



# אהן איין גאַם.

(עסקיז.)

אין דער היים, ביי איהרע אָרימע עלטערן, אינ'ם קליין שטעדטיל איז ביילקען געוועזען ענג. ענג פון דער אָרימקייט און נאָך מעהר פון דער שווערער דיסציפלין, וואָס האָט אין ענגען שטיביל געהערשט. דער שלימסולדינער נידריגער, שוואַכער טאַטע, וואָס האָט אויפ'ן גאַס אַ וואָרט ניט געקענט רעדען, האָט אין שטוב געקאָמאַנדעוועט ווי אַ גענעראַל, געלערענט, ווי צו שטעהן, ווי צו זיצען און ווי צו עסען, אויב עס איז נאָר געווען וואָס צו עסען. ניט געגעבען קיין ערלויבניש ארויס צו געהען אויף דער גאס, סיידען ער האָט געפינען אַז דער גאַנג איז אַ נויטיגער. די מאַמע האָט סתם געשאָלטען, אמאָל ביילקען, אמאָל אין דער וועלט אריין, מיט די קלענערע ברידער און שוועסטער האָט ביילקע, חאָטש זי איז געוועזען זעהר אַ גוטע, זיך שטענדיג געריסען, געקריעגט, ניט וויסענדיג אליין פאַר וואָס און פאַר ווען...

דערפאַר אָבער, אַז זי האָט זיך צו 18 יאָהר, אויסלערענדיג זיך בגנבה פון טאַטען אביסיל רוסיש און נאָך עפּיס, ארויסגעריסען פון דער היים אין דער גרויסער שטאָדט אריין, האָט זי זיך דערפיהלט ווי ניי געבאָרען. זי האָט געאַטהעמט פריי די שטויביגע לופט פון דער שטאָדט און איהר האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז ווי אויף אַ פוד גרינגער געוואָרען.

איין אוננליק נאָר — די אָרימקייט. די אָרימקייט, די נגער האָט זי אָהער, אין דער גרויסער שטאָדט, פון איהר היים פערשלעפט. און זי קען פון איהר נישט פטור ווערען.

די ערשטע צייט האָט זי אין קרעמיל, וואָס געפינט זיך אין דער עלבע ־גאַס פון איהר וואהנונג, געהאָט אַ ביסעל קרעדיט. אויף וואָס זעהענדיג האָט איהר די קרעמערין געבאָרגט, ווייס זי אליין ניט. מסתמא ווייס דאָך די קרעמערין וואס זי טהוט! עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען, אז די קרעמערין האָט טאַקי ניט געוואוסט וואָס זי טהוט, ווייל ביילקע האָט אָנגעבאָרגט ביז 10 גילדען מיט ברויט, בייגעל און צוקער מיט טהיי,

און האָט אויפגעהערט אריין צו קומען, זי פלענט אפילו ווייכען שוין די קראָם. דאָס האָט שוין טאַקי דער קרעמערין פערדראָסען. וואָס ווייכסטו נאָך, שארלאטאנקע, דו ? האָסט ניט : ווייז זיך האָטש מיט א מזומנער קאפיקע, נישקשה! מיט אַמוּמענער קאָפּיקע נעהט זי צו דער צווייטער קרעמערין אויף דער אַנדער זייט טראטואר...

נאָר די קרעמערין האָט איינגעשליך אומזיסט חושד געווען דער עהרליכער ביילקען. אמת, געקויפט האָט זי טאַקי ביי דער צווייטער קרעמערין, אויף דעם צווייטען טראָטואר, אָבער ניט פאַר מזומן. וואו זאָל ביילקע נעמען מזומן, אַז זי האָט ניט, אַז די נ ג ע, די אָרימקייט האָט זי פון דער היים נאָך פערשלעפט און זי קען פון איהר ניט פטור ווערען...

די צווייטע קרעמערין האָט אָבער אויך גצהאַט דעם זעלבינגען פסק. ביילקע, פון דער נאַטור אַ שוואַכע, האָט אָנבאָרגענדיג נאָר ביז זיעבען גילדען, ניט געהאַט מעהר קיין העזה צו קומען נאָך צו באָרגען, איהר האָט זיך עפּיס געדאַכט, אַז די קרעמערין קרימט זיך די לעצטע צייט אויף איהר. און אפשר האָט זיך איהר ניט געדאַכט, אפשר האָט זי זיך טאַקי געקרימט ?

נאָר פון דעסט וועגען איז נאָר נאָט ניט געשטאָרבען, ביילקע קען זיך דערווייל בעגעהן אָהן די צוויי קראמען. אויבען אַרויף־צו זענען דאָ נאָך קראָמען. מילא געהט זי אַרויף־צו, איז אַביסעל ווייטער. וואָס, וועט זי זשאַלעווען די שיך ? און אַז זי דאַרף געהן אין א צווייטע, צו אַ דריטער גאַס צום לעהרער, וואָס ניעבט איהר אומזיסט אנ'אוראָק, און פּריגאָטאווע איהר צו אַ פּיער קלאַסיגען ענמזאען, געהט זי אויך אַרויף־צו און פון דאָרטען שניידען זיך נאָך צוויי גאַסען איינע רעכטס און איינע לינקס און פון די צוויי גאַסען קען זי שוין אַרויס קומען וואהין זי וויל...

אַז עס איז איבערגעגאנגען אַ קורצע צייט, און אין קרעמעל, וואָס האָט זיך געפינען אויבען, אַרויף־צו. האָט זי אָנגענומען ביז פינף גילדען איז איהר נאַנצער מוטה פערשוואונדען. אין קרעמעל, וואָס געפינט זיך אויפ'ן צווייטען טראטואר, דורך וועלכען זי קען נאָך ווי עס איז דורכלויפען, אַז די קרעמערין פון קעגען־איבער זאָל זי ניט בעמערקען, טאָר זי ניט נעמען. דיעזער טראטואר איז איהר איינציגער וועג, וואָס פיהרט זי אַרויס צום לעהרער און צו אַ פּאָר חבר'טעס, וואָס וואהנען אין אַנדערע גאַסען. דעם טראַטואַר מוז זי היטען ווי דאָס אויג אין קאָפּ...

און ביילקע האט געהונגערט און זיך געהיט צו בלייבען א כשרה חאַטש אויף דעם איינציגען טראַטואַר. ביילקע איז אבער צו שוואַך געווען לאַנג זיך צו ראַנגלען מיט זיך. זי איז דאָך איינגענטליך נאָר 19 יאָהר אַלט, מען קען זי דערין ניט בעשולדיגען; און אַ פינסטערען ווינטער אָבענד, געהענדיג פון לעהרער אַהיים אַ הונגעריגע, האָט זי זיך פערגעסען און האָט געבאָרגט אין דער קרעמיל פון איהר איינציגען איבער געבליעבענעם טראַטואַר, צוויי קוכען.

אויף מאָרגען, פערביינעהענדיג דאָס קרעמיל, האָט זי מעהר קיין מוטה ניט געהאַט אריין צו געהן נאָך עפּיס בארגען, חאַטש זי איז הונגעריג געווען, זעהר הונגעריג. און אויף איבערמאָרגען האָט זי שוין זיך אפילו געשעמט פערביי צו געהען אויך די קראָם פון איהר איינציגען איבער געבליעבענעם טראַטואַר. זי איז געבליעבען אָהן איין גאַס...

און זיצענדיג אין איהר חדר׳ל, ווי אַהונגעריגע אַרעסטאַנטען, האָט זי געוואָרפען איהרע בליקען דורכ׳ן פענסטער און האָט ווי געזוכט אַ נייע גאַס, וואס זאָל איהר צו דער פרייהייט הערויספיהרען. נאָר אויסער די צוויי גאַסען, וואו זי האָט איהר פרייהייט פערשפּיעלט האָט זי קיין נייע ניט געפונען. דער הימעל נאָר, דאָס זי בעמערקט איז ברייט און פריי; האט ניט קיין גאַסען און קיין קרעמערין און קיין קראָמען...

אברהם רייזען.





# די יודישע פרוי.

די פֿרויענפֿראַגע איז די וועלט פֿראַגע. ניט די פֿרויענפֿראַגע אין דעם זינן, ווי אונזערע פעמיניסטקעס מיינען, ניט די פֿראַגע, צי א פֿרוי קען ווערען א דאָקטאָר, אדער אַן אדוואָקאַט; ניט די מלחמה וועגען פאָליטישע רעכטע איז דער עיקר, דער קערן פֿון דער פֿראַגע. דאָס זענען אַלץ אויסערליכקייטען. די טיעפֿערע דענקערינען, די קלוגערע פֿון די מאָדערנע פֿרויען, ווי צ. ב. עללען קעי, זענען געקומען צו דער איינזיכט, אַז די גאַנצע פֿרויענבעוועגונג, ווי זי איז געווען ביז אַהער, די פֿרויענבעוועגונג פֿון וועלכע מילל אין באָקל האבען געגעבען די טעאָריען צום יסוד, געהט אין אַפֿאַלשען וועג, ווייל מען האָט געוואָלט פֿערגעסען, אַז די פֿרוי האָט אַן איינענע פסיכאָלאָגיע, אַן אַנדערען נפש ווי דער מאַן, מען האָט געמיינט. אַז מ׳קען מיט אַמאָל פֿון דער האַנד אויסמעקען די גאַנצע ענטוויקלונג פֿון דער פֿרויענזעלע. די פֿרויענעמאַנציפּאַציאָנסטען האָבען אָן אַלגעמיינג געדענקט, נור ניט אין דער פֿרויענזעלע.

ווי געזאָגט, שטעהט יעצט די פֿרויענפֿראַגע אויף אַ העכערע, אַוויטערע מדרגה. זי איז טיעפֿער געוואָרן. עללען קעי, די קלוגע און פֿיינע שוועדישע שרייבערין, שרייבט אין איינעם פֿון איהרע שענע קלאָרע עסייען (שיין און קלאָר, ווי אקלאָרע, וואַרמע פֿרויענ־

שטימע, פול מיט זיסער גוטסקייט, ווייכער ווי סאַממעט, און יעדער טאָן דאַכט זיך גלעט ווייך מיט ליעבע, מיט ריינעה, טיעפער ליעבע) אַז דער יסוד פון דער פרוי, דער טיעפסטער קערן פון דער ווייבליכער נשמה — איז די מוטטערשאַפט. א פרוי זיין — הייסט א מוטער זיין. דאָס איז ניט ניי. די גאַנצע וועלט פערשטעהט עס, די גאַנצע וועלט שטיצט זיך אויף דעם אמת, כדי צו בעווייזען אַז די פרוי דאַרף ניט, קען ניט, טאָר ניט האָבען קיין גלייכע רעכטע מיט דעם מאַן. ווייל די פרוי איז מוטטער! מוטטער — אָבער הייסט דען מוטער נאָר א מוטטער פון אַקינד זיין? איז דען דאָס דער גאַנצער ציעל פון דער פרוי? פרעגען מיר ביי די אַלטע — זאָגען זיי יאָ. זיי זאָגען — אַז די פרוי איז א זינד, אַנ׳אַנדערער סאָרט מענש וויא די מעננער — די „הערען דער שעפפונג״ — פרעגט זיי. פרעגט אונזערע אַלטע שרייבער, דענקער, אונזער אַלטע מעננער, יאָ נאָך מעהר, אונזערע זאַטטע מעננער און זיי וועללען אייך זאָגען דאָס זעלבע. פרעגען מיר די נייע. ניטשע זאָגט: די פרוי און דער מאַן זענען פאַר זיך אַליין, אַלס מענשען נאָר ניטש — דער עיקר איז דער דור וואָס קימט אַרויס פון זיי. די אַלטע מוזען אונטער געהן, כדי דער נייער דור, דער גרעסערער, דער שענערער זאָל אַרויסקומען. — — עס איז אַשיינע טעאָריע. עס דערמאַנט אונז אין דעם אַלטען גריכישען טאַנץ דער ליכטער: א קייט פון מענשען אין ווייסע קליידער זענען געשטאַנען און האָבען אין דער האַנד פאַקעלן געהאַלטען, אָבער נאָר דער לעצטער האָט גיברענט. און איינער האָט דעסאַנדערן דאָס פייער איבערגענעבען, ביז דער, וואָס איז געשטאַנען דאָרט אויבען ביי מזבח פון דער געטין האָט געקענט אַנצינדען א גרויס, פלאַקערדיג פייער. די איבריגע אָבער זענען געשטאַנען אָהן פייער, אָהן ליכט. ניטשעס טעאָריע איז שיין — אָבער אונז איז קאַלט, מיר ווילען זיך ניט מקריב זיין צו ליעב אונזערע קינדער. מיר ווילן אליין אויך לעבען, אליין געניססען — אַליין וואַרם אונג ליכט האָבען. די פרוי האָט רעכט ניט נור אמוטער צו זיין, ניט נור איהר לעבען דעם קינד אוועק צו געבען, זיך איבערגעבען, זיך מקריב זיין אויף דעם מזבח פון דעם לעבען — זי קען, זי דאַרף, זי מוז אויך זעלבסט לעבען, אָבער ווי אַזוי? וואָס זאָללען איהרע ציעלען זיין? עללען קיי זאָגט אונז: „די סאָציאַלע מוטטערשאַפט״. א פרוי איז אַמוטטער פון דער נאַטור,

אָבער אַמוטטער פֿון נייען אידעען, פֿון נייע לעבענס פֿאָרמען, פֿון אַנייער וועלט, — דאָס איז דער גרויסער סוד פֿון דער פֿרוי — אין איהר שוים זענען מענשליכקייטען פֿון אַ נייער וועלט פֿאַרבאָרגען — זי דאַרף זיי נאָר געבערן.

מיר ווענדען זיך צו אַ טיפּוס פֿרוי — צו אַיודישער פֿרוי. איז דען דא אַ טיפּוס פֿרוי? קענען מיר דען די פּסיכאָלאָגישע אונטער־שיעדע צווישען דער יודישער פֿרוי און די איבריגע אָנווייזען? קענען מיר די סימנים בעצייכנען, נאָך וועלכע די יודישע פֿרוי איז אַבגע־שאַפּט פֿון אַרוסישער, אַ דייטשער — פֿון דער פֿרוי בכלל? מיר זענען ליידער ניט אין דער גליקליכער לאַגע, ווי די פּסיכאָלאָגען פֿון אַנדערע פֿעלקער פֿאַרטיגע מאָדעללען פֿאַר אונז צו האָבען, גרייטע טיפּען, ווי די גרויסע שרייבער האָבען זי געצייכנעט. איר ווילט קענען די דייטשע פרוי? נעמט נעטהעס פֿויסט, און איר וועט זעהן דער טיפּוס פֿון גרעטכען, נעהמט הערמאַן און צאראאשה און פֿאַר אייך שטעהט אויף אַ געשטאַלט פֿון אַציכטינער, מילדער, שטיללער דייטשער פֿרוי, בעשיידען, פֿרום, בצניעות׳דיג, ניט פֿלאַמענדיג, אָבער פֿול טיעפֿער, וואַרמער ליעבע. איר ווילט קענען דעם טיפּוס פֿון דער נייער גערמאַנישער פֿרוי? פֿאַר אייך שטעהען פֿאַרטיגע געשטאַלטען פֿון איבסענס נאראַ, פֿון הויפּטמאַנס מאַגדא, און זאָ ווייטער. קראשעווסקי, סענקעוויטש, אַללע פּויליש פּאָעטען האָבען אונז געשילדערט דאָס פּוילישע ווייב — זאָסיאַ, מאַריליאַ, אַניעליא — פֿייערדיג ווי אַ פּוילישער מאַזור טרויריג ווי די נאַכט אויף די ווייטע סטעפּען פֿון אוקראינע, לוסטיג און פֿול פֿון תאוה, ווי אַ קראָקאָוויאַק. היינט ווער קען ניט די פֿרנצויזישע, די רוססישע פֿרוי? באַלזאַק, טורגעניעוו האָבען ניט אומ־זיסט געלעבט, זיי האָבען אונז מענשען געשאַפֿען, — די מענשען צו פֿערשטעהען געגעבען. מיר אידען האָבען אין אונזערער ליטעראַטור קיינע מאָדעללען קיינע קינסט לערישע געשטאַלטען פֿון פֿרויען, וואָס זאָללען אונז קענען אַריינפֿיהרען אין אונזערע פֿאָרשונגען. מיר מוזען ערשט זוכען.

די אַלטע ליטעראַטור — די ביבלישע און די תלמודישע — ניט קיין כאַראַקטעריסטיקע פֿון דער פֿרוי — און עס געפֿינען זיך צווישען אונזערע שרייבערס און „געלעהרטע“, וואָס זענען אַזוי נאַיו

און מיינען, אַז די משלים, די שטריכען וואָס אונזערע אַלטע ליטעראַטור ברענגט איבער פֿרויען, פּאַססען אויך אויף די היינטיגע יודישע פֿרויען, גלייך ווי דאָס יודישע פֿאָלק וואָלט געבליעבען דאָס זעלבע פֿונ׳ם תּנך ביז אַצינד — מיר האָבען נאָך קיינע חאַראַקטעריסטיק פֿון דער יודישער פֿרוי. ווער איז שולדיג דערינען? אונזערע ליטעראַטור אָדער אפשר די פֿרויען אַליין? אפשר זענען אונזערע פֿרויען אַזוי ניט אינדיווידועל, האָבען אַזוי וועניג איננערעס לעבען, — זענען אַזוי וועניג דראַמאַטיש, אַז זיי קענען ניט ליפֿערן שטאָף צו אַ קינסטלערישען ווערק? דער איינציגער, שריפֿטשטעלער וואָס האָט אין אונזער ליטעראַטור אַ טיפּוס פֿון דער יודישען פֿרוי געגעבען — איך רעד דאָ ניט פֿון גאָרדאָנ׳ס טענדענצשילדערונג „קוצו של יוד“ — איז י. ל. פּרץ. *) ער האָט אונז אַגאַנצע שורה פֿון יודישען פֿרויענבילדער געוויזען — אָרימע און רייכע, העכערע און ניעדריגע. ער האָט ניט געקענט אונז געבען אַ גאַנץ בילד, אַגרויסען פּלאַן, אַ וויטען בליק אויף דער יודישע וועלט און די ראָללע, וואָס די יודישע פֿרוי שפּיעלט אין דעם לעבען, נאָר שטריכען, קיים וואָס מען זעהט זיי. די שטריכען גענוגען אָבער נים. די פּסיכאָלאָגיע פֿון דער יודישען פֿרוי איז נאָך צו שרייבען. פֿון דעסטוועגען קענען מיר איין שטריך אַרויסנעהמען, וואו איז דער אונטערשיעד צווישען דעם אינערען לעבען פֿון יודישען וויב און פֿון דעם יודישען מאַן? — מיר קענען עס קורץ זאָגען: די פֿרוי איז וועניגער יודיש אַלס דער מאַן; דאָס איז אַפֿאַקט, אַז אַ יודישע פֿרוי קען זיך אַסך גרינגער אַסימילירען ווי אַמאַנסביל. אַ יודישע פֿרוי האָט אַזוי וועניג ירושה פֿון דעם יודישען עבר אויף זיך, איר בינטעל פֿון געירשה׳נטע געפֿיהלען, בעגריפֿע איז אַזוי קליין און גרינג, אַז עס קאָסט איהר גאָר ווייניג מיה דאָס בינטיל אין גאַנצען אַוועק צו וואַרפֿען — און עס טוט איר ניט באַנג. פֿאַר וואָס? וויל דאָס יודענטהום איז דעם יודישען וויב, דעם גרונדהאַראַקטער פֿון דער יודישער

*) ווי עס שיינט איז דער געעהרטער פובליציסט מיט דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור מעהר בעקאַנט ווי מיט דער יודישער, זאָנסט וואָלט ער, אויסער פֿון פּרץ׳ס פֿרויען־געשטאַלטען אויך גערעכענט שלום־עליכם׳ס (אסתרקע, רחלע און אַנדערע) כּפּעקטאָר׳ס, דינעזאָהנ׳ס און נאָך אַנדערע.

די רעד.

פֿרוי, להלוטין פֿריעמד — דאָס יודענטום ווי עס האָט זיך אויסגעאַר־בייטעט אין די לאַנגע, לאַנגע יאָהרען פֿונ'ם יודישען נע ונד זיין. וואָס אונטערשיידט די פֿרוי פֿונ'ם מאַן? — די פֿערשיעדענע גרונד־לאַגע פֿון זייער לעבען. די גרונדלאַגע, דער יסוד פֿון דער יודיש־מאַנסבילישער קולטור איז מוסר — עטהיק, דער יסוד פֿון דער יודיש־ווייב'שער קולטור (אויב מען קען אַזוי זאָגען) איז די שיינהייט — די עסטעטיק. עס ווייזט זיך אויס ווי אַפּאַראַדאָקס: יודישע פֿרוי און עסטעטיק? פֿון וואַנען איז דאָס שייכות צווישען זיי? פֿאַר וואָס האָט די יודישע פֿרוי אַזוי ווייניג קונסט געפֿיהל? פֿאַר וואָס האָט זי אַזוי ווייניג פּאָעזיע געשאַפֿען? די פֿראַגע איז אַשווערע. זי לאָזט זיך אָבער דורך געשיכטליכע ראיות פֿערענטווערען. אַז מיר זאָגען פֿון אַמענשין אַז ער האָט די אדער יענע מעלה — איז נאָך קיין הכחשה ניט, אַז מע ווייזט אָן דאָס ער האָט די מעלה נאָך ניט אַרויסגעוויזען. דאָס איז קיין ראיה ניט. עס האָבען געקענט זיין אַווינע סיבות אין לעבען, וואָס האָבען געשטערט די ענטוויקלונג פֿאַר דער מעלה. עס איז אָבער אַן־אַנדער ראיה — אַ ראיה מן ההיפך, אינדירעקט: דער באַווייז פֿון דעם וואָס האָט געוואָלט זיין, וואָס האָט געקענט זיין און איז ניט געוואָרען. די יודישע פֿרוי האָט געקענט זיך אַזוי ענטוויקלען ווי דער מאַן, זי איז געווען פֿריי אין איהרער אַרט. און דאָך האָט זי זיך דאָס יודענטהום נאָר אויסערליך אָנגעטהון, ווי אַמאַנטעל וואָס מען קען אויסטויען ווען מען וויל. די יודישע פֿרוי האָט אַ קולטור־גייסט, וואָס פֿיהרט צו אַ וועלט, וועלכע איז דער יודישער ווילדפֿרעמד — די וועלט פֿון שיינהייט. ניט מוסר, ניט ווערטע נאָר שענהייט און געפֿיהלע. צווישען די צוויי וועלטען איז אַתהום ווען מע זאָל קענען דעם תהום איבער שפּרינגען, די ביידע קולטורוועלטען פֿערבינדען, די מענערשע און ווייבערישע — וואָלט געקענט אַרויס וואַקסען אַ נייע יודישע קולטור, אַ פֿ ר י ש ע.

* * *

דאָס ציעל פֿון דער פֿרוי איז אַמוטטער צו זיין. אַ מ ו ט ט ע ר פֿ ו ן נ י י ע ג ע ד אַ נ ק ע ן, נ י י ע אַ י ד ע ע ן. דאָס ציעל פֿון דער יודישער פֿרוי איז אַ מוטער צו זיין פֿון אַנייער יודישע קולטור וועלט.

וויען — אַ. קאַראַלניק.



# פליעגעלמאן.

ערצעהלונג.

פון ה. ד. נאָמבערג.

---

## ערשטעס קאפיטעל.

### ווער און וואָס איז פליענעלמען, און וועגען זיינע בעקאַנטע.

פליענעלמאַן איז אַ יונגערמאַן פון עטליכע און 30 יאָהר. ער האָט אַ קליינעם, אביסל איינגעהויקערטען גוף; אַ גרויסען, קרומען שטערן און אַ קליין בלאָנד בערדיל. די אויגען זיינע זעהען אוים ווי פערלאָפען מיט פאַרע, און עס דאַכט זיך, אַז מען ברויך זיי נור מיט אַ טיכל איבער צו ווישען, כדי זיי זאָלען העל גלאַנצען.

נישט זעלטען, געהענדיג פאַמעליך איבער דער ווישענדינער גאַס אויף אַ לעקציאָן, איינגעבויגען, האַלטענדיג די הענד אין די טאַשען, טראַכט ער, אַז אויף דער וועלט האָבען געלעבט אַסך גרויסע מענשען: בודהא, שפינאָזא, קאַנט און נאָך אַסך אַנדערע, און ער, דעם קוניווער שמש'ס זוהן, ווייסט זייערע פילאָזאָפישע סיסטעמען אויף קלאָר און קאָן נאָכזאָגען אַלין, וואָס ער האט געלעזען פון זיי, ווארט ביי וואָרט. און אַז אויף דער גאַס איז אַ שען וועטער, די דראָשקעס האַקען

גראָד נישט אין די אוירען, אונ אויף דער לעקציאָן ברויך מען זיך נישט צו איילען, טראַכט ער נאָך מיט פערגניגענען וועגען דעם, אַז אין תוך אַריין זענען אַלע פילאָזאָפען נישט איבריג קלוג געווען; יעדער האָט זיך פערמאַכט אין זיין ווינקעלע, געטראָפען, דאָך אַביסל נור געטראָפען; און ער, פליענעלמאַן, ווייסט אַלץ, וואָס זיי האָבען אויפגעטהון, און נאָך ווייסט ער, אַז דער עקר, דער תוך־כל־התוכות איז דאָס לעבען, דאָס לעבען אַליין טאַקי.

און פון זיין לעבען איז פליענעלמאַן צופריעדען. די ערשטע פינף יאָהר אין וואַרשאַ זענען אָנגעקומען אַביסל שלעכט, נאַר דעמאָלס איז ער געווען אַ מענש אָהן פעסטע איבערציינונגען, אָהן אַ וועלטאנשויאונג, און פון יענעם לעבען האָט פליענעלמאַן נישט ליעב צו טראַכטען. זייט 8 יאָהר אָבער האָט ער זיך בעסער איינגעריכט, בעקומען גוטע לעקציאָנען און האָט אָנגעהויבען לעבען רוהיג, לויט פעסטע פרינציפען, אביסל אָבגעזונדערט פון דער וועלט, אַליין אין זיין צימער אויף דעם 4 טען שטאָק.

אין שטיבעל זיינעם איז שטענדיג אין אָרדנונג, און דאָס בעטיל איז שטענדיג אויפגעבעט אויף אַ בעזונדערן אָרט, אויף פליענעלמאַן'ס איינענעם אָרט. מיט דער דיענסט בעניצט ער זיך נישט, וויענדיג איבער־געציינט קענען יעדער קנעכט'טאַפט. און אַז מען ברויך די פאָדלאָגע צו וואַשען, וואָס ער קאָן אַליין נישט טהון, האָט ער תרעומות אויף זיך זעלבסט, און וואַרפט זיך פאָר, אַז ער מאַכט קאָמפּראָמיסען, און ווערט איבערציינט, אַז אין אַ־ענטליכען מענש איז לעת־עתה זעהר שווער צו עקזיסטירען אויף דער וועלט.

בעקאַנטע האָט ער אַסך, נאָר נאָהנטע מענשען — גאָר ווייניג. צווישע זיינע בעקאַנטע יונגעלייט האַלט מען איהם פאַר זעהר אַ געבילדעטען, פאַר אַ פילאָזאָף און אַ עסטעטיק, נאָר רעדען רעדט מען פון איהם נישט. נאַנצע חדשים פערגעסט מען אין איהם גאָר, ערשט אַז מען ברויך געלד אויף עפּיס אַציעל, דערמאַנט מען זיך אין איהם, דעמאָלס רופט זיך איינער אָן:

— אַ! אַן פליענעלמאַן'ן האָט מען גאָר פערגעסען!

— טאַקי! זאָגט דער אַנדערער, און אַלע פערוואונדערען זיך, וואָס פליענעלמאַן איז זיי נישט געקומען אין קאָפּ אַריין.

און אַז מען קומט צו איהם, איז פליענעלמאַן מכבד מיט טהיי, פרעגט זיך וועגען אַלע בעקאַנטע, גיעט געלד, נאָר גלאַט אַזוי, שפּאָרען

האָט ער נישט ליעב אונ זעהט, אַז דער שמועס זאָל צו נאָהנט צו קומען, ער זאָל ניט בערירען, ווי ער דרוקט זיך אויס וועלטאנשויאונג. דער בעקאַנטער געהט אַוועק צופֿריעדען, פֿערצעהלט די חברים, אונ אַלע ריהמען פֿליענעלמאַן זעהר, און פֿערגעסען ווידער באַלד פֿון איהם אויף עטליכע חדשים.

נעהנטער פֿאַר אַלע איז איהם לעוואַנטקאָווסקי, אַ לעהרער, אַ טאַטע פֿון זעקס קינדער און אַ גרויסער אָרימאַן, נור זעהר אַ פֿרעהליכער. בעקענט האָבען זיי זיך אין אַ בוכהאַנדלונג. לעוואַנטקאָווסקי האָט עפּיס זאַמאָרנע תאוה צו ביכער. קוים ערשיינט אַ ניי בוך, אויף העברעיש אָדער אויף יודיש, און ער קאָן עס דערווייל נישט קויפֿען, ווערט ער זעהר טרויריג און אויפֿגערעגט, אונ זיצענדיג ביי פֿליענעלמאַן׳ן וויל ער נישט טרינקען קיין טהע. פֿליענעלמאַן באָרגט איהם אַסך מאָל געלד און האָט דערפֿון ענמת־נפֿש, ווייל לעוואַנטקאָווסקי׳ס ווייב האַלט איהם פֿאַר, צו וואָס ער באָרגט איהם געלד.

מיט לעוואַנטקאָווסקי׳ן איז פֿליענעלמאַן אָפֿענהאַרציג און רעדט מיט איהם אַסך מאָל פֿון זיך אליין:

— די פּאָעטען מיינען, אַז נאָר זיי אַליין פֿיהלען די שענהייט פֿון דער נאַטור. ס׳איז אַ ליגענ. דער אונטערשיעד איז נאָר דאָס, וואָס זיי קענען דאָס געפֿיהל אַרויסגעבען אין אַ פּאָעטישער פֿאָרם, און איך קאָן נישט: איך בעשעפֿטיג זיך נישט דערמיט. צום ביישפּיעל: איך צאָהל אַ רובעל טהייערער פֿאַר מיין צימער, נור ווייל ביינאַכט שיינט ויין די לבנה. איך בין אַן אָפֿענער מענש, איך האָב מיך אויסגערעדט מיט דער ווירטין, אַז איך צאָהל אַ רובעל טהייערער נור מיט דער בעדינגונג, אַז אין צימער איז דאָ די לבנה. איהר ווייסט, לעוואַנטקאָווסקי, דער המון, דאָס פּראָסטע פֿאָלק, איז, פֿערשטעהט איהר, נראָב. שטעלט זאייך פֿאָר, מיין ווירטהין האָט געשמייכעלט, אַז איך האָב זי געפֿרעגט צי ביינאַכט שיינט די לבנה אין צימער, און, פֿערשטעהט איהר, זי איז איבערגעציינט, אַז איך בין אַ נאַר... מיט איין וואָרט, איך זאָג אייך, לעוואַנטקאָווסקי, אַז אַן אָרנטליכען, קלוגען מענש איז שווער צו לעבען אויף דער וועלט, יאָ!

פֿליענעלמאַן רעדט רוסיש, לעוואַנטקאָווסקי פֿערשטעהט נישט די שווערע ווערטער, נור מודה איז ער, און לעזט איהם פֿאָר אַ שיר וועגע, דער טבע.

— אַנוטער שיר — ענטפֿערט פֿליענעלמאַן — איהר וואָלט נור

געבריוכט א מיעפערען פילָזָאפישען בליק צו האָבען. א שטייגער, איהר זאָגט: „מה יפה המבע, על כל הר וגבע", אין אמת׳ער פאָעט פיהלט, אז דער בארג און דעם הימעל און די ערד און די גאנצע נאטור איז פונקט דאָס אייגענע, וואָס מיר אליין...

— ווי הייסט? — פרעגט לעוואנטקאָווסקי, און דאָס פנים זיינס ווערט וויינענדיג־ערנסט, אין אָפּעניעם מויל זעהען זיך לאנגע צוויי שורות ציהן, און די האנד אין דער לופט ציטערט.

— עס איז אזוי. איך, צום ביישפיעל, פיהל עס גאנץ גוט. עס טרעפט אסך מאָל, וואָס איך פיהל, אז איך און דער הימעל און די לבנה איז אלץ איינס, איין אבסאָלוט, פערשטעהט איהר, נאָר אין פערשיעדענע פאָרמען...

— הערסט דו?! אין פערשיעדענע פאָרמען! דאָס האָב איך דאָך באלד געזאָגט, הייגט מילא, וואָס ווילט איהר? איז דאָך ווידער גוט!

און לעוואנטקאָווסקי ווארפט אזוי מיט דער האנד, אז פליעגעלמאן ווערט אָן דעם מוטה: ער האָט פיינד, אז מען צוקאָכט זיך.

— יאָ, דער שיר איז גוט. — זאָגט ער — מיר וועלען נאָך רעדען דערפון, אגוטע נאכט.

טהיילמאָל, אז ער געהט ארויס, נעהט איהם נאָך לעוואנטקאָווסקי׳ס ווייב, א יודענע מיט א געלבליך פנים און מיט איינגעפאלענע בריסטען, און שטעלט איהם אָב:

— פאני פליעגעלמאן, טאָמיר קאָנט איהר בארגען 50 קאָפּעקעס?

פליעגעלמאן באָרגט אונ האלט זיך אביסל אויף אין הויז, ווייל באלד דערהערט זיך פון שטוב געשרייען פון מאן און ווייב, לעוואנטקאָווסקי וויל 15 קאָפּעקעס אויף טאבאק, דאָס ווייב וויל נישט געבען; לעוואנטקאָווסקי זאָגט, אז ווען נישט ער, וואָלט פליגעלמאן איהר נישט געבאָרגט, דאָס ווייב ענטפערט:

— דו ביזט נישט ווערט מיט איהם צו רעדען! —

לעוואנטקאָווסקי ווערט שטיל, עס הערט זיך נאָר, ווי ער געהט ארום אין שטוב, און אויף פליעגעלמאן׳ס פנים צעלעגט אצופרידענער שמייכעל, וואָס ליעגט שוין אזוי אויף׳ן פנים, ביז ער קומט אהיים און זעצט זיך לעזען.

לעזען לעזט ער לאנג, פאמעליך, שטענדיג אין דער אייגענער

פאָזע זיצענדיג און מיט דעם איינענם ערנסטען, רוהיגען אויסדרוק אויף'ן פנים. ט־עפּט זיך אַ מערקווירדיגער אָרט, שטעלט ער זיך אָב, לעזט ער נאָך אַמאָל דורך, און קען עס פון אויסענווענדיג, ציהט די וואָנסע און לעזט ווייטער, צ־ליך ווייטער, און עס דאַכט זיך, אַז זיין מח וואָלט נאָר קיינמאָל נישט מיעד געוואָרען צו שלינגען די זייטלעך, ווי די לונגען — לופט. עס געהט דורך אַצייט, ער נעמט אַרויס דאָס זייגערעל, און אויב ס'איז שוין 11, מאַכט ער צו דאָס בוך, ציהט נאָך אַמאָל די וואָנסע, און אויף זיין פנים צוגיעסט זיך אַ מאָדנע זיסקייט.

און אַז די לבנה איז דאָ אויף'ן שטיק הימעל, וואָס זעהט זיך דורך'ן פענסטער, לעשט ער אויס די לאָמפּ, רוקט צו די שטוהל צו'ן פענסטער און קוקט אויף דער לבנה. ער רייבערט אַ פּאַפּיראָס, ציהט זיך לאַנגזאַם, אַרויך צעלעגט זיך אין דער בלאָהליכער לופט, און אין דעם נעפעל שווימט די לבנה, פּאַמעליך, פ־ום און ערנסט... א־ין אַלטען חסיד'ישען טרוירינען נגון, די איינציגע מעלאָדיע, וואָס פ־ליענעלמאַן'ס אוירען האָבען אויפגעחאַפּט אין זיין לעבען — ברומט ער צו דערביי; דער נעפעל צוטראָגט זיך, דער טינקעלער הימעל מיט דער לבנה ווערען העכער, און פליענעלמאַן האַלט דעם קאָפּ געהויבען איז דער הייך, קוקט לאַנג און פיהלט, אַז ער און דער הימעל אין די לבנה און די גאַנצע וועלט זענען איינס, איין אַבסאָלוט אין פערשיעדענע פאָרמען, און אַז דאָס לעבען איז אַלץ. און ליענענדיג דערנאָך אויף'ן בעטיל, ווערט ער אַנשלאָפען מיט דעם געדאַנק, אַז דאָס ערליכסטע, קלוגסטע לעבען איז דערביי אויך דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, אַז זיין לעבען איז רייך אויך מיט פּאָעזיע.

אָט אַזאַ מענש איז פליענעלמאַן.

---

## צווייטעס קאַפּיטעל.

### ווענען פליענעלמאַן'ס ערשטער ליעבע.

פון ליעבע האַלט פליענעלמאַן זעהר.

— ליעבע — פלעגט ער זאָגען — איז דער גרונד־פּרינציפּ פון לעבען. דאָס לעבען אָהן ליעבע האָט נישט קיין זין און פערליערט איהר פערטהיידיגונג. אַמענש, וואָס איז נישט גענייגט פון דער נאַטור צו ליעבע,

האָט װעניגער װערטה, װי אַמענש, װאָס קען נישט לעזען און שרייבען.

און פּליעגעלמאַן איז פון דער נאַטור זעהר געניינט געװען צו ליעבע, נור לעבענדיג אַ פערשטענדיג, קלוג לעבען, איז שװער נישט צו זיין אָבגעזינדערט און עלענד.

— „איך קאָן נישט ליגענד זאָגען, איך קאָן נישט חנפ׳נען" — פלעגט ער זיך טרייסטען פאַר זיין אונשיקליכקייט ביי פּרויענצימער.

און געהאַפּט האָט ער שטענדיג, אַז עס װעט זיך טרעפען אַזאַ נשמה, װאָס װעט זיין נשמה פיהלען, אַז דייטליך רעדענדיג, קאָן קיין פלאַכע נשמה איהם נישט ליעב האָבען.

אַמאָל, נאָך דעם, װי ער האָט זיך איבערגעצויגען אויף אַ נייער דירה האָט ער בעמערקט אין אַ קעגען־איבערדיגען פענסטער אַ בלייכליך געשטאַלט מיט שװאַרצע האָר, אין אַ העלער בלוזע און מיט אַ שניי־װייסען שטייפען קאָלנער. און די אויגען, גרויסע און שװאַרצע, האָבען געקוקט גלייך צו זיין פענסטער. עס איז געװען אין דער פריה, אין דרויסען איז געװען ליכטיג, אַ העלע שיין איז געלעגען אויף אַ האַלבער, קעגען איבערדיגער מויער, די פענסטער זענען געװען אָפען, און דאָס מיידעל האָט געהאַלטען די האַנד איבער די אויגען און האָט געקוקט. פליעגעלמאַן האָט אויך געקוקט. דאָס מיידעל האָט אַראָב געלאָזט די אויגען פערשעמט, די ברוסט האָט זיך בעװעגט. עס האָט זיך געדאַכט אַז זי האָט אָבגעזיפצט. פליעגעלמאַן האָט אַליין געקוקט אויף איהר מיט ענטציקונג, נור דאָס מיידעל האָט װיעדער אויפגעהויבען די אויגען און װיעדער זיי אַראָב געלאָזט פערשעמט, און די ברוסט האָט זיך װיעדער בעװעגט... און פּליעגעלמאַן האָט אַ קלאַפּ געגעבען מיט צװיי פינגער אויפ׳ן פענסטער און געזאָגט צו זיך:

— גענוג!

און איז אַװעק געגאַנגען פון פענסטער צו פריעדען, װאָס ער האָט זיך אַליין בעזיעגט.

„דער גרעסטער נצחון פון אַמענש איז, אַז מען איז זיך אַליין מנצח" האָט ער געטראַכט דעריגאָך, געהענדיג איבער דער גאַס אויף דער לעקציאָן. נור זיצענדיג אויף דער לעקציאָן האָט ער געפיהלט, אַז ער איז עפּיס אונרוהיג, אין דער זייט ביים האַרץ האָט זיך עפּיס אַלע װיילע צוגערוקט, עפּיס אַ נאָג געגעבען און װיעדער זיך אָבגערוקט; די שװאַרצע האָר און די העלע בלוזע מיט׳ן װייסען קאָלנער האָבען

נעציטערט אין מח, און בכלל איז ער נעווען אויפגערוימט, עפּיס הייטער, ווי ער פּלעגט אַמאָל זיין ערב פּסח אין די אַלטע, אַלטע יאָהרען.

„המ... יא...״ האָט ער געטראַכט פאַר זיך אַגאַנצען טאָג, געווישט מיט די הענד די וואָנסעס און האָט כמעט קיין איבריג וואָרט נישט אַרויס גערעדט, בעהאַלטענדיג פון זיך עפּיס אַ סוד. דאָס פּנים האָט אַגאַנצען טאָג געשמייכעלט.

ביינאַכט ליעגענדיג אין בעט, קוים האָט ער די אויגען צוגעמאַכט, האָט זיך דאָס בעטיל אויסגעדרייהט, און ער איז אויסגעקומען מיט די אויגען צו׳ם פענסטער, ער האָט אַלץ געטראַכט וועגען דעם געשטאַלט, און אין פינסטערען פאַן זענען געלאָפען מעננען פייערדיגע פינטעלעך און עפּיס ווייס׳ס האָט זיך נאָך געשלעפּט, ווי אַלייכטער נעפעל, און געדאַכט האָט זיך, אַז די פינטעלעך, פליהענדיג, מאַכען אַגלייכע געאָמעטרישע ליניע פון יענעם פענסטער צו זיינעם. אין מיטען האָט ער זיך דערמאַנט, אַז ער ליעגט גאָר מיט׳ן קאָפּ צו׳ם פענסטער, און האָט זיך אָנגעהויבען צו אָריענטירען־אין בעט, און קוים האָט ער דערטאַפּט די וואַנד און האָט געעפענט די אויגען, איז דאָס בעטיל אויסגעדרייהט געוואָרען, און ער האָט געקוקט גלייך אויף׳ן ווייסען אויבען. ער האָט זיך אויפגעזעצט, אויסגעדרעהט דעם קאָפּ. אַ קענגען־איבער איז געווען פינסטער. ער האָט זיך צוריק געלעגט, און אין אַפּאָר מינוט אַרום איז דאָס בעטיל ווידער אויסגעקומען פערקעהרט.

— המ... האָט ער געשמייכעלט צו זיך אין געדאַנק און איז איינגעשלאָפען מיט עפּיס אַ פרישען חלום.

צו׳ם מאָרגענס איז דאָס מיידעל ווידער געזעסען ביי׳ם פענסטער. זי האָט געלעזען אַ בוך, און פליענעלמאָל האָט געקאָנט קוקען, וויפיעל ער האָט געוואָלט, נור דאָס מיידעל האָט פּלוצלינג אויפגעהויבען די אויגען און געקוקט אויף איהם, גלייך אויף איהם, און אין דעם בליק איז עפּיס געווען.

„די נשמה פון אַמענש שפּיגעלט זיך אָפּ אין בליק און אין געלעכטער״ האָט ער גע׳חזר׳ט פאַר זיך עפּיס אַ פראַזע פון לאַנג, גאָר לאַנג שוין דורכגעלעזענעם בוך. „מערקווירדיג, ווי גוט געזאָגט״.

ער איז צו געגאַנגען צו זיין קליין שפּיגעלע, איינגעקוקט זיך אין זיין פּנים און האָט געפינען, אַז זיין בליק איז גאָר אין גאַנצען אַ׳ן

עהנליכער צו איהר בליק. עס איז קיין ספק נישט געווען, אַז ער געפֿעלט איהר: „אַ נשמה אַנשמה פֿיהלט".

אַזוי האָט עס זיך געפֿיהרט צוויי וואָכען. דאָס מיידעל איז געזעסען ביי'ם פֿענסטער, און פֿליענעלמאַן האָט געקוקט. אַמאָל, אַז ער האָט געקוקט אויף איהר, האָט זי פּליצלינג, ווי געוועהנליך, אויפֿגעהויבען די אויגען, נור נישט ווי געוועהנליך – האָט זי זיי נישט אַראָב געלאָזט און געקוקט איהם מיט שמאָלץ אין די אויגען אַריין אַזוי לאַנג, ביז ער, פֿליענעלמאַן, האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען פֿערשעמט, דערנאָך, אַז ער האָט בגנבה נאָך געוואָרפֿען אויף איהר אַ בליק, איז אויף איהר פּנים געלעגען אַ שמייכעל, און די ברוסט האָט זיך אַזוי פֿריי בעוועגט... זי האָט געטריאומפֿירט, און פֿליענעלמאַן האָט זיך געפֿיהלט בעזיעגט דורך אַמיידעל.

— אַ שטאַרק פֿאָלק — האָט ער דעם זעלבען טאָג גערעדט מיט לעוואַנטקאָווסקי'ן, זיצענדיג ביי זיך אין צימער אונ טרינקענדיג טהעע— אַ שטאַרק פֿאָלק זענען די פֿרויען...

— אָהאָ!—האָט לעוואַנטקאָווסקי געענטפֿערט און האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען עפּיס פֿון זיין ווייב.

— וואַרט, לעוואַנטקאָווסקי, פֿערשטעהט איהר, איהר פֿערשטעהט מיך שלעכט — איך נעה נישט אַרויס פֿון דעם שטאַנד־פּונקט. איך רעד ווענען דעם, אַז שטרייטענדיג, האָבען זיי אַך מעהר טאַקט און זיכערהייט, ווי מאַנסלייט, ווייל זיי זענען זיכער אין זייער קראַפֿט, אין זייער שענהייט. אייגענטליך איז דאָך שענהייט אַלץ; די עסטעטישע איז דאָך די העכסטע וועלטאַנשויאונג, צייטליך רעדענדיג.

לעוואַנטקאָווסקי האָט, ווי געוועהנליך, ווען זיין חבר האָט זיך אַריין געלאָזט אין עפּיס אַהויכען שמועס, געשוויגען, געזופּט טהע און אָנגעשטעלט עפּיס אַמין ערנסטע מינע, ווי אַקינד, בשעת אַ זיידע בענשט איהם. טהיילמאָל נור האָט ער אָנגעקוקט פֿליענעלמאַנען, אַ זיפֿץ נעגעבען און צוריק אָנגענומען די ערשטע פּאָזע. פֿליענעלמאַן האָט ווייטער גערעדט:

— דעם אמת רעדענדיג, ווייסען מיר דאָך גאָר נישט. די פּסיכאָלאָגישע עלעמענטען זענען אַזוי פֿערווירט, אַז עס איז זעהר גרינג צו ווערען אַ מיסטיק. צו'ם ביישפּיעל: איהר טרעפֿט עמיץ'ן

אויף דער גאַס, לאָ'מיר אָננעמען צ'םביישפּיעל, אַ מיידעל! איהר קוקט זי אָן, זי איך, און די צוויי בליקען האָבען צווישען זיך געהאַלטען אַ וכוח, געקעמפּט, איינער האָט געזיגט... אין ווי אַזוי איז דאָס צוגעגאַנגען?... אָט הייבט זיך אָן ספּיריטואַליזם. נאָר, פערשטעהט איהר, דער ריינער פערשטאַנד הייסט אויף אַלעם זוכען בעשייד, אַלץ בינדען לויט דעם געזעטץ פון אורזאַכליכקייט, און וואו מען ווייסט נישט, שטעלען אַ פראַגע צייכען, נישט פערלאָזען זיך אויף סודות... איך וויים אויף זיכער פון אייגענער פּראַקטיק, אַז ווען נישט מיין פערשטאַנד, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אַ מיסטיק. יאָ!

— איהר האָט אַסך געלעזען... האָט לעוואַנטקאָווסקי אָבגעזיפּצט.

— לעזען איז נישט דער עיקר — פליענעלמאַן איז געוואָרען זעהר ערנסט — פערשטעהט איהר, די פילאָזאָפיע וויל פון דער טהעאָריע מאַכען דאָס לעבען, נאָר דאָס לעבען איז אַסך ברייטער, אַסך... מען ברויך פון לעבען, פון פּראַקטיק, זוכען די וואהרהייט... פערשטעהט עס, קלערט וועגען דעם.

ביינאַכט האָט געשיינט אַ קיילידינגע, ריינע לבנה. זי איז אַרוים פונקט פון אונטער'ן קוימען פון אַ קעגען־איבער־דיגען דאך; איבער'ן הימעל האָבען זיך געטראָגען לייכטע, נידריגע וואָלקענדליך, און די לבנה צווישען זיי איז געלאָפען, געלאָפען אין אַלץ אויף איין אָרט געשטאַנען; אויפ'ן הויף איז אַלץ געווען בעגאָסען מיט אַ בלאָהליכער לופט, אין אַ קעגענאיבערדיגען פענסטער האָט זיך נאָך געלייכט, נור די ראָליעט איז געווען אַראָבגעלאָזט, און פליענעלמאַן איז געזעסען ביי'ם פענסטער, און זיין בליק האָט זיך געוואָרפען צווישען הימעל און פענסטער.

די ראָליעט האָט זיך אויפגערוקט, און אַרוים געקוקט האָט אַ בעקאַנטער קאָפּ. די אַרמען, צוויי נאַקעטע אָרמען, האָבען זיך געזעהען, די האָר זענען געווען צו וואָרפען... און פליענעלמאַנ'ס אויגען האָבען זיך געשווינד אויפגעהויבען צו דער לבנה.

„אַ חיטרע פאָלק." האָט ער געטראַכט און איז איינגעשלאָפען אויפגערעגט.

אַמאָל, פאַרנאַכט איז פליענעלמאַן געזעסען איבער'ן בוך און האָט געלעזען. אין דרויסען איז געווען אַ שטאַרקער רעגען, בליצען האָבען געבליצט, און דונערען האָבען געשלאָגען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז נאָך

יעדער'ן קלאפּ איז פּליעגעלמאַן צו געלאָפֿען צו'ם פֿענסטער איבערצייגען זיך, צי אַלץ אַרום איז גאַנץ, און האָט געזעהן, אַז אַקעגען איבער קוקט אַרוים זי. געדאַכט האָט זיך, אַז זי האָט איהם נישט בעמערקט, זי איז געזעסען אָנגעלעהנט מיט'ן קאָפּ אויף דער האַנד, און די אויגען זענען געווען מורא'דיג: געקוקט האָבען זיי אויף דעם שוואַרצען וואָלקען, און אין זיי איז געלעגען א טרויער, אַסך אַשווערערער, ווי דער וואָלקען אויבען... פּליעגעלמאַן האָט געוואָלט שטעהן ביי'ן פֿענסטער גאָר לאַנג, קוקען גאָר אין דער עווינקייט, נור דער בליטץ האָט איהם אָנגעשראָקען, אין ער איז אונגעדולדיג אַרומגעגאַנגען איבער'ן צימער.

דאָס געוויטער האָט זיך געענדיגט, אין דרויסען האָט זיך בעוויזען אַ שיין פֿון דער זון, אַלץ איז געווען אָבגעוואַשען און פֿריש, און פּליעגעלמאַן איז געשטאַנען ביי'ם פֿענסטער און געקוקט. דאָס מיידעל האָט אויך אַסך מאָל אויפֿגעהויבען די אויגען, און איהר בליק איז געווען דרייסט. פּליעגעלמאַן אין אָנהייב אַביסעל פֿערשעמט, דערנאָך אַלץ דרייסטער און דרייסטער, האָט געקוקט אויף איהר אָהן אויפֿהער, און דאָס פּנים זיינס האָט זיך צוגענרייט צו אַ שמייכעל. דאָס מיידעל האָט ווידער אויפֿגעהויבען די אויגען און איז עפּיס פּלוצלינג אַוועקגעגאַנגען, צוריקגעקומען עטליכע מאָל, און זי האָט אויסגעזעהן זעהר אינרוהיג.

„די ריכטיגע צייט" האָט פּליעגעלמאַן געטראַכט און האָט זיך אונטערגעגעבען מיטה... ער האָט אַ שאָקעל געגעבען מיט'ן קאָפּ, און אַ זיסער שמייכעל האָט זיך צוגאָסען אויף זיין פּנים — — —

נאָר דאָס מיידעל האָט זיך ראַש אויפֿגעשטעלט, אַגרויסע רויטע צונג האָט זיך בעוויזען, און די ראָליעט איז ראַש אַראָבגעפֿאַלען... עטליכע סעקונדען האָט געדויערט, ביז פּליגעלמאַן איז געקומען צו זיך, און אַז ער האָט זיך אומגעקוקט, איז די ראָליעט געווען אַראָבגעלאָזט, און אין דער זייט האָט זיך געזעהן דער רעגענבויגען.

ביינאַכט, ליעגענדיג אין בעט, האָט ער שטאַרק געביסען די ליפּען, און ער האָט נישט געקאָנט געפֿינען דעם ריכטיגען אויסדרוק פֿאַר דעם געפֿיהל, וואָס ער האָט יעצט געטראָגען אין האַרץ צו דעם מיידעל: פֿעראַכטונג אָדער כעס? פּינטעלעך זענען ווייטער געלאָפֿען, ווי דעמאָלס אין יענער נאַכט, נור יעצט זענען זיי געלאָפֿען עפּיס גאָר אָהן שום

אָרדנונג, האָבען זיך צוטראָגען אין אַלע זייטען, און פאַר די אויגען איז געבליבען נור די שוואַרצהייט, און פאַר'ן שלאָף האָט זיך דאָס בעטיל עפּיס נעדרעהט און געקוויקעלט אין אַלערען רוים.

אויפגעשטאַנען איז ער מיט דעם געדאַנק, אַז ער ברויך אָנצושטרענגען זיין ווילען, אום צו קעמפען קעגען דעם אונגליק, אַז ביי אַ קלוגען פערשטענדיגען מענש ברויך קיינמאָל דער מיטה נישט צו פאַלען, אונ רעדענדיג מיט לעוואַנטקאָווסקי'ן, האָט ער געזאָגט:

— אַמענש ברויך צו זיין פאַרזיכטיג, מען מוז זיך שטענדיג אָנגרייטען קרעפטען, כדי צו זיין גרייט קענען יעדען אונגעריכטען אונגליק, וואָס ערוואַרטעט אונז איבעראַל. איך קאָן זאָגען, אַז ווען נישט, וואָס איך בין שטענדיג פאַר געגרייט קענען יעדען אונגעריכטען צופאַל, פערשטעהט איהר, לעוואַנטקאָווסקי, וואָלט שלעכט געווען, יאָ, שלעכט וואָלט געווען!

---

## דריטעם קאַפּיטעל.

**וועגען פליעגעלמאַן'ס פערשוואַכטע נערווען, וועגען זיין ווײַבען חתונה האָבען און ווי אַזוי ער איז משוגע געוואָרען.**

עס זענען דורכגעגאַנגען צוויי יאָהר, און פליעגעלמאַנס לעבען האָט זיך ווייניג געענדערט, עס איז נאָר געוואַכסען דאָס בענקעניש אין הארץ נאָך אַ ווייב, וואָס האָט איהם אַסך מאָל זעהר צוריעדערט, און אין דער לעצטער צייט אויפגערעגט די נערווען און געשטערט פון לעזען. עס האָט זיך געטראָפען, אַז ער האָט פּליצלינג פערגעסען גאָר אַבעקאַנט וואָרט, פאַר די אויגען האָט אַסך מאָל געשווינדעלט, און אין קאָפּ איז עפּיס אַלץ שיטער געוואָרען און ווי צושרויפט.

עפּיס האָט זיך איהם עפטער דערמאַנט זיין קינדהייט. ער האָט געדענקט דעם פאָטער, אַ קליין, דאַר יודעל, וואָס האָט שטענדיג געהוסט, עפּיס אַ קאַלטע נאַכט האָט זיך געדענקט, דער פאָטער איז אַראָבגעקראָכען פון בעט מיט אַ הוסט, און איהם איז געוואָרען זעהר קאַלט, בלייבענדיג אַליין אויפ'ן געלעגערי ער האָט געדענקט דעם פאָטער'ס טויט: ליגענדיג אויף דער ערד האָט ער אויסגעזעהן אַזוי קליין, אַז ס'האָט זיך געדאַכט, ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט און איינגעשלאָפען. די איינציגע עלטערע שוועסטער פליעגעלמאַנ'ס האָט

שטארק געוויינט און געווישט מיט דער שירץ די נאָז, און אהיים קומענדיג צוריק פון דער לויה, האָבען זיי זיך ביידע געשלאָגען און געריסען איבער א האַלבע פּאַמעראַנץ, וואָס איז געבליעבען אויפ׳ן פענסטער... דערנאָך האָט ער געגעסען טעג... די שוועסטער איז היינט א מלמדיתע, וויל אַוודאי זיין נאָמען ניט הערען, ווייל ער איז איין אפּיקורס, און האָט אוודאי אַסך קינדער, וואָס געהען אַזוי אָבגעריסען, און פערשמאכט, ווי לעווענטקאָווסקי׳ס קינדער, און ער פּליענעלמאַן, געהער זיי אָן א פעטער. עפּיס מאדנע איז דאס אַלץ אויסגעקומען.

אין נייען פּאַספּאָרט, וואָס פּליענעלמאַן האָט בעקומען איינ־געשיקט פון זיין געבורטס שטעדטיל, איז ער געשטאַנען איינגעשריעבען 36 יאָהר, און דרעהענדיג דעם פּאַספּאָרט אין דער האַנד האָט ער זיך שטארק פערטראכט, און איהם האט געשראָקען דער געדאַנק, אַז ער האָט שוין פערשפּעטיגט חתונה צו האָבען. ער האט גענומען זוכען בעקאַנטשאַפט, דאָס איז אנגעקומען זעהר שווער.

אין דער לעצטע צייט האָט ער זיך בעקענט מיט עפּיס א מיידעל, א דאנטיסטקע. זי איז געווען נישט זעהר שיין, אביסל א דיקע, מיט אַ פול פּנים, נור זי האָט הויך געלאַכט, אַזוי אַז עס איז שווער געווען צו הערען, וואָס זי רעדט, און האָט ליעב געהאַט אויפצופּלעכטען און צוצופּליעכטען אַלע ווייליע די האָר. פּליענעלמאַן האָט אָנגעהויבען אָפּט אריין צוגעהן צו איהר, און אין האַרץ האָט געוואַכסען עפּיס א האָפנונג.

גערעדט מיט איהר האָט ער שטענדיג וועגען ביכער, שרייבער און פילאָזאָפען. זי איז געזעסען שטיל און האָט אלץ אויסגעהערט, אויסגעהערט, אין מיטען נאָר פּלעגט זי איבערהאַקען:

— איהר ווילט טהעע?

עס האָט געדויערט א גאַנצען חדש. אמאָל איז זי אריינ־געגאַנגען אין דער ערשטער שטוב ברענגען טהעע. פּליענעלמאַן איז געבליעבען אַליין, ער האָט זיך אומגעקוקט אין דער שטוב, און האָט נישט געוואוסט, וואָס ער טהוט דאָ. ער האָט אַראָב גענומען דאָס שפּיעגעלע פון טיש און האָט עס געדרעהט פאַר זיין פּנים, אין מיטען איז זי אריין געקומען מיט דער טהעע.

— איהר שפּיגעלט אייך אויך? אַבי איהר, מאנסלייט, רעדט אויף אונז פרויען, אז מיר קאָקעטירען! עהרליך, ס'איז א געלעכטער.

— יאָ — האָט פליענעלמאַן געצווינגען די ווערטער — מיר ווילען אויך געפעלען, ווי דען? איבערהויפּט, איך — אייך.

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט שטיל מיט נישט קיין זיכער קול, דאָס מיידיל האָט גאר געפרענט עפּיס ווי פערוואונדערט:

אַזוי? — און איז שטיל געבליבען. פליענעלמאַן האָט אויך נישט גערעדט. עס איז געווען עפּיס זעהר שווער אין שטיב. דאָס מיידעל האָט געעפנט א בוך. ער האָט לאנג געקוקט אויפ'ן אויבען.

— ווי פיעל, צו'ם ביישפּיל, קען קאָסטען אַזא אויבען? אשענער אויבען. ער האָט גערעדט שטיל און געפיהלט, אַז ער רעדט נאריש און האָט א הייב געגעבען די אַקסלען.

זי איז לאנג געזעסען שטיל, דאָס בוך איז געלעגען אָפען פאַר איהר, און זי האָט זיך עפּיס פלוצלינג צולאַכט.

— לעכערליך... לעכערליך... האָט זי קוים אַרויסגערעדט און אָנגעוויזען מיט'ן פינגער אויפ'ן בוך, וואָס זי האָט אָבער באַלד צוגעמאַכט. און פליענעלמאַן האָט נישט געוואוסט, צו זי האָט געלאַכט פון איהם, אָדער אין בוך איז עפּיס אַזעלכעס געווען. אין שטוב איז ווייטער געווען שווער און ענג. עס איז אַריין געקומען א בעקאַנטער, זי האָט גאר אויפגעלעבט, און פליענעלמאַן איז ארום געגאַנגען און שוין נישט מעהר אריינגעגאנגען צו איהר.

די צייט איז געגאַנגען שנעל איהר וועג, א טאָג נאָך אַטאָג איז אַוועק, און פליענעלמאַנ'ס האַרץ איז אַליין געווען שרעקליך לעער, די מחשבות אין מח האָבען זיך אָנגעהויבען פּלאָנטען, און די נערווען זענען אַליין מעהר אונרוהיג געווען, אין פּאַספּאָרט איז ער שוין געשטאַנען איינגעשריבען 38 יאָהר...

עס איז אָנגעקומען א נאַסער, ווינדיגער הערבסט וואָס האָט אויף פליענעלמאַן שלעכט געווירקט. קויפענדיג זיך אפּאָר קאַלאָשען האָט ער פערגעסען דעם נומער און האָט געקויפט מיט א נומער גרעסער, און געהענדיג אויף דער גאַס, האָט ער א מינוט נישט געקענט פערגעסען זיין טעות: די קאַלאָשען האָבען זיך אראָבגערוקט פון די פיס און האָבען שטאַרק דערקוטשעט. ער איז אין דער לעצטע צייט מעהר געגאַנגען איבער דער גאַס אָהן שום ציעל און

האָט כמעט גאָר נישט געלעזען. דער טראָטואַר אויף דער גאַס איז שטענדיג געווען נאַס, די דראָשקעס האָבען געשפּריצט מיט בלאָטע; לְוָיות האָבען זיך געצויגען יודישע און קריסטליכע, עפּיס מיידלעך מיט ביכער אונטערן אָרעם זענען אַלע ווײַלע דורכגעגאַנגען, דאָס קלייד אין דער האַנד האַלטענדיג, און די ווייסע ספּאָדניצע איז געווען בעשפּריצט מיט בלאָטע, און זיי האָבען געאײַלט, געאײַלט. אויף דער נאַכט איז עפּיס אַ טרעגער געשטאַנען אויפ׳ן טראָטואַר, מיט אַ שטריק אומגעגאַרטעלט, און האָט זיך געשוואָהרען, אַז ער האָט אַ גאַנצען טאָג קיין גראָשען נישט פֿערדיענט. און אין מוח איז אַלץ עפּטער שיטער געוואָרען, פֿאַר די אויגען האָט אַלץ געשווינ־דעלט און איבער׳ן רוקען האָט געבראָכען... פֿליעגעלמאַנן איז אַריין געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט איהם לאַנג רעווידירט, געפֿרעגט צו ער איז אַ בעווייבטער. פֿליעגעלמאַן האָט געלייקענט, געזאָגט „יאָ״, און איהם האָט זעהר פֿערדראָסען, וואָס ער האָט אַ ליגענד געזאָגט.

— איך פֿיהל — האָט ער גערעדט מיט לעוואַנטקאָווסקי׳ן — אַז איך ווער אַ פּעסימיסט. אייגענטליך, איז דאָך דער פּעסימיזם דאָס לעצטע וואָרט פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע...

ער האָט עפּיס דערמאַנט וועגען שאָפּענהויער, נור ער האָט אין מיטען אַבליק געוואָרפען אויף לעוואַנטקאָווסקי׳ן, וואָס איז געזעסען און געמאַכט זיך פּאַמעליך אַפּאַפּיראָס פֿון פֿליעגעלמאַנס טאַבאַק, און האָט זיך בעמיהט אַלץ מעהר טאַבאַק אָנצושטופּען. דאָס האָט עפּיס פֿליעגעלמאַנען פּערדראָסען, און נאָך מעהר דערבייזערט האָט איהם, וואָס לעוואַנטקאָווסקי האָט גאָר נישט בעמערקט, אַז ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין מיטען זאַטץ.

— איהר ווייסט, וואָס, לעוואַנטקאָווסקי — האָט ער זיך פּלוצלינג אַ־ויסגעכאַפּט — איהר זייט אַ נאַר.

לעוואַנטקאָווסקי האָט נישט בעמערקט, ער האָט רוהיג געצויגען דעם פּאַפּיראָס און האָט אָנגעמאַכט אַ שטאַרק רויך. פֿליעגעלמאַן האָט איהם לאַנג אָנגעקוקט און געזאָגט:

— דייטלעך רעדענדיג, וואָס טויג אייך אַזוי פֿיעל קינדער. לעוואַנטקאָווסקי? איהר זייט לייכטזיניג, כ׳לעבען.

לעוואַנטקאָווסקי האָט געשמייכעלט און געזאָגט:

— איך האָב נראָד זעקס. איהר — גאָר נישט, איז גוט! לאָז איך דאַכטען, אַז יעדער האָט דריי, איז נישט גוט? זאָגט אליין.

לעוואַנטקאָווסקי האָט געקוואָלען פון זיין ווערטיל, ער האָט זיך צולאַכט, און פליענעלמאַן'ען האָט דאָס געלעכטער נאָך מעהר אויפגערעגט.

— הערט, לעוואַנטקאָווסקי, איהר זייט אַ נאַר, אַנאַר, איך זאָג אייך, אנאַר, הערט, וואָס איך זאָג אייך, אַנאַר...

פליענעלמאַן האָט דערפיהלט, אַז ער ווערט אויפגערעגט און האָט אבגעהאַקט, לעוואנטקאָווסקי האָט געמאַכט זעהר אַ זויערע מינע, עפּיס האָט איהם דאָס אַליין זעהר פערוואונדערט, ער האָט זיך געזעגנט מיט איין אַראָבגעלאָזטע נאָז און איז אַרויסגעגאַנגען.

פליענעלמאַן איז געבליבען אליין אין שטוב, ער האָט גענומען קלעהרען וועגען פעסימיזם, נור די געדאַנקען האָבען פערלוירען זייער שטייפקייט, און ער האָט פערגעסען אנאנצען זאַך, וואָס ער האָט אַ מאָל געדענקט פון אויסענווענדיג.

ער איז ארומגעגאַנגען איבער דער שטוב אין גע'חזר'ט פאַר זיך: „ער איז אַ נאַר, אַ ריינער נאַר, אַ נאַר, אַנאַר, אַ נאַר...“ און עפּיס האָט זיך געוואָלט דאָס וואָרט אַסך מאָל איבער'חזר'ן, אין מח איז לייכטער געוואָרען דערביי.

עטליכע מעג האָט ער זיך געפיהלט שטאַרק צורידערט, ביי־נאַכט איז ער מיט דעם בעטיל געפאַלען עפּיס אין טיעפע אָבגרונדען. ער האָט שטאַרק געזיפצט אין שלאָף. ביי־טאָג איז אויף דער גאַס געווען גאָר אשלעכט וועטער, פליענעלמאַן האָט געפּרובט זיטצען אין דער היים. אין הויז, וואו ער האָט געוואָהנט, איז עמיץ געשטאָרבען, אין אויפ'ן הויף האָט מען שרעקליך געוויינט און געמאַכט קולות, ביז דער שוואַרצער וואָגען איז געקומען און האָט דעם טויטען אַוועקגעפיהרט, און אויפ'ן הויף איז שטילער געוואָרען, ער האָט געפרובט לעזען, נור אָבליינענדיג אַ ביסעל האָט ער זיך אָבגעשטעלט, געגעניצט און פאַר די אויגען האָט געשווינדעלט. ער האָט זיך געלעגט. קוים איז ער איינגעשלאָפען, האָט איהם געחלומט אַ שלעכטער חלום:

עפּיס אַ לאַנגען, שטייפען טויטען האָט ער געטראָגען איינגעוויקעלט אין איין שוואַרצע קאָלדערע. די קאָלדערע האָט ער

געהאַלטען אין ביידע הענד און איז געגאַנגען איינגעבויגען, געקומען איז ער פון אונטער דער שטאָדט, און געטראָגען דעם טויטען בענראָבען, עס איז געווען פינסטער. מיט איהם זענען געגאַנגען צוויי שמשים, און האָבען גערעדט צווישען זיך. פון שמועס איז ער געוואָהר געוואָרען, אז ער טראָגט זיין טויטע שוועסטער, איז ער געווען זעהר מיעד. ביי א שוועל פון א געוועלב האָט ער זיך אויסגעגליטשט, דער טויטער איז ארויסגעפאַלען און האָט זיך אָנגעשלאָגען מיט׳ן קאָפּ אויף דער שוועל. און פון דער קאָלדערע האט זיך געהערט א קינדיש געוויין. איין שמש האט געזאגט:

— טראגט, פליעגעלמאן, זי איז טויט, דאס איז נור א רעפ־לעקסיע, טראגט!

ער האט ווייטער געטראגען, דאס קול איז געווארען אלץ ציטרינגער, אין ער איז געווען מיעד, זעהר מיעד, איין שמש האט איהם צוגעשטופט און צוגעאיילט, פליעגעלמאן האט געוואלט וויינען און האט מורא געהאט, אז דאס וועט זיין א רעפלעקסיע, אז ער איז טויט... איהם איז געווארען זעהר שלעכט, און איז זיפצענדיג אויפ־געשטאנען פון שלאף.

אין קאָפּ, איבער׳ן רוקען האט זעהר געבראכען; אין צימער איז געווען אזוי פינסטער, אז אפילו דער פערוואלקענטער הימעל האָט אריינגעשיקט אָפּט אַשיין, און די שיין פון פירכטערליכער געווען פאַר דעם פינסטערניש. אויף׳ן הויף האָט אַקאַטץ יעמערליך געשריען, אויפגעהערט און ווידער אָנגעהויבען, דאָס געשריי האָט געריסען ביים הארץ, און עס איז ניט מעגליך געווען צו פערשטעהן, וואָס איהר פעהלט, וואָס זי קלאָגט זיך אין דער טונקעלער נאַכט אזוי שפעט. אויף דער גאַס. האָט אַלע ווילע געקלאַפּט אַדראָשקע, און די שייבען אין צימער האָבען געציטערט... פליענעלמאן האָט זיך איינגעוויקעלט אין דער קאָלדרע און די קאַטץ האָט אלץ געיאָמערט.

די גאַנצע נאַכט איז ער ניט געשלאָפען. בייטאָג אויף דער לעקציאָן זיצענדיג, האָט איהם דער שילער זעהר אויפגערעגט: ער האָט איבערגעזעצט אנשטאָט: „די גרינע לאָמפען פון אייערע שכנים״— „די לאָמפען פון אייערע גרינע שכנים״. פליעגעלמאַן האָט איהם גע־הייסען פערריכטען, און דער שילער האָט איבערגעזעצט: „די לאמפען

פֿון אונזערע גרינגע שכנים", ער איז בײז געװאָרען און האָט נעחאַפּט דעם שילער פֿאַר'ן אַקסעל. איהם געט'רײסעלט און געשריען מיט פֿיט זײן קול:

— גרינגע שכנים! װי קאָן דאָס זײן גרינגע שכנים! װי קאָן דאָס זײן!

אין מיטען האָט ער זיך דערמאָנט, און האָט אָנגעהױבען צו דערען הױך:

— נו זאָג אַלײן! איז דאָס מעגליך? װי?

נור דאָס קול זײנס האָט געציטערט, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, ער האָט זעהר שװער געאָטהעמט, און דער שילער האָט זיך פֿערװײנט:

— פֿערשטעה דאָך... פֿערשטעה דאָך, דאָס איז דאָך אונמעגליך...

דער שילער האָט זיך אױפֿגעהױבען און איז אַרײן צו דער מוטער מיט אַנגעװײן.

די מוטער איז אַרײן געקומען, און פֿליענעלמאַן האָט געפֿיהלט, אַז ער ברױך איהר פֿערשטעהן צו געבען, אַז די „גרינגע שכנים" איז אונמעגליך, און ער האָט נישט געװאוסט, װי אַזױ מען טהוט דאָס. די מוטער האָט געפֿרעגט:

— װאָס איז דאָס פֿאַרגעקומען צװישען אײך?

פֿליענעלמאַן האָט אַ װײלע נישט געענטפֿערט, נור די מוטער איז אַלץ געשטאַנען און געװאַרט פֿליענעלמאַן האָט זיך עפּיס אַרױסגעחאַפּט:

— גאָר נישט. איך בין הײנט צוריעדערט. מײן שװעסטער איז געשטאָרבען...

די מוטער האָט זיך פֿעראינטערעס'ירט מיט דער שװעסטער, פֿליענעלמאַן האָט אָנדערצײהלט ליגענד, װאָס ער האָט אַלײן נישט געװאוסט, פֿון װאַנען זײ זענען איהם געקומען אין קאָפּ אַרײן און אַרױס־געהענגריג האָט ער זיך נע'חזר'ט: „איך בין קראַנק, איך בין קראַנק, קראַנק, קראַנק, קראַנק..." און פֿון דעם איבער־חזר'ן איז איהם װיעדער לײכטער געװאָרען. אױף דער רעשט לעקציאָנען איז ער ניט געגאַנגען. פֿאַר נאַכט איז ער אַהײם געקומען, איהם האָט זײן שטיב זעהר אָבגעשראָקען, און ער האָט זיך געלעגט אױף'ן בעטיל און איז אײנגעשלאָפֿען.

ער איז אױפֿגעשטאַנען זיפֿצענדיג, דערשװיצט, אין שטוב איז געװען פֿינסטער, דאָס װײסע האַנטיך האָט איהם אָבגעשראָקען, ער האָט גיך געחאַפּט דעם פּאַלטאָ אױף זיך, און נישט בעמערקענדיג, װאו

אהין ער געהט, איז ער אריין צו לעוואנטקאווסקי'ן.

לעוואנטקאווסקי האט איהם שטארק געשאקעלט מיט דער האנד אזוי, אז אין מח האט זיך דערביי געוואָרפען, ארום האט זיך געזעהן בעטגעוואנד, קינדישע פנימער, אין איין בעט האט געזיפצט לעוואנט־קאווסקי'ס ווייב, פליענעלמאן האט זיך געזעצט אויף א שטיהל, און האט עפיס ווי איינגעדרעמעלט, אין דרימעל האט ער אויף זיך דערפיהלט לעוואנטקאווסקי'ס האנד, ער האט אייפגעפענט די אויגען, לעוואנט־קאווסקי, האלב אויסגעטהון, האט איהם געשמייכעלט אין פנים אריין, עפיס גערעדט, אז ער איז שכור... פליענעלמאן'ן האט זעהר געארט דער שמייכעל, און ער האט געוואלט זאגען עפיס זעהר שטארק'ס, כדי ער זאל אויפהערען צו שמייכלען.

— איך געה צו דער ווייסעל... האט ער קוים ארויס גערעדט.

— געהט שלאפען, ס'איז קאלט...

פליענעלמאן האט דערפיהלט, אז איהם איז קאלט, אין שטוב האט זיך געזעהן אפארע, לעוואנטקאווסקי האט געשמייכעלט, און פליענעלמאן איז ארויסגעגאנגען.

ער איז דורכגעגאנגען אסך גאסען און האט נור בעמערקט, אז ער רוקט זיך אב פון איין לאמטערען צו דער אנדערער, אז זיין שאטען ווערט קירצער און קירצער און וואקסט ווידער ארויס... אויף איין גאס האט איהם אבגעשטעלט עפיס א מיידעל, זי האט געשמייכעלט און גערדרייהט מיט'ן קאפ לוסטיג, און אז ער איז אוועקגעגאנגען האט זיך געהערט, א פוילער הוסט, וואס האט לאנג געציטערט אין דער לופט... און דאס אליץ איז שווער געווען צו פערשטעהן.

אפגעשטעלט האט ער זיך אויף דער בריק פון דער ווייסעל, און האט זיך אומגעקוקט. אפאליציאנט האט איהם נאכגעקוקט: „איך האב א פאספארט" האט ער זיך געטראכט און געהאלטען די האנד פאר'ן בוזעם.

אויף דער בריק איז ער געשטאנען לאנג. פון דער ווייטען האט זיך געזעהן גאנצע שורות לאמטערען וואס האבען געבילדעט א פייערדיגע דלת, אין וואסער האט זיך געוויגט א שיין, אויף'ן הימעל האבען זיך געריהרט פערשיעדענע שטיקער וואלקען, שווארצע און העלערע, זיי האבען זיך עפ'ס ווי געדרייהט און אין עק דארטען זיך אויסגעמישט

מיט'ן וואַסער. אויף דער בריק איז מען דורכגעפאָהרען, און אַלץ אַ־ום האָט געציטערט... די פינסטערניש פון דער ווייטען איז אַלץ נעהנטער געוואָרען, די וואָלקען האָבען זיך צו־אָבגעלאָזט און פאר די אויגען האָט זיך גערידערט, גערידער־ט אָהן אַ'ן אויפהער...

פליענעלמאַן האָט דערפיהלט, אַז זיין גאנצער קערפער שאָקעלט זיך, און האָט זיך משער געווען, אז ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין וואסער, נור דאָס שאקלען האָט לאנג גדויערט, עס האָט זיך געהע־ט אנגעקלאפ פון רעדער אויף א הארטען ברוק, עפיס האָט מען גערעדט צו איהם אויף רוסיש, און ער האָט נישט פערשטאנען.

ער איז איינגעשלאָפען אין פּאָליציייסקען צירקעל. א גאנצע נאכט האָט ער געפיהלט, אז ער ליעגט אין וואסער; איבער די אויגען האָט זיך געצויגען, געצויגען אבלאָהליכער שטראָם, און איהם איז געווען לייכט און גרינג, נור אונטער'ן קאָפּ האָט וועה געטהון, און איהם האָט זיך געדאכט, אז ער איז געפאלען אויף א שטיין.

אין דער פריה, אז דער פּאָליציאנט האָט איהם מיט געוואלד אויפגעשטעלט אויף די פיס, האָט ער זיך בשום אופן נישט געקענט דערמאנען, וואָס ער טהוט דאָ, און ער האָט געקוקט מיט אַ שטארקען בליק ארום זיך. נור אז ער האָט פאר זיך דערזעהן אפאָר שליפּעס מיט א שווערד און האט דערהער־ט א שטרענג קול, האָט עפּיס א געדאנק אויפגעבליצט אין קאָפּ, ער האָט אריינגעשטעקט פאמעליך די האנד אין דער בוזעם טאש און גערעדט:

— איך האָב די עהרע אינמערטהעניגליך צו בעטען... בעגראָבט מיך. איך האָב אפאספאָרט. אָט.





# דער יודישער מזל.

פון

יעקב וואסערמאן (וויען).

וואָס איז אַ יוד? וואָס איז יודיש? וואָס איז יודישקייט?

דאַכט זיך, אַז דאָס זענען נאָר נאַרישע פראַגען פאַר אַ טיעפערען גייסט פון היינטיגער צייט. אָבער דער יוד איז דאָך פערהאַן. מען זאָגט, עס איז נישטאָ קיין יודיש פאָלק, אפשר נאָר אפילו נישט קיין יודישע ראַסע און דאָך ווייסט יעדער פונ'ם יוד, וואָס האָט אין זיך סמנים, וואָס איז אויסגעקליעבען און בעלאָדען מיט זכרונות, פול מיט אָנשיקענישען. דאַכט זיך, אַז ער איז דער איינציגער מענש אויף דער ערד, וואָס די אַלטע צייטען האָבען איהם נישט מיטגעגעבען אַ יחוס־בריעף, אַ צייגניש צו די פעלקער, אַז ער מעג לעבען. די פעלקער האָבען שטאַרק עגמת־נפש איבער דעם, וואָס די יודען עקסיסטירען נאָך היינט, זיי קענען דאָס גאָר נישט פערשטעהן, זיי זענען פערגאַפט אויף דעם, וואָס די יודען זענען נאָך אויף דעם וועלט־טהעאַטער. דו, זאָגען זיי צום יוד

וואָס מיר האָבען געמיינט, אַז דו ביסט שוין פֿערניכטעט, פֿערברענט, אַוועק געקומען, האָסט נאָך אַ העזה צו קומען פאר אונזע׳ע אויגען? ווער ביזט דו? פֿון וואַנען קומסט דו? פאַר וואָס ביזט דו? און זיי טראַכטען זיך נוקם צו זיין, ווייל די בושה קוועלט זיי. אויס דעם טעות, וואָס די פֿעלקער נאַרען זיך אַליין, זאָל דאָס די יודישקייט זוינען כח מנוחה און מיטה. אין דעם דאָזיגען טעות ליגט פֿאַר די יודען אַ פֿער־זיכערונג אויף שפּעטער.

איך דערמאַהן מיך אָן דעם דאָזיגען געשעהעניש אויס מיין יונגעל-צייט. אין דער שולע האָב איך געהאַט אַ חבר, איז ער געווען שיין גאָר אַ וואונדער: פֿיין געוואַכסען, הויך, בלאָנד, מיט ענערגישע, בלאָע אויגען, מען האָט אָבער אין זיי געזעהן זיין גוטקייט. ער איז געווען אַ יוד. אַ מאָל זענען איהם נאָכגעלאָפֿען אַ ווילדע חברה יונגאַטשעס און האָבען איהם כסדר מיטין גרעסטען כעס נאָכגעשריגען: דאָס וואָרט „יוד!" איהם מבזה צו זיין. וואָס האָבען זיך חברה ביי דעם געקלערט, אַז זיי האָבען דאָס שענערע מענשען־עקסעמפּלאַר בעוואָרפֿען מיט דער בלאָטע פֿון זייער שנאה? און אַ וואָסערער מין שנאה האָט דאָס געקאָנט זיין? יי האָבען פון איהם קיין מאָל נישט געהערט קיין שלעכטס; ער איז היינט פֿאַר זיי פֿאַרביי געגאַנגען אַזוי רוהיג שטיל אַזוי ווי שטענדיג; וואָס האָט זיי געקאַנט רייצען, אַז זיי זאָלען איהם נאָכוואַרפֿען שטיינער? וואָס האָט זייערע אויגען אַזוי געמאַכט בלישטשען? פֿאַר וואָס האָבען זיי אַזוי געלאַכט און חוזק געמאַכט? נאָר איין איינציג וואָרט. ווערטער דערנעהרען אינסטינקטען, ווערטער ברענגען מעשים. די ווערטער וואַנדערן פֿון דור צו דור און דער כשוף פֿון זייער קול בלייבט שטענדיג דערזעלבער, אַזוי לאַנג ווי די זאַך, וואָס מען רופֿט זיי מיט די ווערטער, איז נאָך נישט פֿערשוואונדען פֿון דער ערד. אַט די קליינע מעשה ערלעבען אַלע יודישע קינדער. איך האָב אויך געקאַנט גרויסע מענשען, איך קען זיי נאָך היינט. נעבילדעטע, גוטע מענשען, וואָס מען קאָן זיי גאר נישט דערבייזערן, און דאָס וואָרט „יוד" האָט זיי שטענדיג זויער צוזאַמענגעצויגען דעם נומען. און דערביי טהון זיי זיך אָן אַ פנים, ווי איינער רעדט: דו ביזט דיך טועה, אויב דו ביזט אין ספק וועגען מיינע אונפּאַרטייאישע מחשבות.

גלייך מיר וואלטען געברויכט, אַז זיי זאָלען זיין אונפּאַרטייאיש! זיי מיינען, אַז דאָס בעססע, וואָס זיי קענען טהון אין פֿיהלען איז, זיך

עהרליך אויפצופיהרען, עהרליך צו פיהלען. מען שאצט צו הויך די מדה פון עהרליכקייט, ווען מען נעמט אן. אז אויב מען איז עהרליך, בעדארף מען שוין נישט ליעב צו האבען אדער יענעם קיין כבוד אב צו געבען. אזוי האט מען דאס, וואס מען האט גערופען עמאנציפאציאן אנגעשריבען זיך פאר א גוטס, מען האט געמיינט, אז ווען מען דערפילט די הייליגסטע מצוה פון מענשליכקייט אין די קאנסטע גרענצען איז מען שוין נענוג מילד. און דאס פנים פון גאנץ דייטשלאנד האט דערביי געגלאנצט פאר צופרידענהייט מיט זיך זעלבסט. זיי האבען זיך ענטשלאסען, ווען די צייט האט זיי שוין געצוואונגען, איינצולענען די מויערען פונים געפענגניש, וואס אונטער זיי זיינע פערשמאכט געוועזען צוואנציג דורות פון אונשולדיגע מענשען, און מען האט זיך שוין געשפיגעלט אן דעם בעוואוסטזיין פון טאלעראנץ. מען האט זיך געוואונדערט, אז די יודען, וואס זענען נאך האלב געלעהמט פון די קייטען, ווערען נישט איבערגעגאסען מיט דאנקבארקייט. זיי האבען עס געהאלטען פאר א צדקות, אז זיי האבען די יודען געמאכט פלאין אין לאנד, חאטש זיי האבען עס זיי נישט מודה געווען, אז עס איז זייער היים. די איידעלסטע האבען זיך געוויזען אין דער דאזיגער בחינה און דער העלסטער גייסט איז געבלענדט געווען פון טויזענד יעהריגע פאר אורטהיילען.

לאמיר קלעהרען, וואס איז אייגענטליך דער ראסענהאס, די שנאה צווישען פערשיעדענע אומות? איז עס טאקי אמת, אז אין דעם קרייז פון מענשען, וואס לעבען בייזאמען שטעהט אויף בלוט געגען בלוט? איך גלויב נישט דאראן. איך גלויב אויך נישט אן די מעשה פונים "ערבפיינד", ד. ה. די שנאה, וואס שטאמט פון דור דורות. איך קלער, אז די שנאה צווישען די ראסען, אז מען בעטראכט זי גוט, שטעלט זי זיך ארויס ווי א קליידער־האס, א מאניערען־האס, עס איז עפים אזא דעמאן וואס איז אויפגעוואכסען אונטער די נארישקייט פון די מענשען און זייער בעקוועמליכקייט ביי זיך אין דער היים. יעדער אמת'דיגער מענש קאן דאס אליין אויספרובירען ביי זיך. ווען א יוד און איין אריער (פון די איראפעאישע פעלקער) זאלען פערוואנדען ווערען אויף אן אבגעזונדערטע אינזעל, וועלען זיי שוין טראכטען, זיי זאלען זיך פערשטעהן, צוזאמען בשלום לעבען און זיך ליעב האבען. דאס וואס

א געוועהנליכער קריסט האט פיינד א געוועהנליכען יוד, איז נאר דורך אונוויסענהייט, דורך דעם אלטען מנהג, וואס מען איז הושר דעם יוד מיט ווער ווייסט וואס. מען רעדט אונז איין, אז עס איז די שנאה פון איין איינגעבוירענעם געגען דעם פרעמדען, וואס האט זיך אריינגעחאפט. לאז זיין, למשל, אז גאט האט לכתחילה איינגעטהיילט זיין ערד די מענשען מיט די שווארצע בערד, מיט די בלאנדע בערד, מיט די געקרייזעלטע האר אדער מיט די געשפאלטענע אויגען יעדען בעזונדער ווער וועט אבער היינט די העזה האבען צו זאגען, אז זיין רעכט אויף זיין ירושה איז גאנץ ריין, עס האט שוין קיינער דערצו קיין טענה ניט און עס איז נישט בעפלעקט? אויף יעדעס ארט וואס דו וואהנסט דערויף איז בלוט פון דיינע עלטערן. אז עס איז יא אזוי, האט דער ארימסטער יוד זיין לאך מיט מעהר בלוט בעצאהלט ווי יעדער מאגנאט זיין שלאס.

עס איז א תענוג פאר די היסטאריקער אנצונעמען, אז דאס וואס די יודען האבען פערלוירען זייער לאנד און האבען אזוי פיעל צו ליידען, איז א שטראף פאר אן'אלטען חטא... דאס איז איין אידעע פאר גימנאזיאסטען. און אפשר מעג איך פרעגען: וואו איז די שטראף פון די שפאניער פאר דעם איידעלעם נאטעמאזען פון מעקסיקא, וואס זיי האבען איהם געבראטען לעבענדיגער־הייט, און פאר די אומגעצייהלטע קרבנות פון דער אינקוויזיציאן? פאר וואס איז נישט פראנקרייך בעשטראפט געווארען אזוי שווער, וואס זי האט אזוינע צרות אנגעטהון די אלביגענזער און אזוי פיעל אונשולדיגע מענשען אוועקגעקוילעט אין דער בארטהאלאמייאוס־נאכט? און וועלכעס פון די רוצחים האט דער שרעקליכער טויט פון יאהאן הוס אפילו איין נאכט נישט געלאזט שלאפען? אט דאס זיינען געוועזען די פרינציפען, וואס מען האט צו זיי ראיות געבראכט פון דער נייער לעהרע, דאס זיינען די מעשים טובים, וואס מען האט זיי געטהון אין איהר נאמען.

דאס אומגליק פונם יוד אין די מיטעלאלטערליכע צייטען איז געוועזען, וואס ער האט נישט געהאט קיין טאלענט און האט אויך נישט געהאט נאך וואס, זיך צו שמאדען. דער משומד ביי יודען האט קיין מאל נישט געוועקסעלט זיין „גלויבען", ער האט נור מיט דער שמד געמאכט א געשעפט. ווארען אפילו בעלד אין אנהייב פונם קריסטענטהום, וואס האט דאס קריסטענטהום געקאנט געבען א יוד, וואס ער האט נאך נישט געהאט? ער זאל עס אננעמען אין דער שיטערער־

פאָרם, וואָס די דאַמאָלדיגע גלחים האָבען איהם געגעבען, איז ער גע־
ווען צו קלוג. דאָס איז געווען גענוג גוט פאַר די ווילדע און קינדישע
פעלקער צווישען דעם רהיין און ווייכסעל. די ריינע פאָרם דערפון
האָט דאָך דער יוד געהאַט אין זיין אייגענע רעליגיאָן, וואָס דאָס
קריסטענטהום איז ערשט דערויס ארויסגעוואַקסען. די יודען האָט זיך
גאָר געדאַכט, אַז זייער אידעע פון משיח'ן איז גרעסער, גייסטיגער
און האָט מעהר השגה ווי די קריסטליכע. דער אויסלייזער, וואָס וועט
אמאָל קומען איז מעהר ווי דער, וואָס איז שוין געווען. ערשט ווי
די אידישע צרות האָבען זיך שוין אזוי פערמעהרט, אַז עס איז שוין
נישט געווען צום אויסהאַלטען, האָבען די יודען אין מיטען פונם זיבעצעהנ־
טען יאָהרהונדערט אָנגעהויבען זיך צו געוועהנען גלויבען, אַז משיח
וועט זיין אַ לייבליכע געשטאַלט: דאָס איז נישט געווען קיין פריי־
דיגע ערפילונג פון זייער האָפנונג, נור דאָס (דער גלויבען אין שבתי
צבי) איז געווען די לעצטע פאָרם פון דעם בייזען חלום,
וואָס דאָס לעבען האָט זיי פאָרגעשטעלט. נאָך אין דער אלטער
פאָרם איז די גאַנצע אידעע פון אַ משיח אין דאָס בעווייזען זיך פון
אַ משיח־אויסלייזער נישט בלויז אַ ראיה, אַז מען האָט פריהער
געליטען אַ גרויס אומגליק, נור דאָס גרעסטע מאָס פון עלענדקייט
קאָן אויס דעם פאָלקסגייסט אויספרעסען אַזאַ בילד, וואָס זאָל כח
האָבען צו טרייסטען אַ־ום אין אַ־ום. וואָס האָבען די יודען פון דעם
רעמישען רייך געקאָנט אנהייבען מיט דער נייער בשורה פון אַגייס־
טיגע אויסלייזונג? און ווער שמיעסט די שפּעטערע יודען, וואָס האָבען
דערלעבט, אַז דאָס וואָרט „קריסטליכע ליעבע“ איז געוואָרען אויף
דער צינג פון בייזע גלחים צו אַבלויסע פראַזע, וואָס קען
קיינעם נישט אָבנאַרען? דער יוד האָט פאַר זיך געהאַט
אַ פערגאַנגענהייט פון אַ טיעפסטעם רעליגיאָזען גערודער, פון
כאַראַקטעריסטישע סאָציאַלע מלחמות. ער האָט זיך מיט גאָט
גאָר אַנדערש געלעבט ווי די פעלקער פון מערב־זייט, וואָס ציטערן
אין זייער מיסטישע פרומינקייט. ביים יוד איז דער הימעל מיט דער
ערד פערבונדען מיט אַ באַנד פון משפחה. אַז דאָס באַנד זאָל בלייבען
הייליג, גיט שוין אַכטונג דער אלטער פאַטריאַרכען־גאָט, וואָס בלייבט
אין צאָרען און אין דער ליעבע דער אייגענער טאַטע. אָהן דעם
דאָזיגען שיינעם יחוס וואָלטען די גאָטליכע ספרים פון די יודען נישט

געוואָרען אין אזא הויכען גראַד ספרים פֿאַר אַללע מענשען און פֿאַר אַלע צייטען. די קירכע און עטליכע הייליגע פּנים פֿריהעם מיטעלאַלטער ווירקען נאָך אין דער דאָזיגער שיינער געזונדער ירושה פון די יודען. איך קאָן מיר נישט אַנדערש פֿאָרשטעלען: אַ געשטאַלט ווי מאַרטין פון טור איז ווי אוים דער הברה נביאים פונם תנ״ך ארויםגעשניטען. ערשט ווי די נלחים האָבען זיך אָנגעהויבען צו מישען אין וועלטזאַכען, דעמאָלט האָבען ערשט אָנגעהויבען די מאָ־ ־יכעס צו ווערען לויטער גייסט. ווייל דער יוד האָט זיך נישט אריינ־ געמישט אין זייערע אינעווייניגסטע מלחמות איז ער געוואָרען דאָס אָפּפער פון ביידע. אין דער צייט איז תמיד געשטאַנען דאָס פֿאָלק אַלס תלין, וואָס מען קאָן זיך אויף איהם פֿערלאָזען און זעהר לייכט האָט מען איהם געקאָנט אָנרייצען אויף די יודען.

מען דאַרף נישט פֿערגעסען, אַז דער יוד פון דעמאָלט איז געווען אין גאַנצען איין אָריענטאַלער. ער איז געווען שטאָלצער, אבגעשלאָסענער, רוהיגער, און האָט מעהר קוראַשז געהאַט. ער האָט נאָך געהאַט אין זכרון זיין פֿערגאַנגענהייט און איז געשטאַנען אינם לעבען בעוואוסטער און זעלבסט־ערשטענדליכער. די מלחמות וואָס ער האָט געמוזט צו זעהן, זיינען פֿאַר איהם שוין לאַנג פֿאַראיבער. ער האָט צייט געהאַט צו די אינווייניגסטען וועלט. דער טיפּים פון אַזא יוד האָט אין שפּאַניען עקסיסטירט ווען די איבריגע קריסטליכע פֿעלקער האָבען איהם שוין לאַנג פֿערניכטעט. אייראָפּא האָט פֿאַר די רציחה טהייער בעצאַהלט. מען האָט דער יודישען נשמה אננעלענט אַ ניהגם־פייער פון טויזענד יאָהר. ווי אַזוי זיי זענען דערפון ארויס־ געקומען וועט זיך ווייזען.

אין די לעצטע יאָהרען זענען אויפֿגעשטאַנען מליצי יושר, וואָס האָבען די רציחה געוואָלט ענטשולדיגען, שיין כאַבען די צושטענדע, זיי האָבען ארויסגעפֿונען, אַז מען האָט די יודען טהייל זאַכען „ער־ לויבט״ און אין זייער עקשנות האָבען זיי דאָס נישט געוואוסט צו שוינען, מעהר ווי איינמאָל האָט דער אָדער יענער גלח, דער אָדער יענער געלעהרענטער זיך אָנגערופען אַ גוט וואָרט פֿאַר זיי, און עס זענען נאָך געווען מלכים, וואָס האָבען זיך פֿאַר יודען אָנגענומען, טאָטש דורך די הויכע פּראָצענטען, וואָס די יודען פלעגען נעמען,

זענען זיי שוין לאנג מבוזה געוועזן ביים פאָלק. ראיות צו דעם זענען נישט טהייער און נישט זעלטען. זיי מאכען זיך אָבער גאָר נישט ווימענדיג, אז די הויכע פראָצענטע זענען גאָר געוועזן א כלי־זיין, וואָס זיי האָבען זיך דערמיט אין דער גויט געוועהרט און זייערע שטארקערע פיינד האָבען דאָסזעלבע כלי־זיין ביי יעדער געלעגענהייט קעגען זיי איבערקעהרט. ביים יוד האָבען זיי פלוצים געפונען, אז עס ביי איהם נישטאָ קיין מענשליכקייט אין א צייט און אין א וועלט, וואָס האָט געטריעפט פון אכזריות און די פאַלשקייט איז געוועזן א זעלבסט־פערשטענדליכע זאך. און וואָס פאר א פנים האָט דער שוטק, וואָס טהייל האָבען געשיטצט די יודען? עס האָט אמאָל איינער זיין אייזעל אויסגעשטאָכען די אויגען, אָבגעריסען דעם שוואנץ מיט די אויערען און האָט נאָך געהאלטען פאר א גוטסקייט, וואָס ער האָט איהם איבערגעלאָזט די פיער פיס. זייט דעם דער יוד איז געקומען אין די מערב־לענדער, שפּיעלט ער די ראָלע פון דעם דאָזיגען אייזעל. ער יאָמערט, ער וויינט — מען מאכט חוזק אויס איהם; מען וואונדערט זיך: וואָס וויל דאָס אייזעל? עס האָט דאָך זיינע פיער פיס.

איך פיהר דיך דא אין א קליין שטעדטיל אין שוואבען. מען שרייבט דעמאָלט א פנים 1510, א יוד האָט דעמאָלט א גנבה געטהון און מען האָט איהם פער'משפט צו דער תליה. ער מוז נאָך פאר'ן טויט זיך שמד'ן. ער וויל אָבער נישט. האָט מען געבראַנגט א ווילדען קצב־הונד און מען האָט איהם אויפגעהאָנגען צוזאמען מיט'ן יוד מיט'ן קאָפ אראָפ אויף איין גאַלגען. און בשעת דער ווילדער הונד צערייסט דעם יוד'ס אברים אויף שטיקער, מיטשעט זיך אונטען דער גלח צו פרעדיגען די הויכע לעהרע פון דער ליעבע....

חאָטש עס שטעהט אַזוי אין דער קראָניק און עס איז נישט עפּיס קיין אויסטערלישע אכזריות, קלינגט דאָס ווי א העסליכער חלום, ווי א מורא'דיגער משל.

עס איז נישט נייטיג צו דערמאַהנען אָן די גרויסע צרות, און די רדיפות אונטער די קאפּעטינגער, ביז צו די שחיטות אם רהיין; עס איז נישט נייטיג צו דערמאַהנען די טייכען אונשולדיג בלוט; די בע־דריקונגען פון די פריצים; די בייזע גזירות פון די שטעדט; די צייכענס, וואָס מען פלעגט יודען צו מאכען אויף די קליידער, כדי זיי זאָלען

זיך שעמען; די בעזונדער גהעטאָס, וואו מען פלעגט די יודען איינצומויער׳ען; די אונזיכערהייט, וואָס אַלץ וואָס זיי האָבען געהאַט איז נישט זייער געווען; מען האָט זיי מבזה געווען מיט דעם וואָס מען האָט זיי פאָרגעשריבען מיט וואָס זיי קענען האַנדלען און מיט וואָס נישט, און אפילו אין די בעסטע צייטען האָבען זיי געלעבט אַ פאַראַזיטען־לעבען, דאָס הייסט, נאָר פון יענעם. דאָס אַלץ שטעהט אין יעדער היסטאָריע. דריי זאכען מוזען מיר אָבער בעוואונדערן: ערשטענס די דעמאָנישע קראַפט פון די יודישע טבע אַלץ צו קענען אויסהאַלטען; צווייטענס די זעלבסטפערשטענדליכקייט. וואָס אפילו די ליכטיגסטע גייסטער פון די קריסטען האָבען געפונען אין דעם דאָזיגען גורל פון יודען, און דריטענס, וואָס די פאַנטאַזיע פונ׳ם פאָלק איז קיינמאָל נישט בעאונרוהיגט אָדער בעטריבט געוואָרען פון דעם אויף איין אופן מען זאָל עס דערקענען, אין קיין שום אַלטע מעשה געפינט מען נישט קיין טרויערקלאַנג אויף די יודישע צרות, אין קיין שום ליעד געפינט מען נישט, אַז זיי זאָלען געווען מודה זיין, אַז זיי האָבען שלעכט געטהון, אין קיין שום דיכטונג איז נישטאָ קיין בילד דערפון. עס מוז דאָך אַ מאָל אין עפיס אַ האַרץ אַ פינק אריין געפאַלען זיין און נאָך עפיס אַנדערש בעוועגט האָבען, ווי די גלייכגילטיגע פערדער פונ׳ם קראָניקער. נאָר אַרום די געשטאַלט פון אחשור, דעם „עווינען יוד״, וואָס איז אַרויסגעוואקסען פון אַ גאַנץ אַנדערער ערד, שפינט זיך אַרוים עפיס אַ נישט דייטליכע ודוי אויף די שולד.

אָבער וואָס נוטצט, אַז דער רוצח איז מודה, ווען דער מאָרד איז שוין געשעהן? די צרות פון די יודען זייט דער צייט פון קאַרל דעם גרויסען ביז צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן צייגט אונז אַ שרעקליכע רציחה, ווי מען האָט ביסלעכווייז געמאָרדט דעם גייסט מיט דעם האַרץ. דאָס רשעות האָט געהאַט זיינע כללים און זיינע געזעטצע. ווי די רעמישע קירכע האָט זיך אָנגעהויבען אייסצוברייטען, האָט געפונען די יודען, וואָס שטעהען פון דער ווייטענס און קוקען צו ווי ער האַלט מלחמה מיט פעלקער און מלכים, פיר אומבעקוועם, ווייל די יודען ווייסען מעהר פון זיי און שטעהען אויף אַ העכערע מדרינה פון זיי. מען האָט דעריבער די יודען באַלד געמאַכט אַ שלעכטען שם און זיי זייער כבוד אוועקגערויבט, און דערמיט איז אויך פערשוואונדען די זיכערהייט פון זייער עקסיסטענץ. דער יוד האָט שוין נישט מער

געהאַט צו שאַפֿען איבער זיינע איינענע פֿרייע קרעפֿטען, די ערהאַלטונג פֿון זיין לעבען אַליין האָט שוין בעשטעטיגט זיינע אַלע כחות און גייסט. זיינע געפֿיהלען האָבען זיך פֿערדונקעלט, זיין נשמה איז פֿער־דאַרט געוואָרען, אַ שטיינערנע מויער פֿון שנאה האָט ער געמויערט אויפֿבויען אַרום זיך. אַז מיר קלערען זיך איבער ווי אויס די דאָזיגע ערנידעריגטע, צעטרעטענע, געשינדענע, געפּייניגטע מענשען, וואָס האָבען תמיד געלעבט אין איין פחד — אַז מען האָט זיי נאָר גע־לאָזט אָבסאַפּען, זענען אויס זי אַרויסגעוואַקסען ושעניען, וואָס האָבען מיט'ן קראַנקען גוף געזוכט דעם וועג צום מאָרגענרויט פֿון נייע צייטען, זעהען מיר וויפֿיעל גייסט און העלדענמוטהים ביין האָט אין די יודען אָבגעהערג'עט, אַז די נאַשהייט וואָס מען האָט זי געוואָלט דריגען, איז בעלײדיגט און געשענדעט געוואָרען אין איהר אינגעווייניגסטער אידעע. אינ'ם אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען נאָך שריפֿטשטעלער געקאָנט דעם הויכען געדאַנקען, אַז יודען זענען אויך מ ע נ ש ע ן, מיט אַ התלהבות פֿון ענטדעקער, מיט'ן גאַנצען האַרץ אַרויסרעדען. ווען עס איז ערגעץ אין וועלטרוים פֿאַרהאַן אַ געטליך וועזען, וואָס האָט דאָס שטיל צוגעקוקט, האָט זיין הימעל געמוזט פֿאַר געלעכטער ציטערן, אין דא קאָניץ, פּאָלנאַ, גאַליציען, און נאָך... באמת. די מענשען זענען פֿייג, פֿויל, שטומפּינע נארישע בהמות. וואָרען ווען ניט, וואָלט זיך עפּיס מעהר געדודערט אויף דער וועלט נאָך דעם.

דאָס איבריגע מוז מען שווייגען.

נו, ווי איז דאָס יודישע פֿאָלק אַרויס פֿון די אַלע צרות? און וואָס טראַכט עס ערשטענס צו זיין אייראָפּעאישע פֿערגאַנגענהייט און צווייטענס, צו זיין אַזיאַטישער פֿערגאַנגענהייט? יענע איז פֿול שאַנד, עלענד, נידריגקייט, פֿינסטערניש און די, די אַזיאַטישע, בעריידט גבורה, כבוד, רוהם און גרויסע מעשים. דער היינטיגער יוד וואָלט בעדאַרפֿט יענע זיך אַרויסצושלאָגען אויס'ן קאָפּ און אין דער דאָזיגער זיך האַלטען. ער מוז נישט פֿערלייקענען די צייכענס פֿון די שלעג, וואָס ער האָט בעקומען, זיי קען מען נישט אָבטיילען פֿון זיין נאָמען, אָבער ער זאָל אויך נישט פֿערגעסען די קרוין, וואָס האָט אַמאָל געלייכט אויף זיין קאָפּ. ווי ווייט דאָס וועט איהם געראָטען און אויב דאָס וועט איהם פֿיהרען צום האַרמאָנישען מענשענטום, דאָס ווענדט זיך אין זיין

פערזענליכקייט פון דער שטאַרקייט, וואָס ער ווייזט ביי זיין ווילען צו די צוקונפט. אין דעם ווענדט זיך אויך זיין ראָלע אינ'ם שטאַט און אין דער געזעלשאַפט.

מיין מיינונג איז, אַז דאָס וואָס מען רופט „יודענפראַגע" איז פאַר'ן היינטיגען יוד נישט אַנדערש צו פערענטפערן נור מיט זעלבסטבעוואוסט־זיין און מיט דערוועקונג פון דעם גרויסקייט פון די אַלטע צייטען.

איך וויל נישט רעדען פון „נאַציאָנאַליטעט". דאָס לערנט נור אַזוי איינער אויס דעם אַנדערן נאָכזאָגען; אפילו דער בעגריף פון ראַסע איז נור אַזאַ אָבגעשמועסטע זאַך. — דאָס האָט נישט קיין גרענעץ.

אָבער דער יודישער מענש, אַלס ספּעציאַליטעט עקסיסטירט אויף דער וועלט און דאס האָט מען צו פערדאנקען דער קאַטוילישער קירכע, דער אייראָפּייאישער פינסטערניש און נאָך.

לאָמיר אָננעמען, אַז די עמאַנציפּאַציאָן, די בעפרייאונג פון די מענשען, האָט געבריינגט אַ נייע גיטע צייט; אָבער פאַר די אָרימע ובפרט פאַר דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט דאס עלענדסטע און בעיאָמערענסווערטעסטע, איז דאָך דאָס געווען נור געפּלוידערט. זי האָט געשאַפען איין איינענעם טיפּוס פון יודען, וואָס איז נישט תמיד צום גוטען, מען וויל אין איין אָטעם אַלדינג וואָס איז געוועזען, אראָבוואַרפען פון זיך און זיך אָנפילען מיט איצטיגען. פון דעם קומט נור אַרויס נערוויש, צערודערטקייט, צעריסענ־הייט. מען שרייט דאָרט, וואו עס וואָלט ניצליכער געווען דאָס שווייגען. דער יוד שטיפט זיך צופיעל אומעטום — קען מען איהם נישט ליידען. די פרייד איבער דעם נצחון לאָזט דעם יוד פערגעסען, אַז טראָגען די רעכטע, וואָס ער האָט בעקומען, ווערט ער נור געדולדעט. דאָס איז צו ווייניג, יודען! — דאָס וואָס דער יוד נייגט נור בעשטענדיג צו גייסטיגען לעבען, מאַכט פערגעסען, אַז דער קערפּער האָט נאָך געהאַט צו ווייניג זונענליכט און די נשמה צו ווייניג מנוחה. אזוי ווערען די יודישע כוחות אויסגעשעפּט. אַז דער פלאַם צעברענט זיך צו שטאַרק אויף איינמאָל, ברענט ער זיך באַלד אויס.

און די קאַפּריצען. אין איין טייל פון די יודען העט'שט נאָך דער גייסט פון איין אנשלאָפּענעם קנעכט. מען וואָלט געקאָנט זאָגען: די צייכענס פון די קייטען זעהט מען זיי נאָך אפילו אן, אָדער זיי פיהלען נאָך אינעווייניג די שלעג. עס דאַכט זיך, אַ דעמאָן האָט דיער

וועזען פאַרהאונגרעט און פּארסמ'ט; דערזעלבער דעמאָן נויט זיי צו טהון, וואָס פיר זיי טויג נישט; זיי ווייזען זיך פאַר עפּיס, וואָס זיי זיינען נישט און וואָס זיי בעמיהען זיך קיינמאָל ניט צו זיין, דאס איז — פרייע מענשען. דורך דעם מאַכען זיי זיך לעכערליך און רייצען אויף זיך די וועלט. זיי זיינען אָדער צו גרויסע עזות־פּנימע'ר און מיינען, אַז קיינער איז צו זיי נישט גלייך אָדער זיי זיינען שפל ביי זיך און וואָלטען זיך אליין געשמיסען. אַלע יודישע מעלות זיינען ביי זיי עברות געוואָרען, און די עברות זענען זעהר שאַרף. דער אמת'ער יוד האָט אין אידעל געפיהל און האַלט זיך צוריק פון אַלעס, און זיי, די כלומרשט אויפגעקלערטע, זיינען פרעך און שטופען זיך, וואו מען ברויכט זיי נישט. דער אמת'ער יוד איז שטאָלץ און שעמעוודיג און זיי זיינען קנעכטיש און אָהן בושה. ביי זיי איז געוואָרען חריפות צו חכמה'לעך. זיי זענען שוואַכע מענשעלעך, די האָט מאַכען זיך אַזוי־שטאַרק, דאָס זיינען די יודען, וואָס, אַז זיי דערזעהען אַ „דייטש", פארדרעהען זיי די אויגען און בלייבען שטעהן ווי אנגעקאָוועט. ביי זיי טרעפּט מען די גרעסטע שונאים פּנ'ים יודישקייט, וואָרען זייער נאַכלויפען דעם כבוד טרייבט זיי אויף אַ וועג, וואָס דאָס יודישקייט שטערט זיי. דורך זיי ליידט דער אמת'ער יוד אָהן אַ שיעור, אַזוי ווי איינער ליידט פון אַ ברודער, וואָס יעדער האָט איהם פיינד דורך זיינע בייזע מעשים און ער מיינט, אַז ער טהוט אַזוי גוט, אַז יעדער מעג זיך ביי איהם לערנען און איהם מקנא זיין. זיי זענען דער פסולת פונ'ם פאָלק, זיי זיינען פושעים, זיי פערלייקענען די נשמה, די אידעע. זייער נשמה איז נישט גערייניגט געוואָרען דורך די צרות פון די ליידען, נאר שמוציג געוואָרען. זיי זענען אם מייסטען דערוויטערט געוואָרען פון דער געשיכטע, פון די מלחמות אין פון די האָפנונגען, וואָס דאָס יודענטהום האָט געהאַט און צום סוף קומט דוקא פון זיי אַרויס די גאַנצע שנאה צו יודען אויף דער וועלט, ווייל די וועלט קען נישט מעהר פון יודען נאר זיי. עס איז תמיד אַזוי; אַ פלעק אויף אַ טייער קלייד ציהט מעהר אויף זיך די אויגען, ווי דאָס קלייד אליין.

זיך צו פיהלען פרעמד צווישען פרעמדע אין אַ פרעמד לאַנד האָט דער יוד, וואָס קען זיך אליין, קיין מאָל נישט פערגעסען. וואָרען פון ליעבע איז איהם נאָר נישט הערויסגעקומען. ער האָט קיינמאָל נישט געטאָרט אויסווייזען, אַז ער האָט אַ רעכט אויף זיין בעזיץ.

אָבער דורכדעם מאַקי האָט ער אינעווייניג, פערבאָרגען, געליעבט דאס לאַנד און די געגענד, וואו ער וואָהנט. עס זענען געוועזן יודען, וואָס אויס בושה איבער אזא פערבאָרגענע ליעבע זענען זיי אין זייער געפיהל־שגעון געוואָרען ליגנערס, זיי האָבען פערלייקענט זייער געפיהל. איך מיין, אז היינריך היינע האָט עפּיס פון דעם געהאט.

פון פיעל זייטען שרייט מען צו די יודען: פערמיישט אייך! העיר אויף צו זיין יודען! פעראייניגט אייך מיט די פעלקער, וואָס איהר וואָהנט ביי זיי. אָבער ווי אַזוי שטעלען זיך די לייט דאָס פאָר! ווי אזוי דענקען זיי זיך דעם פּראָצעס פון דער פערמישונג? עס טרעפט זיך אפילו אָפט, אז א יוד שמד׳ט זיך, אָבער דאס טהוען נור די ערגסטע יודען. אז מען וויל זיך פערמישען מיט איין אַנדער פאָלק מוז מען זיך דאָך טויפען, וואָרען אז נישט, וועט דאָך עס גאָר נישט העלפען. נו זאָל די נייע צוקונפט באלד אָנהייבען מיט א ליגענד, מיט א שווינדעל? זאָל דער איידלער יוד זיך אזוי פיעל אינעווייניג דערנידרינגען, כדי ער זאָל אויסענווייניג פריי ווערען און אין דער געזעלשאפט זאָל מען זיך צו איהם נישט טשעפען? דער אָבגעשינדענער אייזעל ווערט נישט געהיילט, אז מען מאַכט איהם צו אויהרען מיט א שוואַנץ פון פאַפּיער. ער ווערט דאדורך נור לעכערליך.

אזוי לעבט דער יוד אין א משונה׳דיגער אבגעזונדערהייט. ער איז נישט אזוי אליין, ווי באזונדערה. דער קאָסמאָפּאָליטיסמוס פון היינטיגען מאָדערנעם יוד איז א פּראדוקט פון די אבגעזונדערטהייט, דאס וואָס ער איז זיך אזוי מוסר נפש פאר די פאַמיליע איז א שוצמיטעל געגען דעם. ער זוכט איין אנהאלטעניש אין דעם גייסטיגען לעבען און אין דער קונסט. זיינע אונרוהיגע חושים זענען פּרובירבאר און ערקענען אלע נייעס׳ען, אלע גרויסע זאכען, און ער אָפּפערט זיך אויף, צו געהן דאס אויסרופּ׳ען און צו געבען וויסען דער וועלט. דער יוד זוכט זיך זיין כבוד און זיין רוהם אין דעם, וואָס ער פערגיסט אן זיך אליין איבער א גרויסע זאַך.

מען האָט אָפט געזאָגט, אז די קראַפט פון דער יודישען נאַטור ליעגט אין איהר פעהיגקייט צו פערענדערען זיך און זיך צוצופּאסען צו אלע צייטען און צו אלע לענדער. איך זעה אָבער אין דעם גישט קיין סוד און נישט קיין קראַפט. דאס איז נישט מעהר ווי אונטער־

געבונדענע קולטור. דערשטיקטע ענטוויקלונג, וואס מען לאזט זי אמאל נאך, ווייסט זי שוין דאן קיין שיעור און קיין גרענעץ נישט און ענט־וויקעלט זיך מיט שטורם. די כוחות, וואס זענען געווען איינגעפרעסט אין ענגען רוים האבען די מאכט פון דער זעעל, וואס אמאל מעהר דערשטיקט און די נייסטיגע ארדנונג צעשטערט, אזוי אז היינט זיינען די בעסטע יודען נור „שטימונגס־מענשען", דאס הייסט מענשען וואס זייער נשמה לייכט נישט, נור שימערט ווי פאספאר. אז מיר זעהען ווי אין די זעכציגער יאהרען האט זיך פיליפ מאינלענדער, וואס האט געשריבען די פילאזאפיע פון דער אויסלייזונג אין שפעטער אטא וויינינגער, אליין דעם טויט געמאכט, קענען מיר דערפון אבלערנען אין א וואס פאר נעגאטיוויטעט פיל מיט יאמער, אין וואס פאר א פער־צווייפלונג אהן א גרענעץ דער יוד פאלט אריין, ווען ער פאלט פון דער פולער העכסטער ערקענטניס פונ'ם יודישקייט אין דעם אבגרונד פון זיין אייגענעם וועזען. זיי לאזען זיך נישט בעגנינגען מיט דעם נעדאנקען פון זיינעט וועגען, מיט דעם חלום אלס הלום, נור זיי טראכ־טען איהם צושטאנד צו בריינגען אין דער אויסענוועניגסטער וועלט, וואס גרעסער די אידעע איז, אלץ טיעפער איז שפעטער דער אב־גרונד, וואס זיי פאלען אין איהם אריין. אונבעגרייפליכער מאטעריא־ליסמוס איז ביי זיי אין דער גרענעץ פון פילאזאפישען אידעאליטעט; אט דאס זענען די צוויי זאכען, וואס זיינען זיך סותר אין דער קראנ־קער יודישער נאטור.

אז מען וועט אבער פון דעם וועלען אבלערנען, אז די לעבענס־זאפט פונ'ם יודישען פאלק איז שוין אויסגעטריקענט, האט מען א טעות. מיר שעפען פון א טיעפען ברונען און אויב די קייטען פונ'ם ברונען זיינען שוין פערזשאווערט און די עמער איז שוין געלעכערט, וועט זיך עס לאזען אויסבעסערן, עס זיינען למשל נאך היינט פארהאן אין רוסלאנד יודישע פרויען און מיידליך, וואס עס איז אויף דער גאנצער וועלט נישט דא זייערס גלייכען אין פיינהייט, בריה'שקייט, ערנסטער לעבענספיהרונג און אמת'ער פרומינקייט. זיי האבען אין אויג תמיד דאס בעוואוסט זיין פון א גרויסע פערגאנגענהייט. אין פאר דער איידעלקייט, וואס איז אנגעשריבען אויף זייער שטערן, וואלט געמוזט דער שטאלץ פון די עלטסטע משפחות אין אייראפא בלאס ווערען,

אפשר האָט ניצשע אויך זיי אין זינען געהאַט ווען ער האָט אויפגע־שריעבען זיינע אינשטערבליכע ווערטער איבער דעם מאָדערנעם יודענ־טהום.

עס איז נישט קיין יושר אָבצומעסטען דעם כח פון א פאָלק נאָך זיינע שוועכלינגע, זיינע מדות נאָך זיינע בעלי־עבירות, זיין רעליגאָן נאָך זיינע אבטריניגע און זיין קונסט נאָך זיינע פילוסאָפער; גענען די ודען פלעגט מען זיך תמיד אזוי נוהג צו זיין. איז דער קריסט געווען נישט פעהיג און אהן טאַלענט, האָט מען די פעהיגקייט און דאָס טאַלענט פין די יודען מיט רשעות מבזה געווען. אויב עס וועט אמאָל אויפשטעהן פאַר יודען א מליץ־יושר וועט ער האָבען מאַטעריאַל אָהן א שיעור.

אָבער צו וואָס ברויכט מען א מליץ יושר. אז די יודען וועלען שכל האָבען וועלען זיי זייערע אינעווייניגסטע כוחות נישט פערברייני־גען אומזיסט אין א קאַמף, וואָס ניצט גאָר נישט, ווייל ער קאן נישט האָבען קיין לעבעדיגע ווירקונג. דער יוד פערגעסט, אז דאס פאַטער־לאַנד האַלט איהם נישט פאַר ווערט, איהם איבערצוגעבען אלע עמטער און ווען ער קאן נישט ווערען א דייטש אָדער א רוס אין דעם פולען זין, זאָל ער דעריבער ווערען מעהר מענש. דאס איז א ציעל, וואָס איז ווערט דערפאַר צו ליידען, אלץ וואָס ער ליידט צאָהלט זיך אויס. עס וועט אפשר אמאָל אויפשטעהן א זשעניע אויס ן יודישען בלוט, אמאַן פון די טיעפסטע ערפאַהרונגען פון די ליידען, וואָס האָט אַם מייסטען געלערנט פון די יודישע צרות און האָט דאָס שטאָלצעסטע בעוואוסטזיין פון זיין איידעלקייט; אָט ער וועט זיין די גרעסטע נקמה פאַר די יודען, דען די גאַנצע מענשהייט וועט צו איהם בעדאַרפען און וועט מיט בושה אנגעמען, דאס וואָס ער וועט זיי געבען.





# די יודען ביי סטעפאן זשעראמסקי.

---

עליזיע ארושעשקאָ, ווי א ערבא־ימדיגע מאַמע, מיט אַ ברייט הארץ, וואָס ציהט אויס די הענד, צו בענשען קעפּ און אַרונטער צו נעמען הינטער איהר פליגעלען „געבעך־ס" — סיי זיי ווילען, סיי זיי ווילען ניט — האָט אין דער לעצטער צייט אַרויסגעגעבען אַ בוך, אַ זאַמלונג, פון איינינע פוילישע שריפט־שטעלער, פערשיעדענע בילדער פון יודישען לעבען. Z Jednego strumienia

יודען אין פוילען זענען אַ געוויסע קראַפט. צו אַ מאַטעריעליע צו אַ קולטורעלע, צי מיט אמת אָדער מיט פאַלש, אָבער יעדען פאַלס אַ קראַפט וואָס מען מוז זיך מיט איהר רעכענען, אַז נישט וואָלט דאָך די פראַגע אַזוי די קעפּ ניט געבראָכען... נעמענדיג דאָס בוך אין דער האַנד אריין, וואָס עליזיע אַרושעשקאָ האָט אַרויסגעגעבען — פערלאַנגען מיר אַ תירוץ אויף די פראַגע: אין וואָס ליעגט די יודישע קראַפט, וואָס לאָזט זיך ניט ברעכען?

אָבער וואָס זעהען מיר? דאָס בוך איז אַ שפּיטאָל פון פערשיעדענע קאַליקעס, אָרימע, אָבגעריסענע יודענעס, אידיאָטישע יודען, לאָמע, שטומע, בלינדע — לעבען אין ניט און דחקות. דאָס איז די עטיק, איבערהויפּט פון די יודישע אַסימילאַטאָרען. אַנשטאַט וואָס זאָלען געבען און פאָדערן — בעטעלן זיי. דאָס איז פּונקט אַזוי, ווי דער בעל חוב וואָס קומט דעם חוב מאָנען, און דער מלוה מאַכט אַ קרימע מינע: פּאַני לעבען, איך בין נאָך קראַנק, אָרים, אַ שמאַטע — ניט ווערט אויף מיר זיך אַרום צו קוקען...

איך וויל אָבער רעדען פון זשעראמסקין.

זשעראָמסקי האָט ניט קיין שום פּרעטענזיע צו קענען דאָס

יודישע לעבען און צו שרייבען פון איהם. — זשעראָמסקי, וואָס קוקט מיט די אויגען פון א קינד, פיהלט ווי א קינד — און ליידט ווי א נביא — ליעבט אלעס, וואָס ליידט און לעבט מיט איין גרויסען אמת.

דער וואָס לעבט אין פוילען — און שרייבט פון פוילנישען לעבען מוז, ווען עס איז נישט מיט א טענדענץ, ווי ביי איינע, האָבען א געוויסע משא ומתן מיט'ן יודישען לעבען. ווארום שרייבענדיג פון וואלד מוז איך בעשרייבען דעם בוים, וואָס שטעהט מיט מיר אין שכנות. דער יוד ווייזט זיך ניט אויף די פאָלנישע פעלדער דורך־געהענדיג. ער וואָהנט דאָ, האָט זיין שוהל און זיין בית־הקברות...

ביי זשעראָמסקי'ן געפינט מען איין טיפ. א יוד וואָס טקערט די ערד.

איך געדענק, טרעפענדיג זיך אמאָל, ניט לאנג, מיט'ן פערזשאָר־בענעם סעקרעטאר פון דער ווארשווער קהלה, גרויסגליק וואָס איז בעשעפטיגט מיט דער האָפענונג, מאָרגען וועט זיך פאר זיין פענסטער א יוד מיט א גוי צו קושען — האָט מיר זיין ענטציקונג אויסגעשפראָכען איבער דעם טיפ, וואָס זשעראָמסקי האָט אריינגעפיהרט אין דער פאָלנישער ליטעראטור, א יוד אַ ערד־ארבייטער. דער „פאָמשיוועראסימילאטאָר האָט מיט אַ נאמת נעגלויבט, אז הי זשעראָמסקי האָט דירעקט מיט א טענדענץ אריינגעפיהרט דעם טיפ, כדי אויסצושטעכען די אויגען די אנטיסעמיטען — ביי זשעראָמסקי'ן אָבער איז דער לאָמער אָריש, (דער נאָמען פון דעם העלד), „אויסגעוואקסען ווי א בוים“ — „אזוי ווי די קוליע צו אָרישען“, אזוי איז אָריש, אין גאנצען מיט זיין פיגור, גלייך געווען צו א בוים, צו א ווערבע, צו א שטאם מיט קורצע ווארצלען“.

„ליבוש בעארבעט אליין די ערד; צו דעם אקער שפאנט ער זיך אליין איין, אָדער זיין ווייב... (בעשרייבט הי זשעראמסקי. דעם איינציגעם טיפ אויף אנ'אנדער אָרט.) שלעכט אָבער האָבען זיי בעארבייט זייער נחלה, — דער האָבער איז געווען ארעם, — דער פערזימער ווייטץ האָט קיינמאָל דין מאָס ניט צוריק געגעבען, נור דער ערבארימדיגער קארטאָפעל האָט נעקאָרמעט די פאמיליע, אונ אָריש'ס פאמיליע איז גרויס געווען אָהן עין הרע. אין דער קרימער האַטע ביי וועלכער עס האָט זיך ניט געפינען קיין שטאל, קיין שפייכלער קיין קאמער קיין פלאָט, איז געשטאנען א קליין

שטיבעל, פיל מיט קינדער. ווען עס זאָל צו די קינדער צו קומען נאָך איין קינד, אָדער נאָך איין קאַזע — וואָלט געווים דאָס הייזעל צופאַלען אויף שטיקלעך.

דאָ ציהט אַ מענש זיין שוואַרצע חיונה, פון דער שוואַרצע ערד ארויס — מאַטערט זיך, און דאָ האָט איהר נישט קיין חסד, קיין רחמים; דא זעהט איין מענש דעם צווייטען, דאָ פיהלט איין מענש דעם צווייטען, און ליידט, ווייל דער צווייטער ליידט. —

אַ שרעקליכע צייט איז געווען פאַר אָריש'ן, ערשט דענסמאָל, ווען כמעט יעדער פון די בויערן, וואָס איז נור געווען ביי די כוחות, איז געגאַנגען אויף ארבייט אין אַנ'אַנדער לאַנד. די הייזער האָט מען פערמאַכט, און איבערגעלאָזט אויף נאַט'ס חסד, אַז עס וועט זיי קיין שום שלעכט'ס געשעהען, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געלאָזט אויף דער ארבייט. אָריש (דאָ הייסט ער לייב) האָט נישט געקענט פאָהרען אין פרעמדען לאַנד אויף ארבייט, וואָרום ער האָט ניט געקענט גוט זייען, און האָט ניט פערמאָגט „קיין גוטע כוחות“. אליין איז ער איבערגעבליעבען אין ליידיגען דאָרף, און געשטאָרבען מיט ווייב און קינדער פאַר הינגער...

די בעציהונג פון זשעראָמסקי'ס אָריש צום פריץ איז ניט, ווי דעם „מה יפית“ יוד, וואָס ווי ילט דעם פריץ מיט זיין באָרד און פאות, ווי ארזשעשקאָ פלעגט מיט נרוים רחמנות בעשרייבען—זשעראָמסקעס יוד — האָט איין סוד מיט'ן פריץ. דאָ טרעפען זיך צוויי מענשען, —צוויי בוימער, וואָס זענען אויס געוואַקסען אויף איין הויפען ערד, און נאָגען חיונה פון איין זאַפט, פערשטייהען זיך, און עס פיהלט איינער דעם צווייטען.

„דער פאַן קאַפּיטאַן—פערציילט זשעראָמסקי מיט'ן יוד'ס לשון— ווען ער איז אָנגעקומען מיט לייכטע טריט, האָט ער ליעב געהאַט אַ נידער צו זעטצען זיך אויף אַ שטיין און צו קוקען ווי אָריש ארבייט. ער איז ניט דער פאַר געקומען, אַז ער זאָל אָרישען אָבהיטען... דאָס איז ניט אַזאַ מענש, וואָס קוקט דעם צווייטען נאָך... אָריש'ן דאַרף מען ניט אָבהיטען. ער האָט זיך אַ נידער געזעצט אויפ'ן שטיין, דעם קאָפּ, אויף די הענד אָנגעלעהנט און געקוקט.

אָבער פאַר די קליגסטע רייד שטעהט העכער אַזאַ שטום קוקען. ווען אַ מענש קוקט אַזוי אויפ'ן צווייטען מענש. — — —

איינינע מאָל האָט ער זיך אָנגערופֿען ניט פֿון פֿערדינסט, ניט פֿון טרינקען און עסען, ניט פֿון דער, נאָ־ פֿון יענער וועלט... אָריש געדענקט ניט, קען ניט נאָך פֿערציילען וואָס דער פריץ האָט געזאָגט פֿון יענע זאַכען, פֿין סאַמע גאָט, אָבער פֿין דער מינוט אָן ווען ער טהוט אָן דעם טלית און הייבט אָן צו דאַווינען — ווייס ער געוויס, אַז ער זאָגט דעם ריינעם אמת... דער פריץ רעדט ניט ווי אַ גוי צו אַ יוד, אפֿילו ניט ווי אַ יוד צו יודען. אַמאָל איז דער פריץ געקומען, לאַנג האָט ער שטיל געשווינען און צום סוף האָט ער געפֿרעגט אָרישין פֿון יענעם לעבען, פֿון אייבינקייט, וואָס איז ווען אַ מענש שטאַרבט... און דער נאָך האָט ער געזאָגט אַזעלכע הויכע ווערטער צו דעם אָרימסטען יוד פֿון וואַגאַנקי, איז אָריש האָט ערשט דערנסמאָל פֿערשטאַנען זיין חכמה...

דאָס איז ניט דער פריץ, וואָס האָט ליעב דעם יוד׳ס „מה יפית“— דאָס איז ניט דער געוועהנליכער סענטימענטאַלער פּאַנטער, וואָס די פּאָלנישע שריפֿטשטעלער האָבען זיך אַזוי פֿערליעבט אין איהם. דאָס זענען צוויי מענשען פֿון צוויי פֿערשיעדענע וועלטען — אין איין מינוט טרעפֿען זיך די מענשען און פֿערשטעהען זיך, און ליידען בשותפות, ווי זיי וואָלטען געהאַט איין פֿערגאַנגענהייט און איין צו־קונפֿט...

דער יוד אָריש איז איינער פֿון די איידעלסטע, טרויעריגסטע ערשיינונג אין זיין עפּאָס „Popioły“.

זשעראָמסקי קוקט ניט אויף די יודישע אָרימקייט מיט נשויסע אויגען פֿון ערבאַרימדיגען „אָרדענטליכען מענשען“ וואָס קוקען אויף אַ קאַליקע — און שאָקלען זיך אָב, וואַרפֿענדיג איהם פֿון דער־ווייטען אַ צווייער אַ נדבה, ניטוועלענדיג דערביי זיך די ריינע האַנדשוה בעשמוצען. די יודישע אָרימקייט ביי זשעראָמסקיען טראָגט ניט אויף זיך דעם ספּיציעלען יודישען סטעמפּעל, מיט וואָס אונזערע בעלי־רחמנות פֿלעגען אונז חתמחנהן — : „זעהט, ווי קראַנק, ווי שוואַך, ווי אָרים, עס איז נישט ווערט דערזאויף זיך אַרום צו קוקען“. די יודישע אָרימקייט ביי זשעראָמסקי איז אַ ווייט טיעפֿערע, אַ ווייט ברייטערע — דאָס איז אַ מענשליכע אָרימקייט. זאָל זי אַליין רעדען פֿאַר זיך.

אַזוי בעשרייבט ער איינע פֿון די אָרימסטע יודישע גאַסען

אין וואַרשע, די קראָכמאַלנע גאַס, אין זיין בוך „מענשען אָהן א היים“.

„אויסמיידענדיג דעם גאָרטען און דאָס אייזערנע טהויער דורך שמאָלע געסליך, צווישען קראָמען, סטראַגאָנען און געוועלבער איז ער אָנגעקומען אויף דער קראָכמאַלנע. דער זונ'ס הייסע שטראַהלען האָבען בענאָסען דעם רינשטאָק אין געשטאַלט פון א גאַס... ווי אַמאָל איז אויפן טראָטואַר געזעסען אַ אַלטע, קראַנקע יודענע און האָט פערקויפט ארבעס, — דאָ און דאָרט האָבען זיך גערודערט יודען מיט קעסליך זאָדע וואַסער, אין די הענד האָבען זיי געטראָגען גלעזער בעשמאָדערט מיט „צאַק“. — איינע, פון די, וואָס האָבען זאָדע וואַסער ארום געטראָגען, איז געשטאַנען הינטער אַוואַנד, אַנגע־ריסען ביז צום לייב, דאָס פנים געל און טויט, זי האָט זיך געבראָכען אויף דער זון — ווארום מענשען, וואָס זענען דאָרט ארום געגאַנגען האָבען מעהר געקענט דארשטיג זיין. אין די האַנד האָט זי געהאַל־טען צוויי פלעשער מיט פערשיעדען זיס־וואַסער, — איהרע בלייכע ליפען האָבען עפּיס גערעדט. אפשר אַ וואָרט, צו צורופען ווערען צום טרינקען? טאָמער האָט זי גאָט'ס נאָמען ערמאַנט, וואָס טאָר ניט דורך אַ שטערבענדיגען ווערען ערמאַנט. און אפשר אין גויט און היץ, ווי אַ וואָרם, האָט זי געוואָרפען אַ קללה דער זון און דעם לעבען?“...

— — — — — — — — — — — —

„... דאָ האָט זיך געוויזען אַ פאַבריק פון פּאַרוקען, בלייכע געלע, האַלב־געשטאָרבענע מיידלעך, אליין ניט אויפגעקעמטע, ניט אָב געוואַשענע, האָבען געאַרבייט, צוקעמענדיג די טויטע האָר... פאַר די הייזער, פון די טהירען, אפילו פון די אַלטע דעכער בעדעקט מיט בלעך אָדער ציגעל — וואו עס האָט זיך נור אַ פענסטעריל געוויזען, האָבען זיך ארוים געבויגען קראַנקע געזיכטער, דאַרע, לאַנגע־נעזן און עס האָבען געקוקט פערבלוט'גטע אויגען, בעגאָסען מיט טרעהרען— אָבער גלייכגילטיגע אויף אַלעם אין אָרימקייט. אויגען, וואָס אין איי־בינען טרויער חלומ'ן פון טויט... ביי אַ געוויסען טויער האָט אָדים (דער העלד פון דער ערצעלונג) צוזאַמען געשטויסען זיך מיט אַ קויפערין, וואָס האָט געטראָגען צוויי גרויסע קויבער מיט גריגס. אין גאַנצען איז זי געווען צו יאַחמעט, דאָס שייטעל פערוואָרפען ארונטער, ווי אַ הוט... די אויסגעזעצטע אויגען האָבען געקוקט ערמידעט רוהיג, אָהן לעבען,

אזוי ווי זיי וואָלטען געווען שאָלען פון אייער... אין די אויסגעזוּיצטע
ערדען אין שטערען און אין האלז האָט דאָס בלוט, דאכט זיך,
אויך געקלאפּט"...

אזוי בעשרייבט ה' זשעראָמסקי די יודישע אָרעמקייט.

ש. א ש.





# א „פאָראורטייל ווייניגער".

אונטער דיזען טיטעל פערעפענטליכט דער בעקאַנטער טהעאָרע־טיקער פון דער מאָדערנער נאַציאָנאַל יודישער בעוועגונג, מ ת ת י ה ו א ח ר ו ן, אַ זעהר אינטערעסאַנטען אַרטיקעל אין דעם וויענער „יודישען פאָלקסבלאַט".

פון זיינע אויספיהרונגען ווילען מיר דאָ מאַנכע פאַר אונזערע לעזער מיטטהיילען.

„עס איז די לעבענסאויפגאַבע פון דעם נאַציאָנאַליזם, שרייבט ה׳ אחר, זיך צו בעפרייען פון דער ראָמאַנטיק. דער יודישע נאַציאָנאַליזם וועט מוזען מיט אַ טייל ליעבהאַבערייען זיך זעגענען און אַ טייל אויפגאַבען, פאַר וועלכע ער פאַרווענדעט אַזוי זעהר ווייניג מיה, אויף זיך נעה־מען... איינע פון די ערשטע אויפגאַבען איז, אָהן אַ ספק, אַ רעוויזיע פון די הערשענדע מיינונגען איבער די יודען אין די מזרח־אייראָפּע־אישע לענדער... עס קען גאָר ניט גענוג ווידערהאָלט ווערען, דאָס די מזרח־יודישע גרופען, און נור דוקא זיי אַליין זענען די טרעגער פון אַ זעלבסט־שטענדיגער יודישער קולטור. און אימער ווידער מוז מען דערין דערמאַנען, דאָס דיעזע קולטור איז לעבענסוואַרם און וואָרצעל־קרעפטיג, און עס פעהלט איהר ניט לייכטענדיגע ציגע אויף דעם וועג פון דער טראַדיציע צו דער צוקונפט... לאַנגזאַם, אָבער זיכער דרענגט זיך דורך דאָס קול פון ביידע נאַציאָנאַל שפּראַכען פון דעם מזרח־יודישען פאָלק, פון זיינע קינסטלערישע ווערק, פון זיין בעזונדערען אָרגאַניזאַטאָרישען כח.

אחר שילדערט דאָן ווי די יודען האָבען אין אלע צייטען די אַנ־טיסעמיטען שטילערהייט רעכט געגעבען...

א יעדער שטות א יעדען שגעון, וואָס אונזערע פיינד וואָלטען ניט געוועזען אויסגעטראַכט אויף יודען האָבען מיר צו געגעבען. נור יעדער איינ־צעלנער האָט אלל דאָס ביז גרויפּגעליינט אויף זיין שכן, האָלטענדיג זיך אליין פאַר א „בעסערען מענש". און וואָס יעדער איינצעלנער האָט פראַק־טיצירט געגען זיין שכן, דאָס זעלבע האָט דאָס מעריב אייראָפּעאישע יודענ־טהום, אלס כלל, געטהון געגען דעם גאַנצען מזרח־אייראָפּעאישען יודענטום. אין די מזרח־יודען האָט דאָס מעריב־יודענטום געזעהען נור וואַבערניקעס, שווינדלער, פאַנאַטיקער, בטלנים און קבצנים. מען האָט פערגעסען פאַר דער איינענער טהיר צו קעהרען, עס איז געוועזען לייכטער אויף די מזרח־יודען זיך צו ברוגז'ן. דאָס האָט אָבער די איראָניע פון דער היסטאָריע ניט געקענט פאַרטראָגען. זי האָט געמאַכט אוים די מעריב־יודען א האַנדעלס־פאָלק, וועלכעס האָט געהאַט צו' ווייניג בעלי מלאכות, כדי צו קענין איבער־שפּאַרען די אַנטיסעמיטישע טענה׳ם און צו געווינען פערטרויען ביי די פאָרטשריטליכע פארטייען.

זי (די איראָניע פון דער היסטאָריע) האָט געוואָלט און האָט גע־מוזט וועלען, דאָס די מזרח־יודען, וועלכע זענען ביז אַצינד געוועזען פער־אַכטעט, פערשריגען אלס ליידיגגעהער און בעטלער, זאָלען, מיט זייער אימער מעהר אַנוואַכסענדען פּראָלעטאַריאַט, רעטען די אַרביימסעהרע פון דעם יודישען פאָלק...

דער פאַל איז געוועזען עפּים פריקרע אונ מען האָט זיך ניט געקענט ענטשליעסען איהם בעגרייפען, מכל שכן איהם גלויבען, צום אַנהייב איז געוועזען לייכט, דעם מות, דאָס האַרץ און דאס מייל פערשליעסען — דער נייער אמת איז נאָך נישט געוועזען איבערגעוועלטיגענד.

עס זענען אפילו געוועזען איבעראַל אין גאַליצען האַנדווערקער פון פערשידענע אַרט און נישט בלוים פון לייכטע מלאכות, עס זענען געווע־זען שטעלמאַכער, מויערער, טשעסלער, אויך בעלי עגלות. אָבער זיי זענען געזעסען אין זייערע שטעטלעך און זיי זענען ניט געקומען אין די מעריב־לענדער, בשעת די סוחרים, וועלכע זענען געוועזען געצויגען צו אַרמע לייט די רייכע האַנדעלסהערען אין מעריב, די קבצנים זענען זעהר אָפט געקומען. און דאַנן די בעלי מלכות וואָס זענען געקומען אין די מעריב־לענדער האבען נישט געקענט קאָנקורירען מיט די דאָרטיגע

אַרבייטער, ווייל זיי זענען נור געוועזען גאַליציש אויסגעבילדעט. וויעדער די נישט געלערנטע אונטער די גאַליצישע אַרבייטער זענען געווען קערפּערליך צו שוואַך, כדי אַלס טאַגלויהנער צו טויגען. אָבער וואָס דער גאַליצישער בעוויז האָט נישט געקענט פּועל'ן ביי דער איינגעשפּאַרטע לאָגיק פון די מעריב־יודען — דאָס איז אַצינד די רוסישע יודען געלונגען. די רוסישע יודען האָבען אין מערב־אייראָפּא די גרעסטע איבעראַשונג אַרויס געריפען, די איבעראַשונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט שוין נישט מעהר קיין צייט געהאַט זי צו פערהעהלען: מייסטענס מעכטיגע, נאַטירליך, שטאַרקע מענשען, בעשיידען, אָבער איממער בעוואוסט, אָהן אַ וויטענבליק צום האַנדלען, מיט אויסגעשפּראָכענעם פּראָלעטאַרישען בעוואוסטזיין; אָפענע, גאַנצע יודען, נישט האָבענדיג אַ ידיעה דערפון, אַז מען האַלט דאָ זייער יודישען מאַמעלשון פאַר פערדאָרבען דייטש; טיכטיגע בעלי־מלאָכות, געזונדע, קרעפטיגע טאַגלאָהנער... דאָס לאַנגגעזוכטע מערכען־לאַנד, וואו עס געפינען זיך יודען מיט אַלע די מעלות, וועלכע די מעריב־יודען האָבען ביז אַהער געהאַלטען פאַר "אַריש" און וועלכע זענען דאָך אין אמת'ן נור די איינגענשאַפטען פון נאַטירליכע און געזונדע מענשען — דאָס לאַנד איז ענטדעקט געוואָרען, עס איז נישט דאָרט, וואו דער יוד האָט געלערנט אללעס אויסערליך נאַכטהון, וואָס די אייראָפּעאישע בורזשואזיע טהוט, ווי למשל אין דייטשלאַנד. און אויך נישט דאָרט, וואו דער יוד רעטעט זיך פאַר דער פעראַכטונג פון באַרבאַרישע שכנים דורך אַ ביסעל יחוס־געפיהל און עראינערונג אָן אַמאָלינער גרויסקייט, ווי למשל די שפּאַניאָלען (ספרדים). דיזעס לאַנד איז דאָרט, וואו עס איז אַ ניי געשלעכט אויפגעשטאַנען, שריט האַלטענדיג מיט דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט, מיט אַ לעבעדיגען זעלבסטגעפיהל, — אַ געשלעכט פון אמת'ן אייראָפּעערטום און אמת'ן יודענטום".





# די נייע צייט.

אַ נייע צייט, פֿרישע האָפֿנונגען, פֿערצוויפֿלונגען. עס איז נישט דאָ בסעט אַ מענש, וואָס זאָל נישט עטוואָס ערוואַרטען פֿון דעם ריז, וואָס שטעלט יעטצט דען ערשטען שפּרייז — דאָס צוואַנצינסטע יאָהר הונדערט.

אַ יוד — איך בין אַ יוד הייב איך אָן פֿון יודען — אַ הייסער איז זיכער. אַז אין איהם, האָפּט עס איז אַ גוישע דאַטע, וועט קומען די יודישע רפואה: אַ משיח, וואָס וועט אויסטרייסלען די פּאָר גראָשען ביז ער וועט בלייבען אַ „עני רוכב על החמור" דאַן וועט מען איהן שוין נישט חושד זיין... ; אַ בית המקדש מיט קרבנות, וואו דער ריח נחוח וועט זיין אַזוי שטאַרק, אַז אַלע וועלען קאַטאַר קריעגען. אָקסען וועט, געלויבט זיין הייליגער נאָמען, קיין מאָהל נישט פֿעהלען...

אַ היטציגער קאַטאַליק איז זיכער, דאָס נישט נור גאַנץ איטאַליען וועט ווידער געהערען דעם פּאַפּסט נור פֿון לוטהער און אַנדערע אפּקורסים וועט קיין זכר נישט בלייבען, אידען מעגען בלייבען ; דערציילהלען גאַטטעס וואונדער, ווי אַזוי ער האָט פארבישען ירושלים אויף רוים, בית המקדש אויפ'ן וואטיקאַן, כהנים אויף פוילישע גלחים, לוים אויף מאָנאַכטן און נאָך מיט אַ צולאָג — מאָנאַבינען.

אַ יעזואיט בענקט נאָך די גוטע און פֿרומע צייטען. ווען מען האָט נעקאָנט דעם קאַלמען גלויבען אונטער וואַרמען...

אַ דייטשער שאוויניסט אין ברויטנעבער איז זיכער און ווינשט זיך, אַז אומעדום זאָל קלינגען די „וואַכט אַם רהיין" און די „פֿרייהייט" זאָל נור אַ יהם גוטע נוטצען ברענגען...

יעדער איז זיכער, האָפּט, רעדט. וועך וועט בלייבען ביים פערד קען מען נישט פאַראוים זאָגען, וואָרום עס דאַכט זיך, אז זיי שטופען זיך אַלע אומויסט: די סצענע איז שוין פערמאַכט: אַ משיח וואָס האָט אַסך געלד האָט נישט קיין חושק צו ווארפען זיי, ער זאָלעוועט די פּראָצענט. סיידען פּאַר׳ן טוידט, מיינט ער אָבער, אַז ער וועט אייביג לעבען. עס בלייבט אַלזא אַן אָרימאַן, דערביי פאַלט ער מאַקי יעטצט, ער האָט זיינע שוועריגקייטען: אין די פּאלאַטצען האָט ער קיין צוטרעט נישט. דער פּאַספּאָרט איז אויך נישט אין אָרדנונג. עס גלויבען איהם נור די, וואָס האָבען נישט וואָס אָנציווערען.

דאס היילינע פייער איז לאַנג אויסגעלאָשען און די ערד איז נאַס פון בלוט, פון דעם רעגען נייע אידעען, וועלכע עס זענען געפאַלען ווייט פאַרינעם יאהר הונדערט.

די אפיקורסים וואַקסען נאָך דעם רעגען ווי שוואָמען.

ביכמארק איז געשטאָרבען צעהן יאָהר פאַר זיין טוידט.

נישט איינער פון פאָריגעם יאָהר הונדערט האָט אונז מקנא געוועזען.

נו! אַט זענען מיר שוין. שוין מעהר אַלס הונדערט יאָהר ווי מען קאָכט אַ ליבעראַלע קאשע, גרייט צום טיש, מען רופט מענשען און—אַ בים אין מויל איז נאָך נישט דאָ. דער הונגער פאַרגרעסערט זיך נאָך, קוקענדיג אויפ׳ן עסען, וואָס שטעהט אויפ׳ן טיש. זיי פערגעסען אָדער מאַכען זיך פערגעסען, אַז נישט דאָס אָנגרייטען איז דער עיקר נאָר דאָס עסען. מען האָט זיך שוין געוואָשען, אָנגעפאַנגען מיט בלוט, נאָכהער מיט וואַסערדיגע רעדען, אָבגעווישט די הענד אין אַלערליי טהעאָריען, זמירות געזונגען, נאָך ווי געזונגען — מאַקי ווי חסידים „נאָכ׳ן" עסען, און דאָס איז אַלס אויפ׳ן ליידיגען מאָגען, ווארט, ווארט פעטערקע, נאָך אַ מינוט, נעהמט דער ווייל אַ ספר!.... און דאָס הארץ פּלאַטצט פון הונגער!..

אנייעם יאָהר הונדערט איז היינט, מען מאַכט רעסענענט פון אַלטען. אין היסטאָריע פאַרנעהמט עס געווים אַ גרויסען אָרט, אויבען אָן און עס פערדינט דען כבוד. וואָס האָט איהר ד׳אָ נישט: פעלקער וואנדערונג, רעוואָליוציאָנען, ערפינדונגען — נייע טעאָריעס, אַלטע לאַטעס, מיט איין וואָרט עס לעבט! דאָס ערשטע פיערטעל יאָהר הונדערט האָט געשמעקט נאָך מיט מיטטעלאַלטער, נאַפּאָלעאָן איז דאָס לעטצטע וואָרט פון מיטעל־אַלטער, ער האָט פון איהר כבוד וועגין אפילו אַ סעודה געמאַכט און

אָנשפּאַרנדיג זיך אויף איהר האָט ער דעם קאָפּף נעבראָכען, מיט איהם איז אַלעס פֿערשוואונדען. ער איז געוועזען אַ קרעכץ, וואָס דאָס פֿעאָדאַלישע מיטעלאַלטער האָט אַרויסגעלאָזען, אַ רעאַקציאָן געגען דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. מיט דעם זיפֿץ האָט עס בעוויזען, דאס עס איז נאָך נעגוג קראַפֿט אין האַרץ, פֿערקאַרפֿט... עס האָט אָבגעטראָטען פֿאַרנעהמט עס אַ שיינעם פּלאַטץ.

ווי נאָר אַנדערש קוקט די צווייטע העלפֿט!

דער קאָנטראַסט איז אַזוי גרויס, אַזוי דייטליך, אַז עס גלויבט זיך נישט, די צייטען זאָלען זיין אַזוי נאָהנט, אַזוי ווי יעמאַנד זאָל נעהמען און איבערדרעהען די היסטאָריע, אַנווענדען אין אַ אַנדער זייט. איהר האָט שוין נישט מעהר קיין מלחמהליך.. איז אַ שלאַכט, איז זי איינע אין היסטאָריע — אַז נישט, איז דרויסיג יאָהר שטיל. איינציגע פֿערואַכטען פֿערשווינדען, ווייער אָרט פֿאַרנעהמען פּאַרטייען, קלאַסען, עס איז שטענדיג אַזוי געוועזען, נור עס איז יעטצט צייטליכער געוואָרען.

און עס האָט ווירקליך יעמאַנד איבערגעמישט אַ בלאַט אין וועלט סידור. אין איין יאָהר הונדערט זאָל פֿון פּאַפּסט חלומות, רעגירונג ווערען אַ שאָטען, פֿון אַ מאַכט, וואָס האָט טויזענד יאָהר ווי עס איז געהאַט די מאַכט און רעגירונג אין האַנד, זאָל בלייבען נור אַ געדעכטניס און אַ צווייטע, וואָס נישט לאַנג האָט זי פֿורכט געהאַט מען זאָל זי נישט דערשטיקען- האַלט יעצט אַלעס אין די לאַפּעס, דאָס קען זיין נור אין אזא אופֿן,

זייט אַכט הונדערט יאָהר שלעפּט זיך שוין דער נייער פּראָגרעס, פֿון די ערשטע קרייצצינגע האָט זיך אָנגעהויבען אין אייראָפּא צו רודערן. פֿון דער מכה איז אַרויס אַ רפֿואה: רוים האָט געוואָלט איינגעהמען די גאַנצע וועלט, זי האָט קיין מיליאָנען מענשען ניט געזשאַלעוועט, האָט זי אָנגעוואָרען אויך דאָס, וואָס זי האָט אויף זיכער געהאַט. אייראָפּא האָט זיך דורכגעריזט נאָך אָזיען, געוועזען אויפֿ׳ן שטעלל און אָרט וואו עס פֿאַבריצירט זיך פֿיעל רעליקוויען, בעקאַנט זיך מיט דער צווייטער זייט און האָט, חאָטש ניט דייטליך, געזעהען, דאָס אַלע גלויבענס זיינען עהנליך איינער צו דעם צווייטען. דאס מענשליך בענעהן זיך פֿון די טערקען, האָט נאָך מעהר געווירקט און — טויזענדער קריכטען, וואָס האָבען בלוט פֿערגאָסען פֿיר בעפֿרייאונג דער היילינע שטאָדט האָבען געטוישט דעם גלויבען. דער האַנדעל האָט אָבגעלעבט, די אַראַבער פֿון הישפּאַניען און טהייל אויך די יודען, זיינען געוועזען מעקלער צום איבער ליווערן סחורה פֿון [illegible]. גליך [illegible]

זיך אָן הערעזיאָן, בויערן־בונטען און דער פּעאָדאַל־סיסטעם פֿאַלט אַלעס ניעדריגער און ניעדריגער. מיט איין וואָרט — ביז דער ענדע פֿון פֿאָריגעם יאָהרהונדערט, זעהט מען די שריט פֿון יעדער אידעע, די שטראַהלען פֿון יעדער נייער זונן און אַפּילו דעם שאטען אויך. אָט זעהט מען, ווי פֿון דער בושמעניש מאָראל: שלעכט איז, אַז מען בעגנבעט מיר, גוט, אַז איך בע־גנבע יענעם, געהט איבער צו דער שלאָס, שטאָדט און פֿאָלקס מאָראַל: גוט איז, אַז מיר רויבען, שלאָגען; שלעכט, אַז מען שלאָגט אונז. נור פֿון פֿאָריגעם יאָהרהונדערט אָן איז אַלס ווי איבערגעדרעהט. דאָ שפּרייט די שטראַהלען מילד, אויש עס בלענדעט און דאָ איז קאַלט... די בושמעניש מאָראַל מיט אינטערנאַציאָנאַליע אינטרעסען. און אין דער אמת איז דען דער דייטשער שאָוויניזם אין גאַנצען און פֿראַנצויזישער אין טהייל, ניט אַ ריכטיגע בושמעניש מאָראַל? דער אונטערשייד איז נור, אַז דער ווילדער זאָגט: איך מעג, מיר נישט, מיינט ער ערנסט און קען זעהר ווייניג שאָדען ברענגען. אַז דער דייטשער שאָוויניסט מאַכט אַ רעדיל ארום זיך אויף דער קאַרטע און זאָגט "מיר מאגען, אונז ניט, איז עס פֿאַלש, דען ער מיינט נור זיך און אין דער זעלבער לעפּיל וואַסער אין וועלכער ער וויל די גאַנצע רעשטע וועלט דערטרינקען — וואָלט ער אויך די ערשטע אין דעם רעדיל אומגעבראכט, ווען ער זאָל קענען זיך בעגעהן אָהן זיי, און טהייל וויים טהוט ער דאָס.

פֿון איין זייט — אַ אונגלויבליכער פֿאָרשריט אין נאַטורלעהרע און פֿון דער צווייטער — פּארניטשצען די ערפֿינדונגען אויף נעגען ציעלען. עס קוקט אויס ווי די נאַטור וואָל אַרויס שטעלען דער מענשהייט אַ צונג: דו רייסט זיך אויפדעקען אַלע בעהעלטנישען, נאַ דיר! דו האָסט געוואָלט זעהען אונטער דער מאַסקע, נאַ דיר, — אַ מאוסקייט!...

דאָס פֿאָריגע יאָהרהונדערט קוקט אויס אין היסטאָריע ווי אַ וואַסער שטראָס, וואָס ריקט שטיינער אַוועק מיט אימפעט, וואו די וואַסער איז שוואַרץ, וואו מען קען ניט זעהן דעם דעק ניט צו ליעב דער טיעפֿקייט, נור ווייל עס קאָכט, רייסט. עס איז, ווי עס וואָלט פּלאַצען אַ אָדער אין היסטאָריע.

ערשט ווידער, וואו דאָס וואַסער לויפֿט רוהיגער, ווערט קלערער קאָן מען אריין קוקען, זעהן, בעטראַכטען. מיט איין וואָרט עס איז אַלעס

אויפֿן איבערגאַנג: מען קען ניט וויסען, ווי טיעף, מענשליך, ווערט זענען די אידעען.

איירופאַ קומט אוים ווי אַ ערשט אָבגעברענט שטעדטיל: מען ווייס נאָך ניט, ווער, וואָס האָט געליטען, עס קאָן נאָך זיין, אַז ניט איינער וועט נאָך רייך ווערען פֿון דער שרפה. ווענען בויען איז נאָך קיין רײדע ניט, מען האָט נאָך ניט אָבגערוימט די שטיינער, מען קאָן נאָך אין גאַסען ניט געהען פֿון רויך. עס איז נאָך אָפּילו קיין רעכטער פלאַן ניט דאָ. מען ווייס נור, אַז נאָך אַ שרפה שניידט מען נייע גאַסען, נייע פּלאַטצער ביז — אַ צווייטער שרפה און מען קריגט זיך שוין. מען שטעהט נאָך אויפֿן פֿעלד — אין שטאָדטעל קען מען נאָך ניט אריין — מען רייסט זיך שוין ביי די נעווער, וואָס וועט זיין שפּעטער?

און ווי שטעהען מיר יודען?

אַ מאָהל איז ניט פֿרייליך געוועזען. מיר האָבען געהאַנדעלט מיט פֿרייפֿענע סחורה: מיט אַריסטאָטעל, אַראַבישע חכמות, אָבער נאָר גע־האַנדעלט, פֿערשפּרייט ביי פֿרעמדע חכמה און ביי זיך געברענט דעם מורה נבוכים, פֿאַרפֿאָלגט דען אבן עזרה, געעפֿנט אַ פֿאַבריק פֿון קבלה (ספּעציעל פֿאַר זיך) אָט, אַלע שוסטער געהן באַרפֿים. אָבער היינט, אַז אָפּילו די, וואָס דינען זיבער, אַז אידען דינען צושפּרייט צווישען אַלע פֿעלקער צוליעב דער הייליגע מיסיאָן: בילדען אַלע פֿעלקער — מוזען געשטעהן, אַז איירופאַ האָט זיך שוין לאַנג בעפֿרייט פֿון די אַזיאַטישע נייאַנקעס — וואָס פֿיר אַ ראָליע שפּיעלען מיר היינט?

ווענען דעם אַ צווייטען מאָל.

מ. רובינשטיין.





# דער גוטער פאסטוך.

פון ריכארד דעהמעל.

לאָזט אונז ענדליך פרייליך וואַנדלען
און פערגעסען אָן אַלץ דינג;
אונבעזאָרגט נאָר ווען מיר האַנדלען
ועט דאָס שווערסטע ווערען גרינג.
גליק מאַכט יעדע זעעלע פרום, —
אייל דיך רחל, לאה קום!

---

ווילען לעמער זיך ווען צאַנקען
וועם דער פאַסטוך מעהרער ליעבט?
טרייבט די מאוסע געדאַנקען,
זאָל דאָס גליק ניט זיין בעטריעבט.

זעהט! די לבנה געהט שוין אויף —
אייל דיך רחל, לאה לויף!

---

מאַך איך אייך ניט גליקליך ביידען
ווען אויך מייסטענטהיילס אַליין?
ס' שמאַכטען וואַלד און פעלד בעשיידען:
ווער וועט היינט די איינע זיין?
אָ, ווי ליעבליך שמעקט דער היי! —
אייל דיך רחל, לאה געה!

א. ר.





# דער סאַמאָוואַר.

## (אויס דעם לעבען אין דער קאַזאַרמע.)

די אַריסטאָקראַטען פון פאָלק רעכענען זיך די מוזיקאַנטען. און אפשר דעריבער האָט מען זיי ניט ליעב. ניט נאָר די אָפּיציערען קוקען אויף זיי קרום אפילו די סאָלדאַטען אַליין, וואָס געפינען זיך אונטערן ביקס, האַלטען זיי ניט פאַר „ברידער“, מאַכען פון זיי חוזק, ווי דער שטייגער איז פון מעהר געפאַלענע צו אַ העכערען קלאַס. די אָפּיצירען רופען די מוזיקאַנטען מיט דעם נאמען „לאָדערען“, ד. ה. פוילע יונגען, הולטאייעס, און די פּראָנט סאָלדאַטען האלטען זיי ניט פיר קיין וואָלנע (פרייע) און ניט פיר קיין סאָלדאַטען. אַנשטאַט מוזיקאַנטסקע קאָמאַנדע רופט מען זיי „צולאָזענע קאָמאַנדע“, ווייסען ניט פון דיסציפּלין און פון „סלוזשבע“, חוץ זייער דודקע. דודקע הייסט ביי די אַנדערע סאָלדאַטען יעדער מעשענער אינסטרומענט, אפילו דער גרויסער באַס, וואָס ער וועגט פיעל מעהר פון א ביקס.

און געווים זענען די מוזיקאַנטען, אין פערגלייך מיט די „פּראָנט-סאָלדאַטען“, אריסטאָקראַטען. אויסער דעם, וואָס זיי טראָגען שענערע מונדירען, שלאָפען ניט אויף נאַרעס, נאָר יעדער האָט זיין אייגען בעטיל,—אויסער דאָס, האָבען זיי נאָך אַ סאַמאָוואַר.

דער סאַמאָוואַר איז אפילו ניט קיין אַריסטאָקראַטישער. זיין גרויס און גראָב איז מעהר עהנליך צו א קעסעל, אלס צו אַ סאמאָוואר, אָבער דאָך איז ער פאָרט אַ סאַמאָוואַר, האָט אַ קראַן און א קוימען און אַז מען שטעלט איהם אויף, געהט אַ רויך, ווי פון איין אמת'ן סאַמאָוואַר.

און פון דעם דאָזיגען גרויסען סאַמאָוואַר, וואָס ענטהאַלט פיער עמער וואַסער, טרינקען אַללע מוזיקאַנטען סיי אָרים, סיי רייך, יעדען נאָך מיטאג טיי.

טיי טרינקט אפילו דער אָריסטטער מוזיקאַנט, פוהרמאַן, וואָס בעקומט פון דער היים קיינמאָל אַ קאָפּיקע ניט און האָט זיין אויסקומעניש נאָר פון די דריי גילדען זשאַלאָוואַניע, וואָס ער בעקומט פערשטעהט זיך, פּינקטליך אַללע צווי חדשים. געוועהנליך טראָגט איהם ניט די זשאַלאָוואַניע אויף מותרות — טיי און ציקער. אָבער טיי טרינקט ער גלייך מיט אַללעמען, און ניט נאָר גלייך מיט אַללעמען, אפילו מעהר פאַר אַללעמען.

עס איז שווער צו גלויבען, אַז דער קליינער פוהרמאַן גיעסט אין זיך אַריין 7 גלאָז טיי, דאָס איז זיין פּאָרציע, און אַ מאָל, אַז ער וויל זיך בריה'ן,— נאָך אַפּאָר גלעזער, ולא נודע כי בא אל קרבו, דער זעלבער קליינער, דאַרער פוהרמאַן ווי געוועזן.

ווי געזאָגט, האָט ניט פוהרמאַן אויף קיין טהיי און ציקקער, און דאָך האָט זיך נאָך זיין קליינער שטערן קיינמאָל ניט פערקנייטשט, וואו מען נעמט עס. וואָלט ער אַזוי געוועזן בעזאָרגט מיט קאַשע (קאַשע איז איהם שטענדיג ווייניג, ניט ווייל ער איז הונגעריג, נאָר צו קאַשע פיהלט ער אַ בעזונדער שוואַכקייט...) ווי ער האָט גענוג טהיי אין ציקקער. און נאָך ווי האָבען — מיט כבוד, מ'ט רעספּעקט!

מיטאָג עסען אָב די מוזיקאַנטען האַלב איינס. דער קאַשאָוואָר, כמעט דער איינציגער פון פאָלק, וואָס בעציהט זיך גוט צו די מוזיקאַנטען, ווייל ער איז אַ גרויסער ליעבהאַבער פון מוזיק, שפּיעלט אַליין פיעדעל און לויט ווי מבינים זאגען—גאָר ניט שלעכט, אָט דער קאַשאָוואַר, אַ קאָזאנסקער געשטופּעלטער סאָטער, גיעט די מוזיקאַנטען אַ גרעסערן און בעסערן מיטאָג. די מוזיקאַנטען זענען מיט דעם מיטאָג שטאַרק צופריעדען. שיער שיער רייסט זיך ביי אַ מאַנכען מוזיקאַנט נאך יעדען מיטאָג ניט אַרויס: בעסער ווי אין דער היים! א חסרון אבער האָט דער מיטאָג: עס דאָרשט נאָך איהם! וואָס איז שייך צו זאגען — עס דאָרשט — עס ברענט! דער דנעוואלניע, וואָס איז מחויב צוצושטעלען וואַסער, ווערט נעביך אויסגעריסען. אַ גרויסע כלי וואַסער ווערט כהרף עין ווי אויסגעטריקענט. אָבער קאַלטע וואסער, לויט אַ סאָלדאַט פון טווערסקוי גוב. האָט ערקלערט, שטילט ניט דעם דאָרשט. דער עיקר איז טהיי. אַ חדוש, וואונדערט ער זיך — טהיי איז דאָך היים און עס לעשט.

אבער אָנשטעלען דעם סאַמאָוואַר פוילט זיך יעדער. עס קען זיין פיר זיך אַליין וואָלט זיך קיינער ניט געפוילט, נאָר ביי דעם געדאנק, אז פון טהיי וועט נהנה זיין די גאנצע קאָמאַנדע, פאלט אָן אזא פוילקייט, אַז עס פערוווילט זיך גלייך שלאָפען.

פוהרמאַן איז אָבער ניט קיין פוילער. אַ געשעפט אָנצושטעלען דעם סאַמאָוואַר! עס איז, פערקעהרט, אַ פערגניגען, איין אונטערהאַלטונג. ער זאגט עס אָבער ניט הערויס. אַרויסזאָגען פאַסט ניט, ער וואַרט מען זאָל איהם בעטען, און קיין סך דאַרף ער ניט וואַרטען. אַז איין כלי וואַסער ווערט אויס־געליידיגט, הערט ער, מען רופט:

— פוהרמאַן!

פוהרמאַן ווייס שוין אויף וואָס מען ראַרף איהם, ער מאַכט זיך אָבער בלא ידע, ווי געפּגרט:

— שטאָ טאקאיע? פּרענט ער ניט אָהן שטאָלץ, עס מעג איהם ראַן אפילו רופּען איין אונטער אָפיציער.

— נאסטאַוו סאַמאָוואַרטשיק, גאַלובטשיק. פוהרמאַן גיט אַ קוק אויפ'ן רויסען סאַמאָוואַר, וואָס מען רופט איחם בלשון סגיא נהור „סאַמאָוואַרטשיק" און קוויינקעלט זיך:

— אַללע טאָג — איך!

— נו, בראַטעץ, דער פאַר קריעגסטו טיי אין ציקער!

— אַללע טאָג, אַללע טאג איך! קלאָגט ער זיך כלומרשט. און דער קליינער פוהרמאַן, גיעט אַ חאַפּ דעם גרויסען סאַמאָוואַר צום ברינעם, וואָס געפינט זיך אויפ'ן הויף אין הויבט איחם אָן אָנגיעסען.

אַז ער גיעסט אַריין פיער עמער, איז נאָך דער „סאַמאָוואַרטשיק" ניט גאַר פול. פוהרמאַן קוקט אין איהם אַריין, און איהם דוכט זיך, אַז דער סאַמאָוואַר ווארט מען זאָל איהם אָנגיעסען ביז די ברעגען. פוהרמאַן ציהט אויס נאָך איין עמער וואַססער, דערגיעסט נאָך בערך אַ פאר קוואָרט, און וויל מאַכען אויך אַ תכלית מיט דעם ביסעל וואַסער, וואָס איז געבליעבען אין עמער:

— דנעוואַלנע! שרייט ער הויך, געה, נעם צו איין אויסגעשעפטען עמער וואַסער—אַ שאָד!....

דער דנעוואַלנע, וואָס איז פויל צו שעפען אַליין, דערהערענדיג פון אזא מציאה, לויפט אַרויס מיט אַ צוויי באָטשאָקליך, ערשט אויסגעוואשען פון דעם באָרשץ, גיעסט זיי אָן, און טראגט זיי אריין אין קאָמאַנדע, צו דערקוויקען די דאָרשטיגע מוזיקאַנטען. אַז דער דנעוואַלנע געהט אַוועק, נעמט פוהרמאַן, צאַרטעלט זיך אונטער די לענדען און וויל אָבשלעפּען דעם סאַמאָוואַר פון ברונעם און אַוועקשטעלען אין מיטען הויף, וואו ער שטעלט איהם אָן סיי זומער, סיי ווינטער. עס קומט איהם אָן שווער, זעהר שווער, אָבער דאס מאַכט ניט אויס, דאָס איז איהם נאָך אַנגענעהמער — וועט ער דעם טהיי און ציקער מיט מעהר שטאָלץ פאַרדערן!

אַז דער סאַמאָוואַר שטעהט שוין אין מיטען גרויסען הויף, בעט ער אַ מוזיקאַנט, וועלכער עס זאָל פערביי ניט דורכגעהן, ער זאָל אַווילע אַכטונג געבען אופ'ן סאַמאָוואַר ביז ער וועט געהן נעמען האָלץ. ווייל אין דער מוזיקאַנטסקע קאָמאַנדע איז אַ טראַדיציע צו שטעלען דעם סאַמאָוואַר נישט מיט קוילען, נאָר מיט האָלץ. פוהרמאנס בעפעהל איז הייליג. דער סאָלדאַט שטעהט שוין אויף קאַראַול און פוהרמאַן זוכט טרוקענע העלצליך, וועלכע ער צושפּאַלט מיט זיין „טשעסאַק", וואָס יעדער מוזיקאַנט פערמעגט. שפאלטענדיג קלאַפּט איהם אפילו גוט דאָס הארץ פאַר שרעק ביין גערשאַנק, אַז דער טשעסאַק קען אַ פגימה בעקומען און אַז עס וועט זיין אַ „סמאָטר" קען ער האָבען דער פאַר זיין עהרליך=אויסקומעניש. אָבער זיין שטעל, אַלס „זאַוויעדוויושצי סאַמאָוואַראָם" ברוועקט אין איהם אַ מוטה פון אַ העלד און ער איז גובר יעדען שרעק

אַז די האָלץ איז שוין אין סאַמאָוואַר אַריינגעלייגט, דערמאָנט זיך פוהרמאַן, אַז דעם עיקר האָט ער ניט. איהם פעהלען שוועבעליך. אַ שוועבעלע איז אפילו ביי די סאָלדאַטען, האָטש מוזיקאַנטען, אַ טייערע זאַך, אבער אַז פוהרמאַן לויפט אַריין אין קאַזאַרמע, לאזענדיג אויף אַוויילע אַליין דעם סאַמאָוואַר און בעט נישט, נאָר פאָדערט מיט שטאָלץ: סקאריי ספיטשקא! טראָגט מען איהם ענטגעגען. נאָך מעהר, מען געטרויט איהם אפילו אויף די אייגענע הענד דאָס גאַנצע פעקיל. מען האָט נאָר מורא פאַר זיין צוטראַגענקייט און מען בעמערקט איהם, אַז ער זאָל ניט פערליהרען און צוריק ברענגען, אויף וואָס פוהרמאַן שיקט לויפענדיג צוריק צום סאַמאָוואַר אין איילעניש אַ תשובה: גאָט בעהיט!

און האָטש די שוועבעליך זענען ניט זיינע, פון דעסטוועגען סטאַרעט ער זיך, אַז ער זאָל יוצא זיין מיט איינער און ניט פטר'ן קיין איבריגע, און דאָס רוב געלינגט עס איהם. סיידען, ווען עס טרעפט אַ שטאַרקער ווינד.

אַז ער צינדט אָן די עטליכע זעהר דין צעשפּאָלטענע העלצליך און וואַרפט זיי אַריין אין סאַמאָוואַר צו די איבריגע גרעבערע שטיקער האָלץ, הייסט שוין ביי איהם געפטרט אַ האַלבע אַרבייט. איהם בלייבט נור צו בלאָזען. דאָס בלאָזען אַליין איז אפילו ניט שווער, נאָר דער רויך איז דאָס ערגסטע. איהם וואָלט דאָס שוין אפילו ניט אַזוי געאַרט, מילא איז אַביסעל ביטער 'אין די אויגען, שפעטער וואַשט ער זיי אויס איז ווידער גוט. דאָס אונגליק איז נאָר דעריין, וואָס ער מוז אויסשטעהן זידלערייען פון דער „שוואַלניע" וואָס געפינט זיך אויך אויפ'ן דאָזיגען הויף אין שכנות מיט די מוזיקאַנטען. פוהרמאַן ווייס ניט צו אַרט זיי טאַקי דער רויך אָדער זיי פערגינען ניט די מוזיקאַנטען דעם סאַמאָוואַר, נאָר שרייען זיי און סטראַשען צו געהן „דערלייגען" דעם אַדיוטאַנט.

פוהרמאַן ווייס אפילו, אַז דער אַדיוטאַנט וועט דערפאַר גאָר נישט טהון, וייל דער סאַמאָוואַר איז אַ קאַזיאָנער און טהיי דאַרפען די מוזיקאַנטען טרינקען „פאָ אוסטאַבו, פון דעסטוועגען וויל ער ניט האָבען אויף זיך קיין „בעמערקונג", פאַר איין אַלטען סאָלדאַט פאַסט עס ניט, און ער זוכט מיטלען צו פערניכטען דעם רויך, וואָס וואַליעט] ווי פון אַ לאָקאָמאָטיוו און צעלעגט זיך אין שוואַרצע שטיקער איבער'ן גאַנצען הויף, צו דערשטיקט ווערען..

נאָר ביז וואַנען ער געפינט דעם מיטעל, איז שוין דער מיטעל אבריג. דאָס פייער, גוט פערנאַנדער ברענענדיג זיך, גיט שוין פון זיך אַרויס אַ קלענערען שיטערערען און העלערען רויך, שפּעטער אַ ווײַלע שפּאַרט נאָר אַרויס פון קוימען אַ ריין-העל-פייער און שטעלט אויס רויטע צינגער די סאָלדאַטען פון שוואַלניע.

דערזעהענדיג דאָס ריינע פייער אָהן רויך, ווערט פוהרמאַן דערפרעהט און זיכער. ערשטינס דאַרף ער שוין נישט בלאָזען, צווייטענס לאַכט ער זיך שוין אויס פון דער שוואַלניע און דריטענס וועט שוין טאַקי באַלד זיין טיי. איהם בלייבט נאָר יעצט שטעהען און אונטערלייגען פון צייט צו צייט אַן

איינציג שטיקעל האָלץ, וועלכעס דאָס פּיעדר אינוועניג האַפּט מיט גרויס ליעבע אַרום, האלוט עס, גלעט עס, קוש׳ט עס און פערברענגט עס...

אַז עס געהט אַריבער די ערשטע האַלב שעה קומט אַרויס פון קאַזאַרמע איין אַלטער סאָלדאַט און פרעגט מ׳ט אַ בעל הבית׳שען טאָן:

— נו, פוהרמאַן, וואָס הערט זיך.

פוהרמאַן טאַפּט מיט אַ גענטקייט דעם סאַמאָוואַר, שמייכעלט און ענטפערט:

— עס וועט שוין קיין סך ניט געדויערען!

שפּעטער אַביסעל, שמייכעלט ער צופריעדענער און ענטפערט:

— ער „רעדט" שוין.

ריידען הייסט אפילו ניט זידען, אבער קרוב דערצו. אין קאַזאַרמע פערשפּרייט זיך באַלד די ידיעה און דער עולם גרייט זיך שוין אָן ווער מיט אַ גלאָז, ווער מיט אַ טשאַשקע און ווער מיט אַ לעפיל...

ענדליך קומט אָן אַ שליח פון פוהרמאַנען, אַז דער סאַמאָוואַר איז שוין פערטיג און ער פאָדערט פּיער „מענשען" צו געהן נעמען איהם. די פאָדערונג ווערט גלייך ערפילט. פּיער יונגע מוזיקאַנטען, וועלכע וואָלטען אין ראָטע שוין זיך דערדיענט צום טיטעל „אַלטער סאָלדאַט" און דאָ הייסען זיי נאָך „גאָוואָ־בראַנצעס" געהען אַרויס אויפ׳ן הויף און זאַלבע־פיערט נעמען זיי דעם סאַמאָ־וואַר. פוהרמאַן, מיט אַ מינע פון אַ „קאָמאַנדיר־שצי־וואָיסקאַמי" געהט זיי נאָך און קאָמאַנדעוועט:

— אָסטאָראָזשנאָ! [1])

דעם סאַמאָוואַר שטעלט מען אַוועק אויף אַ ברעג בעטיל, וואָס געהערט צום עלטסטען אונטער־אָפיציער. דאָס איז אַ מין כבוד פאַר דעם אונטער־אָפיציער־דאָס בעדייט, אַז נאָר איהם קען מען אָנטרויען אַזאַ מין אייגענס. און ווירקליך, ווען אַרום סאַמאָוואַר קלייבען זיך צונויף די מוזיקאַנטען, אָנגעוואָפענט מיט גלעזער, טשאַסקעס און לעפיל, גיט דער עלטסטער אונטער־אָפיציער שטרענג אַ קאָמאַנדע.

— אָטסטופי! [2])

נאָכהער רופט ער אַרויס די רייכערע מוזיקאַנטען און איז גוזר זיי זאָלען געבען טהיי. יענע לייגען זיך באַלד צונויף צו „שמעק־טאַבאַק" טהיי. ביז עס ווערט אַ היבש־הייפעלע און מען גיט עס איבער דעם עלטסטען אונטער אָפיציער־ער נעמט עס אין האַנד, בעטראַכט און זאָגט: זאַמאַלאַ עפּינט אויף דאָס דעקעל פונ׳ם סאַמאָוואַר, דערטרינקט עס אין די קאָכיגע וואַסער און הייסט האָבען געדולד 5 מינוט, ביז עס וועט אָנציהען.

די 5 מינוט ציהען זיך אפילו לאַנג, אָבער דאָך קומען זיי זיך איבער. די מוזיקאַנטען דערהערען ענדליך דעם אויסרוף:

— גאָטאָוואָ.

[1]) פאָרזיכטיג. [2]) טרעט אָב צוריק.

און עס ווערט אַ געלאַף, אַ שטופעריי, אַז די קאָמאַנדע פון אונטער אָפיציער, העלפט שוין ניט. און אַגב איז די קאָמאַנדע טאַקע זעהר אַ שוואַכע, ווייל ער אַליין האָט שוין אָנגעשעפּט אַ קליינעם „באַשטאָקעל“, וואָס האַלט 10 גלעזער און טרינקט שוין, צו בייסענדיג מיט שוואַרצען ברויט.

די קאָמאַנדע נעמט איבער פוהרמאַן. ער ווייסט אפילו, אַז טהיי וועט פיר איהם גענוג זיין, פון דעסט וועגען קען מען זיך אויף נסים ניט פערלאָזען. און דאָ זעהט ער ווי דער עולם צאַפּט דעם טהיי, און ער האָט זיך נאָך ניט פערזאָרגט מיט אַ גלאָז און מיט אַפּאָר שטיקליך צוקער, וואָס ער דאַרף דאָס נאָך בעקומען פיר זיין אַרבייט...

ענדליך בערוהיגט זיך דער עולם, יעדער זיצט שוין אַרום זיין בעטעלע און טרינקט די טהיי, ווער אַליין, ווער מיט אַ נאָהענטען פריינד, ריידענדיג וועגען סאָלדאַטישע פּאָליטיק.

דאַן בעקומט שוין פוהרמאַן די פּאָר שטיקליך צוקער פון אַ מוזיקאַנט וועמעס אָטשערעד עס איז צו „צאָהלען“ און ער נעהמט זיך צו זוכען אַ גלאָז. ער האָט אַפילו אַ לעפּיל, נאָר פיר איהם, סאַמאָוואַר-אָנשטעלער, פּאַסט ניט פון אַ לעפּיל צו טרינקען. יעדער דאַרף וויסען זיין שטאַנד...

און אָט ווערט שוין ביי אַ מוזיקאַנט, וואָס טרינקט נור צוויי גלאָזער טהיי, פערטיג זיין גלאָז, וועלכע ער טראָגט אונטער מיט גרויס דרך-אֶרץ פוהרמאַן. פוהרמאַן נעמט דאַן דעם גאַנצען סאַמאָוואַר צו זיין בעטעל, גיט איהם אַ טאַפּ און בעמערקט צו פריעדען: אַ קוראַט צום טרינקען! און נעמט זיך טאַקי דער צו.

ביי'ן ערשטען זופּ דערמאַנט ער זיך, אַז דער דאָרשט איז ביי איהם שוין לאַנג אַריבער. ער וואָלט יעצט עפּיס ליעבער געגעסען... פון דעסט וועגען טרינקט ער אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז, אַ שאָד — אַזוי פיעל געאַרבייט...

אַז ער טרינקט זיך שוין גוט אָן און בעמערקט, אַז אין סאַמאָוואַר איז נאָך גענוג געבליעבען, רופט ער אויס:

— ווער וויל נאָך טהיי? ס'איז דאָ!

נאָר קיינער רופט זיך נישט אָן. און פוהרמאַן זוכט ערגיץ נאָך אַ שטיקעל צוקער, ער זאָל האָבען צו טרינקען נאָך אַ גלאָז, — אַ שאָד צו לאָזען, אַזוי פיעל געאַרבייט...

**אברהם רייזען.**





# צום „פְרִיהלִינְג".

קום שוין ליעבֶּער פְרִיהלִינְג, קום,
דָען עֶס שְׁמַאכְט דָא יֶעדֶע בְּלוּם.
און די אָרְמֶע, צַארְטֶע רויז,
שְׁטֶעהט אָהן קְנָאסְפֶּען, נַאקֶעט, בְּלויז.
אויךְ דָער שְׁטַארְקֶער אֵייכֶענְבּוֹים
שְׁטֶעהט פֶערְמַאטֶערְט, אָטְהֶעמְט קוים.
און די פֵייגֶעל וָואגְלֶען לַאנְג
אין דָער פְרֶעמְד דָארְט, אָהן גֶעזַאנְג...

---

פֵייגֶעל! ווִי כְ'דֶערְמָאן אָן זֵיי
טְהוּט דָאס הַארְץ מִיר אַזוי וֶועה...
זֵיי פֶערְיָאגְט, אוּמְזוּסְט, אָהן זִינְד,
הָאט דָער בֵּייזֶער ווִינְטֶער־ווִינְד,
און דָער וַואלְד איז ווִיסְט און לֶעעֶר —
נָאר אִין נָארֶע בְּרוּמְט דֶער בֶּער...
פְרִיהלִינְג, פְרִיהלִינְג גִיכֶער קום
און די פֵייגֶעל קֶעהְר אוּנְז אום!

פְרִיהלִינְג, פְרִיהלִינְג קוּם גֶעשְׁווִינְד,
נָאר אָהן שְׁטוּרֶעם, נָאר אָהן ווִינְד.
ס'הָאט דֶער ווִינְטֶער יֶעדֶען זַאפְט
אוּיסְגֶעזוֹיגֶען, יֶעדֶען קְרַאפְט.
אוֹי, דֶער וַואלְד איז קְרַאנְק און מיד,
הָאט שוֹין נִיט קֵיין גַאנְצֶעם גְלִיעד.
שְׁטְרַאהלֶען, שְׁטְרַאהלֶען בְּרֶענְג אִיהם פִיעל,
הייל אִיהם, הֵייל אִיהם, אָבֶּער שְׁטִיל...

**אברהם רייזען**



# בעטרוג.

פון

## קארל עוואלד.

**סוונד** מוז אנהויבען געהן אין די שולע.

איהם איז א ביסעל פריקרע, אבער די גוברנאנטע איז איהם מבטיח, אז די שולע איז דאס לוסטיגסטע אויף דער וועלט. אין פערד שפיעלען, א אדלער מאכען, פון דער מאמען מעשיות אויסהערען, מיט דעם טאטען צו דער באהן פאהרען, איז אודאי זעהר שעהן און גוט — אבער לערנען, לעזען און שרייבען איז הונדערט מאל שעהנער און בעסער.

דער ערשטער טאג טרעפט איהם זעהר א נייגיערינגען, זיין נשמה איז פול פון פריידיגער ערווארטונג. דאס גאנצע דויערט נישט לענגער ווי איין שעה, אבער ווי איין אבגענארטער געהט ער אהיים.

דעם צווייטען טאג האט ער שוין פון אנהויב אן קיין אמונה נישט אין דער גאנצער זאך, אבער ער האפט אז דאס „לוסטיגע" וועט נאך אפשר קומען. עס איז אבער אגאנץ שוואכע האפנונג, און זי ווערד גרינדליך צערשטעהרט.

דעם דריטען טאג נעהט ער נישט מעהר.

אומזיסט איז דאס זוכען איהם. ערשט ווען די שולצייט איז שוין פאראיבער, געפינט מען איהם. אויף די פראגע פאר וואס ער איז נישט געווען אין די שולע, ענטפערט ער, אז ער איז ליעבער געגאנגען אין וואלד אריין.

די גוברנאנטע דערצעהלט איהם, אז זי האט נאך קיינמאל נישט געהערט, אז א יונגעל זאל געהן אין וואלד, ווען מען דארף געהן

אין די שולע. זי ציהט איהם צו צו זיך און קוקט אויף איהם מיט א טיעף בעזאָרגטען בליק. סוועגדס אויגען זענען נישט וועניגער ערנסט ווי איהרע:

„דו האסט געזאָגט, עס איז דאָרט אזוי ליסטיג.“

זי דערצעהלט איהם, אז א יונגעל, וואס געהט ליעבער אין וואלד אריין ווי אין שולע קען קיין מאָהל נישט גרויס ווערען. זי פערזיכערט איהם, אז זיין פאטער האט קיינמאל אזוי נישט געטוהן. זי איז איהם מכבד מיט די אלע שקרים, וועלכע מיר האבען שטענדיג אָנגעגרייט פאר אונזערע קינדער.

סוועגד קוקט גאָר נישט אויף דעם. ער ווייסט, וואס ער ווייסט, און האַלט זיך ביי'ם זייניגען. פעסט און מיט רוגזה קוקט ער זי אן או װידערהאַלט נור דעם זעלבען ענטפער:

„דו האסט געזאָגט, עס איז דאָרט אזוי לוסטיג.“

אויס'ן דייטשען פון א. ל. ש.





# פונם רייזע־ביכעל.

### אויפצייכנונגען פון מ. י. ב.

IV.

סכסוכים. — ער האָט זיך אנידערגעזעצט אויפ'ן בענקיל און האט גענעבען א יודישען, ברייטען קרעכץ, חאָטש ער האָט נאָר ניט אויסגעזעהען שלעכט דערנאָך. „מוז איך האָבען אויף דער עלטער א סכסוך מיט די איינענע קינדער. זעכציג יאָהר בין איך אלט געוואָרען און איך מעג זאָגען פון מיר, אז איך בין ניט געזעסען מיט פארלענטע הענר. וואָס איהר זעהט מיך האָבען, האָב איך מיט מיינע פינגער פערדיענט, א שטוב אונטער משערים און א שטוב; דריי קלייטען אין מארק און די גרויסע ווינדמיהל אויפ'ן סטעפ. פריהער האָב איך געהאלטען די קליינע מיהל אין ווילשינקי פון האָדיראווין און ס'איז מיר ניט איינמאָל ניט אָפגעריסען געוואָרען די בריק. דרייצעהן יאָהר האָב איך געהאלטען דען קארשזאווער טייך. איך אליין האָב מיך געזעצט אויף דער לאָרקע און האָב געחאפט פיש. איהר מוזט זעהען קארפען ווי די בערען און שלייען! איטליכעס ווינקעלע האָב איך געקענט אין טייך און האָב געקענט די טבע פון די פיש, נאָר פאר מיר זיך פארגנבינען וועלען, צי נאָר ניט וועלען א־ויסקומען, — האָב איך פארקאטשעט די ארבעל; די הענד אריינגעשטעקט אין וואסער אריין און האָב איהם אָנגעהאפט, דעם מחותן, ביי'ם וויידעל און האָב געזאָגט: קום ברודער! דער מענש האָט געעפענט א מויל אזי האט זיך אריין

געוואָרפען אין זאַק אריין. און אז איך האָב געהאלטען די מיהל, האָב איך אליין ארום געשלאָגען דעם מיהל־שטיין, געטראָגען די פילע זעק אויף מיינע פלייצעס ביז איך דעם איבערשטען נאַרען, און אז די זאסטאַווקעס זענען משוגע געוואָרען און האָבען ניט געוואָלט האלטען דאָס וואסער, האָב איך, מיט נאך איין גוי, זיי אליין פערשלאָגען. דעם שכל פון דער מיהל האָב איך געקענט צעהן מאָל אויסענווייניג און אז צו מיר איז געקומען אַמאָראָטשניק, אַ געלערנטער, און האט מיר אָנגעהויבען צו טאָלקעווען דאָס און יענץ און אויף צי־חשבונ'נען מיט'ן שרייבפענדעל, האָב איך גענומען דאָס שטיקעל פאפיר פון האנד און געגעבען דארויף דריי קריטץ, געמאַכט אַ קעסטעל, און עס דורכגעצויגען און איהם בעוויזען אלעס, ווי אזוי איך פערשטעה דאָס אויף מ י י ן דרך, אז ער האט זיך אליין געחדוש'ט. און אז ס'איז אויסגעגאנגען דער סראָק פון דער מיהל און יודען האָבען זיך גע־נומען ביים פריץ אויסדינגען, און ער, אַ הונד, האט מ י ך געוואָלט בעהאַלטען און האָבען ז י י ע ר געלד, האב איך זיי געלאזט אזוי לאנג ארויפציהען, ביז איך האָב געוואוסט, אז זיי וועלען ברעכען דעם קארק און דערנאָך האב איך זיי געלאָזט די מציאה און האָב מיר געדינגען די ווינדמיהל, אזוי גוט ווי געקויפט און דעמאָלט בין איך אויך צוריק אריין אין שטאָדט אריין".

„די לייט האָבען מיך געהאַלטען פאר משוגע, אז זיי האָבען מיך געזעהען זיך ארומשלאָגען מיט דער מיהל. איהר פערשטעהט, ווינד איז ניט וואסער. דאָס מוז מען פערשטעהען, ווי אזוי צו דרעהען און צושטעלען אַ קענען דעם ווינד, און אז ס'איז דאָ צומאָלען ביז איבער די אויערן, איז אויף להכעיס ניט דאָ קיין ווינד. וואס טהוט מען דעמאָלט? ניט איינמאָל איז מיר אויסגעשרוקענט דער מוח טראַכטענדיג, און געזאָגט האב איך מיר, דו מוזט עפּיס אויסטראַכטען, ס'זאָל געהן אָהן ווינד, איהר פערשטעהט? אז איך בין געווען אַ יונגער מאַן, האָב איך געקענט תכונה..."

„יאָ, אצינד האב איך אַ גראָב פנים און גרויסע הענד און טראָגע גוי'שע שטיוועל, אָבער אז איך בין געווען אַ יונגער מאַן, בין איך געווען ווי אלע יונגע לייט און האָב אריינגעקוקט אין אבן־עזרא אריין און אַ האָרב שטיקעל האט מען אויך פערשטאַנען, און אין קרוש החודש בין איך געווען דער איינציגער — אז מיין מוטער האט נאך געלעבט,

פלעגט זי תמיד צו זאָגען, אז ווען נאָט וואָלט געוואלט, וואָלט איך גענומען גאָר איין אנדערען שניט. א פנים אז ער האָט דאס ניט געוואָלט און איך האָב׳ס אויך ניט געוואלט... פלוצים, ז׳ז איך בין שוין אַלט געווען זיעבען און צוואנציג יאָהר, איז מיר אריין אויף איינמאָל אין דער מחשבה אריין אַוועק צו וואַרפען די קלויז מיט דעם לערנען מיט כל ולך און בין ארויס אין א דאָרף אריין און האב אָנגעטהון דאָס פעלציל און בין געווארען אַ דאָרפס־יוד מיט אַלע ברעקליך. ווער ס׳האָט מיך געקענט, האט געזאגט: ישראל איז אראפ פונים זינן! קויפען פלעג איך פראָסע און האָבער, און דערנאָך זיי פערקויפט קארלאַפניקעס און אויף סטאַנציעס, דערנאך איז מיר דאס אויך נמאָס געוואָרען, און איך האָב מיך גענומען צו מיהלען און צום טייך, געארבייט האָב איך פאר זעקס ביי טאָג און נאַכט און ס׳איז מיר ניט אפילו געקומען אויפ׳ן זינן מעהר פון טבעיות..."

„מיינט איהר אַז איך האב ניט ליעב מעהר צו חקר׳נען, פערקעהרט, אבער מיט זיך אַליין. די ספרים, דאָס ביסעל וואָס איך האָב, ליעגען ביי מיר ערגיץ און ווערען פערפוילט און מיט די אחרימיוועס בהמות נעהען רעדען, בין איך גאָר קיין בעל׳ן ניט, אבער פערשטעהען פערשטעה איך דעם מענשען און דעם תכלית... בעסער איז ווען אז מ׳מאַכט צו די אויגען און מ׳קלעהרט גאָר ניט. — פערקעהרט, וואס איז אַלעס? זעהט איהר, אָט דא אין הארצען האב איך מיר א פאָר ווערטער איינגעשריעבען..., דאָס זאג איך אבער קיינעם ניט אויס, ביז איך וועל ניט שטארבען. אז איהר וועט קומען אין מיינע יאָהרען, וועט איהר אַליין פערשטעהען, איך קען אייך אין וואָס איהר לאָזט אייך ניט נארען, השגחה! מ׳זאָגט, אז נאט איז גערעכט, יאָ מ׳זאגט"..!

„האָב איך אויסגעהאָדעוועט פיער בנים איינער גרעסער פונ׳ם אנדערען און האב זיי אַלע חתונה געמאכט און זיי האבען אלע ווייבער מיט קינדער, און האָבען מיר פריהער כלומר׳שט געהאָלפען און אַצינד סוהר׳נען זיי אַליין. ווען ניט איך, דער פאָטער, וואָלטען זיי אַלע געמענט שיין אָנשפארען. פון מיין טבע האט קיינער ניט אַ פיצעל, וויל איך פערקויפען די שטיב, (וואָ־ום איך קען ניט מעהר האָראווען און אז ס׳קימט ווינטער לייד איך אויף די פיס. ניט איינמאָל האָבען זיי מיר אָבגעפרוירען און האבען געגוג געדיענט). — לאָזען זיי מיך ניט, די

פיער קדשים מיינע, און ווילען מיך שלאָגען. יאָ מיט פערציג יאָהר וואָלטען זיי געמענט מיט מיר אנהייבען. נאָך היינט בין איך קיינעם ניט מקנא, אז איך בין איהם מכבד מיט א פאַטש און ס'רינט דאס בלוט ביז איבער'ן מויל און אויף די צייהן. אבער זיך געהען מיט זיי שלאָגען, זשאַליוועט מען דאס ביסעל כוחות'.

„כבוד אב, שענק איך אייך. משה רבינו'ס חומש'ל איז היינט ניט קיין גרויסער פרייז. און אַז מ'איז ניט מעביר די סדרה, געהט מען ניט אויף דריי חדשים אין טורמע אריין. איך וועל זיך ניט געהן מאַכען נאַריש און זאגען: פע! אויפהייבען די האנד קעגען א פּאַטער! האָט אייך צעהן מאל אַ שווארץ יאָהר. אָבער לאזט מיך פערקויפען די שטוב! פערקעהרט, איך גיב אייך אַליין צו פּיפּציגער, פערזוכט אַ שטיקעל ירושה ביי מיין לעבען, אבער לאָזט מיך טהון מיינס.

„וואָס'זשע וויל איך אייך בעטען? שיקט אריבער צו זיי און טהוט מיט זיי א רעד. רופט דעם דריטען מיינעם, בנימין, ער איז זייער אַלעמענס קאָפּ, און צווישען אונז רעדענ'דיג, שכל האט ער פאר אַלע פיער, און אַט דעם ניעב איך פינף און אכציג קארבען"... שיקט נאָך איהם רב יוסל, אוודאי איז אייער פאַטער דער רב אין שטאָדט און ס'איז זיין זאַך, אבער פאר אייך וועלען זיי האָבען דרך־ארץ".

---

V.

אהן א שדכן, — „זעהט איהר רב יוס'ל, איך בין אַ יוד אָהן הכמות און אַז דאָס מזל איז ניט אַזוי גוט, ווישט מען אָב די ליפּען און מ'געהט ווייטער. וואָס איז דער מענש היינטיגע צייטען? ס'איז אפילו ניט ווערט, אז די ערד טראָגט איהם. גאָט האָט אונז אַלע געשטראָפט, ווייל מיר יודען זענען אַ עם לא היה. ביי זיך אין דער־היים זיצט איטליכער אויבענאָן און האָט ניט אַ זעכסער פון א מטבע און די וועלט איז אַ פערקעהרטע און ס'גליסט זיך נאָך געהן מיט'ן קאָפּ אראפּ. — די ווייבער זענען אנאנדער מין מכשפות. געהן אָנ־נעמהון אין ווייסע קאַפּטליך און דעם ערשטען זומער נאָך דער חתונה איז מען קוצי'ני מוציניו און דערנאך ציהען זיי די'ר ארויס דעם מארך פון די ביינער. איז איהר טאַטע א בעל מלאכה, ווי די ערשטע מיינע

ביזט דו אין איהרע אויגען דער ריינער סמ"ך מ"ם. איז זי חס וחלילה נאָר פון א בעל-בתיישער שטוב און זי האָט געזעהען ביי איהרען פאָטער אמאָל א זילבערנעם לעפעל, ביזט דו מיט דיין לעבען ניט מעהר זיכער און צעהן מאָל אין טאָג וועלען זיי דיר אויסרעכנען, אז עס איז געווען פאר זיי דאָס גרעסטע אומגליק, אז זיי האבען דיך גענומען. און אז זיי וואָלטען דיך ניט געווען גענומען, וואָלטען זיי גע־קענט נעמען א מאַן מיט פרנסה, און א זיידען טיכל אויך, און וואָלינע מייטקעס אויך. איך פרעג אייך אליין, וואס זאל איך טהון, וואָס זאָל איך, נחמן רבקה'ס טהון. א יוד פון פערציג יאָהר און חיונה מיט דריי קינדערשען און זיבען לעכער און אַ זוהן און צוויי טעכטער קיין עין הרע, מילא ער איז א פראסטער יונג, דער מאמעס זוהן מיט די ביינער אבער זיי מיידליך, דערוואקסענע מיידליך. פרעג איך, צו זיי זענען שיין? אוודאי זענען זיי שיין, און אפילו אז מ'איז ניט שיין, אז מ'צוואָגט זיך אוים און מ'טהוט אָן א ריינע קלייד און מ'האט צו געבען דען פיפציגער נדן במזומן, קען מען שוין א חתן געפעלען. אָבער א דאָ איז די קשיא. פון וואנען נעמט מען אָט אָ דעם פיפציגער? אין הלבשה איז ניט דא קיין גבול, אזא עושר, ווי איך בין, צוויי שאפעס, שטעהען ביי מיר און אלע ביידע זענען זיי ליידיג, א חוץ שמאטקעליך נאָך פון דער התונה צייט, וואָס איז ניט ווערט א דרייער".

„דעמאלט האָב איך נאָך געהאט אביסעל ציינצקנעלט. עפיס האָבען מיר אָנגערעדט די לייט אין שטאָדט, אז איך בין אַ בריה אויף פסוק. די גאנצע וואָך האָב איך געהאקט האָלץ מיט די גוים און אז ס'איז געקומען צום צאָהלען, האבען די פאָטערס געזאָגט: וואס? פאר פסוק מוז מען אייך צאָהלען, ס'איז דאָך לחלוטין ניט קיין גמרא... אז איך וואָלט ניט געהאלטען דאָס קלייטעל מיט אביסעל צוקער, צימרינג, עס'ג, גאַז, וואס האט זיך געציקעט, וואלט איך מיט די קינדער געהאט א שיין פנים. א שאַפּקעלע איז ביי מיר אויך געווען אין קלייט פון צעלניק; קנעפליך, באנוויליך, נאָדלען. אָ דאָס שאַפקעלע האָט מיך אָבגעקאָסט א האַלב לעבען. וואָרום אַלע מאָל איז קיין סחורה ניט דערסטאַייעט. און די גרויסע קרעמער האָבען א טבע, אז זיי ווילען ניט געבען סחורה אָהן געלד און אז איך שווער מיך צעהן מאָל אָב, אז איך וועל זיי בעצאָהלען. אז איך וועל לייזען, איז ביי

זיי מיין ווארט אזוי פיעל ווערט ווי די בלאטע. און אויף דער אמת'ן שענקען וויל קיינער ניט, אבער זי, די קליפה מיינע. איך זאג אייך, אז ס'איז געקומען א סמארקאטע מיידעל און האט געוואלט האבען דריי העקעליך און ס'איז אויף להכעיס ניט געווען. האב איך מיך גענומען געזעגענען מיט'ן לעבען. א פיסק מיט טויזענד קללות. מילא שעלט און פערברען דיר די ליפען שעלטענ'דיג, אבער געה אין קלייט אריין. פעריל. ניין! זאל בתיה געהן, בתיה הייסט די עלטערע מיינע און דווקא ניט די מאוסה. מילא אז זי זיצט אליין אין קלייט, קומט אריין א ציקאווער יונג, כלומר'שט-עפיס קויפען און אויפ'ן מארגענ'דיגען טאג קומט ער נאכאמאל. אז אין קלייט איז בעשטענדיג די טיר אפען און איטליכער קען קומען. טראכט מען זיך, וואס, מ'וועט זי אויסהאפען? איז זי עפיס א ביינעלע, וואס מ'לעגט דאס אריין אין קעשעניע אריין. אבער היינטיגע יאהרען, איהר פערשטעהט."?

"אז זי זיצט אין דער היים און איז פערחושכט און מוז שאבען און וואשען האט זי אודאי ניט אין זין קיין פיסטע זאכען. זיצענדיג אין קלייט אבער, איבערגעטהון, קומט אריין דער פיסטאַ־פאסניק, קויפט זיך אנ'אכטעל טיטין, דרעהט א ציגאר און זאגט: האט איהר א שוועבעלע, באַרישנע, באַרישנע! אט אזוי שמיעסען זיי ביי אונז מיט איינאנדער דער נייער דור. איהר ווייסט עס קוים גלויבען, ביי אונז אין שטאדט רוקאמעט מען זיך שוין. אפילו דעם רבי'ס שניר איז זיך א גאנצע וואוילע, יא יודען זענען אויף א שיינעם שטיינער. דער רבונו של עולם האט גענוג צו זינגען און צו זאגען".

"האט ניט קיין פעריבעל, רב יוס'ל! איך וויל מיך א ביסעל אנידערזעצען, מ'זאל ניט זינדיגען מיט די רייד. איך הוסט שוין ניין יאהר. מיינע, די הילטייקע, האט מיך עפיס אין זין? קאכט זי מיר א גלעזעל ווארמעס צו דער צייט? איהר ווילט אודאי וויסען, וואס ס'נעווען דער סוף פון דער מעשה. וואס זאל איך פאר אייך לייקענען; אין שטאדט האט מען אנגעהויבען צו רעדען... מיינע אויגען האבען אליין געזעהען, זיי ביידע, זיך שושקען. האב איך זי א פ־עג געטהון, וואס האסט דו דיך מיט אזוינעם צו שושקען? איז פון איהר ניט ארויס צו קריגען אן וואָרט. הייב איך מיך אן צו בייזער'ן, הייבט זי זיך אויף און שטעהט אויף פונ'ם טיש. געה איך איהר נאך און זאג

איהר: בתיה זאָג, וואָס האָסט דו מיט איהם, לאָז מיך הערען, שטעלט זי זיך אנידער לעבען פענסטער און הייבט אָן צו וויינען. א קלאָג אויף מיינע יאָהר. און די מוטער, אזא מרשעת, איז אויף איהר זייט אונז הייבט מיך אָן צו שעלטען און ערשט נעכטען האָט זי מיר אויף געגעסען די גאל. ווארום איך שווייג. נאָר ניט — א פאָטער זעהט א טאָכטער ווערט צולאָזען און ער שווייגט. — אָבער וואָס וועט מיר העלפען? האָב איך געהאט א גוטען פריינד, בין איך אריבער געגאנגען צו איהם און געפרעגט שטילערהייט א עצה וואָס טהוט מען? זאָגט ער: טוה א שידוך מיט איהר און גיעב איהר א מאן מיט ברויט, וועט זי ניט אין זין האָבען קיין פיסטע זאכען. יאָ ס'איז גרינג אזוינס צו זאָגען, גיב איך זי איינמאָל ווידער א פרעג — פלאצט זי אוים: זי וויל דעם משרת יונג, האָטש געה שריי חי וקים און לעג איין די וועלט".

„איך פרעג אייך אליין — פאסט עס עפים פאר מיר, אז אין מיין שטוב זאָל מען שפיעלען ליעבעס? יאָ, אזוי זאָגען זיי, הייסט דאָס, ווער ס'האָט ראס אויסגעטראכט מיט די אלע מעשיות, זאָל איהם קיין גוטער יאָהר ניט קענען".

„איך וויל אייך דערצעהלען בקיצור. מיין ווייב האָט געחלש'ט. איך האָב שיעור פערלוירען דעם זין, חאפ, לאפ! ער נעמט זי ווי זי שטעהט און נעהט. א חתונה, אויף קיין שום יודען געזאגט געוואָרען, א חופה, מישטיינ'ס, געזאָגט, און די כלי זמר! עס כלזמרט זיך אין הארצען און אין קאָפ און אין די קישקעס. דעם רב רופט מען אוועק אין א זייט. מיר מאכען אונז אויף דער שטעל בעגראָבען... נאָך פינף חדשים מיט דרייצעהן טעג האָט זי געהאט א יונגעל. איהר קענט אייך דענקען, וואָס מיר האבען געהאט אויסצושטעהען, גראָה און אלט בין איך געוואָרען. מיט'ן חדר איז דאָס אוים".

„איך זאג, רב יוס'ל, ס'איז א וועלט מיט צרות. דאָס לעבען איז קיין שאָס פולווער ניט ווערט. און דאָס קלייטעל איז פון דעמאָלט געעקט... מ'מישעט זיך געגוג. ווילט איהר מיר לייהען פיפצינג קאָפיקעס ביז דאָנערשטיג. מ'האָט מיר געזאָגט, אז אייער ווייב איז אוואַרשעווער. טאָמער האָט איהר ביי זיך א צינגאר"?...



# איין ענטפער ה' ליודוויפאל.

ה' ליודוויפאל וויינט נעביך מיט ביטערע טרערען, — האָטש ער בערזיכערט, אַז ער וויינט ניט — וואָס מ ר אברהם רייזען איז אַ־ויס גע־טרעטען מיט אַ פּראָספּעקט, אין וועלכען ער זאָגט אַרויס, אַז „זשאַרגאָן" איז די יודישע נאַציאָנאַלע שפּראַכע.

ה' ליודוויפאַל וואָלט זיך אפילו געוואָלט טרייסטען, אַז דאָס וואָס מען זאָגט אין אַ פּראָספּעקט איז לא דובים ולא יער, אָדער מיטב הפּראָספּעקט כזבו, ווייל ער ווייס דאָך ווי אַזוי פּראָספּעקטען ווערען געמאַכט. איז אָבער איין אונגליק, וואָס דער פּראָספּעקט פון מ ר אברהם רייזען איז דער „אני מאמין" פון דעם דאָזיגען „זשאַרגאָנישען שריפט־שטעלער", און פאר „אני מאמין'ס" האָט ה' ליודוויפאָל קענטיג מורא...

„צו דיספוטירען מיט די דאָזיגע זאַרגאָניסטען וואָס ווילען פערטיליגען די העברעאישע שפּראַך איז כמעט אונמעגליך" — קלאָגט זיך ווייטער ה' ליודוויפאָל, ווי עס קלאָגט זיך איין געזעטצטער בעל־הבית אויף זיין צולאָזענעם יונגעל, וואָס וויל ניט לערנען חומש מיט רש"י און געהט בעסער, זומער — באָדען זיך אין טייך, שפּיעלען זיך אין ויאלה, ווינטער — גליטשען זיך א. ד. ג. וואָס העלפט עס? — דאָס יונגעל איז צעלאָזען, וויל לעבען און וויל ניט פאָלגען דעם טאַטען, וואָס הייסט איהם ניט לעבען...

אָבער אין גאַנצען שווייגען קען ער ניט. ער מוז דאָך עפּיס פון דרכי שלום וועגען זאָגען אַביסעל מוסר, ברייננען אַ ראיה.

און ער ברענגט די טאַקי באַלד אויפ'ן אָרט.

„למשל — עס איז פערהאַן איין טעס, נאָך מיין מיינונג, וואָס נעניגט ער זאָל קענען פערשטאָפּען די מיילער (?!) פון די דאָזיגע זשאַרגאָנישע פערטיידיגער. מר אברהם רייזען, זאָגט למשל, אַז דער זשאַרגאָן איז ניט נאָר די שפּראַך פון אַ טהייל פון פאָלק, נאָר פון דאָס גאַנצע פאָלק.״

און אָט דא קומט טאַקי דער ה' ליוודוויפּאָל אַריין אין כעס און טענהט, מאַכענדיג מיט די הענד:

„ווי אַזוי קען מען דיספּוטירען מיט מענשען, וואָס זיי לאָזען אַוועקם הערען? צו וויסען ניט די דאָזיגע נעבראָטענע זשאַרגאָניסטען, אַז עס איז פערהאַן אַ בעדייטענדער (?) טהייל פון אונזער פאָלק, וואָס האָט אויך אַ זשאַרגאָן, נאָר אַזאַ זשאַרגאָן וואָס האָט נאָר ניט קיין שייכות צו אינזער זשאַרגאָן, צו וויסען זיי ניט, אַז אַזוי ווי עס איז פערהאַן אַ דייטשער זשאַרגאָן, (?) אַזוי איז פאַרהאַן אַ ספר'דישער זשאַרגאָן? היינט ווי אַזוי — לאָזט אויס ה' ליוודוויפּאָל זיין טענה מיט אַ קול פון נצחון — קענען זיי בעשליעסען אַז דער זשאַרגאָן (אונזערער, דער דייטשער) איז ניט נאָר די שפּראַך „פון אַטייל פון פאָלק, נאָר פון דאָס גאַנצע פאָלק?״

פיר אַ יודען, וואָס ווייס ניט אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך די ספרדים ריידען און איבער־הויפּט, וויפיעל יודען נעפינען זיך אַזעלכע, איז דער טעם אפשר אַ טעם.

מיר אָבער וואָס וויסען, אַז דער ספרדישער „זשאַרגאָן“ איז כמעט קיין זשאַרגאָן ניט, האָט נאָר אין זיך מאַנכע העברעאישע ווערטער, און ניט האָבענדיג קיין שום נייסט, קיין שום טראַדיציאָן הייסט ער דאָרט אפילו ניט יודיש, ווי ביי אונז אונזער שפּראַך, נאָר ספּאַניאַליש און איז כמעט ריין היספּאַניש; מיר אָבער וואָס וויסען. אַז דאָס ביסעלע יודען, וואָס ריידען (אין שרייבען אַביסעל אויך) דעם ספּ־דישען „זשאַרגאָן“ זענען אין פערגלייך מיט די יודען וואָס ריידען אונזער „זשאַרגאָן“, ווי אַ טראָפּען קעגען ים, — מיר קענען פערשטעהן ווי וויים לעכערליך דער דאָזיגער טעם איז. מיר ווילען שוין ניט ריידען, אַז אייגענטליך זענען פון אונז די ספרדישע יודען זעהר דערווייטערט, האַלטען זיך פיר גרויסע יחסנים און ווילען

זיך אפילו מיט אונז ניט מתחתן זיין...

ה' ליודוויפּאָל האָט אָבער נאָך טעמים:

„אויך אונזער זשאַרגאָן, דער דייטשער, איז ניט איינער. למשל, דער זשאַרגאָן אַליין טהיילט זיך אין פֿיעל זשאַרגאָנען, דער ווירליכער דער וואָהלינער, דער ליטווישער און פּאָלנישער".

זעהט איהר, די טעמים האָבען שוין טאקי גאַר קיין טעם ניט. ה' ליודוויפּאָל ווייס גאַנץ גוט, אַז די הברה איז אַסך געוועגדט אָן דעם קלימאַט און אַזעלכע טעמים האָט יעדע שפּראַך ניט צו זיין קיין נאַציאָנאַלע שפּראַך. דערפֿאַר וואָס צוליב קלימאַטישע אורזאַכען רעדט מען אויס אין פֿערשיעדענע געגענדען אַנדערש דאָס וואָרט. ה' ליודוויפּאָל ווייס אָבער, אַז די שפּראַך אין דער ליטעראַטור איז איינס און דאָס זעלבע. די יודישע ליטעראַטור איז פֿערשטענדליך פֿיר ליטווישע, פּאָלנישע, ווירליכע און וואָהלינער אידען. און ווייטער, די הברה פֿון העברעאיש. די נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון ליודוויפּאָל — איז דען אומעדום גלייך? שפּרעכט דען ניט אויס דער ליטוואַק ברוך, דער פּאָלנישער בריך א. ז. וו., דער ליטוואַק אַתּה, דער פּאלנישער אַתּו א. ז. וו.?

אָבער ליודוויפּאָל, וואָס האָט אַנפּאַנגס געוואָלט מיט איין טעם פֿערשטאָפּען די מיילער, האָט קענטיג דערזעהן, אַז דער טעם וועט ניט אין שטאַנד זיין, שלעפּט ער פֿון קעשענע נאָך פּעק טעמים וואָס האָבען אָבער דעם זעלבע ווערט ווי דער ערשטער.

„ווער עס האָט געלייענט די זשאַרגאָנישע צייטונגען אין אַמעריקא ווייס, אַז ממש פֿון טאָג צו טאָג ווערט וויינגער די שייכות צווישען אַמעריקאַנער זשאַרגאָן און אונזערן. און עס איז גאָר ניטאָ קיין ספק (אַזאַ מאמין איז ה' ליודוויפּאָל), אַז עס וועט קימען דער טאָג, אַז דער אַמעריקאַנער זשאַרגאָן וועט זיין אין גאַנצען „אַמעריקאַנישׂ" א. ז. וו.

מיר לעזען אַמעריקאַנישע צייטונגען, אַזוי ווי ה' ליודוויפּאָל און געפֿינען ניט איין, צו מורא האָבען, אַז דער אַמעריקאַנישער „זשאַרגאָן" זאָל אין גאַנצען איין ענגלישער, ווערען. אמת, אין די טעגליכע צייטונגען, וואו עס ווערט אַרום גערעדט דאָס טעגליכע אַמעריקאַנער לעבען, געפֿינט מען דאָ און דאָרט איין ענגלישעס וואָרט, אבער דער בוי פֿונם זאַטץ, דער גייסט פֿין דער שפּראַך בלייבט שטענדיג יודיש. איין איינצינעס אריינגענומענעס וואָרט פֿון אַ פֿרעמדער שפּראַך

קען קיינמאָל ניט פערדאַרבען אַ שפּראַך, פערקעהרט דאָס מאַכט נאָך רייכער. וואָס פאַר איין געפאַהר איז פיר דער יודישער שפּראַכע, ווען מען בענוטצט דאָס ענגלישע וואָרט „ביזנעס", אָדער שאַפּ און נאָך אַזעלכע איינצעלנע ענגלישע ווערטער, וואָס שפּיעגלען אָב דאָס יודישע לעבען אין אַמעריקא.?

די ריינע ליטעראַטור אָבער, די ליעדער, ראָמאַנען, דראַמען, מיט וואָס די יודיש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור איז יעצט אַזוי רייך, אַז די העברע־אישע קען זיך אַ צעהנט חלק ווינשען, האָבען ניט איין ענגלישען וואָרט, סיידען ווען עס קומט פאָר אַ סצענע פון טעגליכען לעבען.

עס איז גענוג צו ברענגען אַלס בעוויז מאָריס ראָזענפעלד'ס ליעדער וועלכע ער האָט אַלע אין אַמעריקא געשריעבען, און דאָך פערשטעהט מען זיי אין דער גאַנצער וועלט, וואו יודען רעדען יודיש.

לעכערליך איז דאָס, וואָס ה' ליודוויפּאל בעשולדיגט נעביך ד אָרימע טעריטאָריאַליסטען אין אונזערע בעציהונגען צו דער יודישער שפּראַך.

„עהדער עס איז געבוירען געוואָרען דער טעריטאָריאַליזם וואָלטען די זשאַרגאָניסטען ניט געוואַגט צו שיקען אַ האַנד, אויף די העברעאישע שפּראַך. אָבער יעטצט, אַז עס איז געבוירען געוואָרען דער טעריטאָריאַליזם איז מעגליך אונזערע זשאַרגאָניסטען אויפצוהייבען דעם קאָפּף און צו פּריגען אָהן מורא און אָהן שרעק, אָהן איבריגע שעמעריי, צו בעגראָבען (?) די העברעאישע שפּראַך". — ה' ליודוויפּאל פערגעסט, אַז זשאַרגאָן אַלס נאַציאָנאַל שפּראַך האָבען מיר נאָך בעטראַכטעט מיט פיער יאָהר צוריק („צוואַנציגסטע יאָהר הונדערט") ווען דער טעריטאָריאַליזם איז נאָך ניט געבוירען געוואָרען. אום צו זאָגען דאָס, וואָס מיר ווילען און האַלטען פיר אַן אמת, דאַרפען מיר ניט קוקען ווי דער ווינד בלאָזט...

אין דעם קאַמפּף, וואָס די זשאַרגאָניסטען נעמען פאָר קעגען העברעאיש זעהט דער הערר ליודוויפּאָל „אַ נייגונג צו פערטיליגען די נאַציאָנאַלע קנינים פון דאָס יודישע פאָלק און צו פערבייטען זיי מיט נייע קנינים. הערר ליודוויפּאָל וויל בשום אופן ניט וויסען, אַז די יודישע שפּראַך וואָס ער רופט זשאַרגאָן איז אַזוי וויכטיג — און אפשר נאָך מעהר — פאַר די אַלטע קנינים. ווען אַ פאָלק זאָל זיך וועלען האַלטען

מיט אַללע איהרע אַלטע קנינים. וואָלט עס נעדאַרפט האָבען פיעל ריזינערע כחות, אַלס דאָס יודישע פאָלק, וואָס לעבט שוין אַזוי אויך קיים אונטער דער משא פון די אַלטע קנינים און קען אַ שריט ווייטער ניט מאַכען.

אויב דעם ה. ליודוויפאל זיינען באמת טייער די קנינים פון דער יודישער נאַציאָן, קענען מיר איהם דאָך טרייסטען, אַז בעטראַכטענדיג "זשאַרגאָן" אַלס נאַציאָנאַלע שפראַך, מיינען מיר חלילה ניט צו פערטיליגען אַללע נאַציאָנאַלע קנינים, נאָר פערקערט, מאַנכע לעבעדיג מאַכען, וואָס דאָס איז נאָר מעגליך אויף אַ שפראַך, וואָס לעבט אונ האָט אַללע רעכטע צו לעבען.

און אויב דער ה' ליודוויפאָל האָט ליעב נאָר אַלטע קנינים, האָבען מיר פיר איהם נאָך אַ נחמה, אַז "זשאַרגאָן איז אויך שוין אַלט פיעלע הונדערטער יאָהר, האָט פיעל תפלות, צווישען וועלכע עס געפינען זיך אַזיינע פאָעטישע און ריהרענדע, ווי "דער גאָט פון אברהם פון יצחק און יעקב" און אַנדערע, האָט פאָלקס ליעדער, וואָס לערנען דעם פאָלקס־גייסט מעהר ווי אַנדערע ספרים אין העברעאיש; האָט אַליטעראַטור, וואָס וועט בלייבען לעבען כל זמן אידען וועלען לעבען און מיט וועלכער מיר קענען מעהר שטאָלץ זיין, ווי מיט די אַללע לשון־קדש'דיגע ספרים, וואָס האָבען, אמת, אונז ניט געלאָזט שטאַרבען, אָבער האָבען אויך קיינמאָל אונז ניט געלאָזט לעבען...

אברהם רייזען.



# די געפאלענע.

---

דו האסט זי געקענט... און געקענט זי נאר נאהענט
זי איז אזא שעהנע געוועזן:
לאקען, ווי גאלדענע שלאנגען – און אויגען –
אין זיי האט געפינקעלט א ברענן...

און ציינער, ווי פערעל, געפאסט אין צוויי רינגע,
צוויי ליפעליך רויטע, ווי בלוט;
א שארפע בעוועגונג אין קערפער און שלאנקען,
אין הארצען א קאכיגע מוט.

אזוי איז זי איבער די גאסען געגאנגען,
אזוי אין די סעדער שפאצירט,
און שעלמיש מיט טויזענדער הערצער געשפיעלט זיך,
און שעלמיש די הערצער פערפיהרט.

זי האט איהרע קליידער טאג־טעגליך געביטען,
בעוויזען אין זיי, וואס הייסט – חן...
עס האבען ביי מענער די ליפען געציטערט:
דאס געהט ער, דער טייוועל אליין...

עס בייטען זיך יאהרען און לויפען און פליהען,
עס ווערט אלץ געענדערט די צייט,
און דאס, וואס אמאל האט אזוי שטארק געצויגען,
קען בלייבען דערנאך אין א זייט...

זי ליעגט אויפ'ן בעטעל, א בלייכע, א שוואכע,
די אויגען פערלאשען, אהן גלאנץ;

צֶעוָוארְפֶען דִי הָאר אַרוּם שְׁטֶערֶען, אַזוֹי וִוי
אַ גְרָאהֶער, צֶעטְרִיקֶענְטֶער קְרַאנְץ...

דָאס פָּנִים אִין קְנֵייטְשֶׁען, דָאס מוֹיל אָהן דִי פֶּערִיל,
וִוי זִי וָואלְט שׁוֹין טִיעף גֶעוֶוען אַלְט...
אִין שְׁטִיבֶּעל אִיז פִינְסְטֶער, דִי טוּנְקֶעלֶע שָׁאטֶענְ׳ס,
מֶעהר שְׁרֶעק גִיעבֶּען צוּ אִיהר גֶעשְׁטַאלְט...

און לִיעגֶענְדִיג ווערט זִי אַנְשְׁלָאפֶען... אִיהר חָלוֹמ׳ען
זִיסֶע חֲלוֹמוֹת אַ סַך:
זִי שְׁוֶועבְּט אִין בְּרִילַאנְטֶען... אַ יוּנְגֶע... בַּיי מֶענֶער
אִיהר בְּלִיק אִיז אַ מַייעֶרֶע זאַך...

אַ יוּנְגֶע, אַ שֶׁעהנֶע, אַ מִילְדֶע, אַ פְּרִישֶׁע,
אַ רֵייכֶע אַזוֹי וִוי אַמָאל,
און שְׁנֶעלְט אִין דִי גְעוֶוער דִי־מֶענֶער, און פִיהְרְט זֵיי,
וִוי הִינְר אַרוּם זִיךְ אָהן אַ צָאל...

זִי שְׁלָאפְט און זִי פִיבֶּערְט... אִין שְׁטִיבֶּעל אִיז פִינְסְטֶער.
עֶס הֶערֶען זִיךְ שְׁטִימֶען אַרוּם:
„בְּרוּדֶער׳ל, הָאבּ אִיךְ אַ נַייעֶ גֶעפוּנֶען,
צֶערְטְלִיךְ און שֶׁען, וִוי אַ בְּלוּם...

און ס׳רֶעדְט נָאךְ אַ שְׁטִימֶע: גֶעפוּנֶען אַ נַייעֶ?
וואו אִיז זִי — בֶּעקָאנֶען זִיךְ שׁוֹין!
— אִיךְ וֶועל דִיר זִי וַוייזֶען, זִי וֶועט דִיר דֶערְמָאנֶען
דֶער קְרַאנְקֶערְס אַמָאלִיגֶען חֵן...

דוד קאסעלג



# דער מאַרגנער.

(עסקיז).

נעווידמעט מיין פריינד ל. נ.

---

דער פאלטא, וואָס זיסעל טראָגט שוין דעם צעהנטען ווינטער, איז איינענטליך ניט געווען קיין ווינטערדיגער אין פוללען זינען פון דעם וואָרט. אויסער דעם, וואָס ער איז געווען העל, האָט ער אויך ניט געהאַט קיין וואַטע. אָבער קיין זומערדיגער האָט ער אויך ניט געקענט הייסען. דער געוואַנד פון איהם איז געווען גראָב און האָריג און דאָס האָט איהם צוגעגעבען א כאַראַקטער פון א הערבסט אָדער פריהלינג־מאַנטעל. זיסעל אליין האָט איהם אָבער גערופען מיט א וויצעלע „דער פאַרעווער מאַנטעל". און האָט ערקלערט מיט'ן שכל, אַז ער דאַרף אַזוי הייסען, ווייל אַזא מאַנטעל קען מען טראָגען אין אַלע פיער צייטען פון יאָהר און אפילו צודעקען זיך מיט איהם איז אויך ניט שלעכט. אַז דער מאַנטעל דעקט אין א קאַלטער נאַכט זיסלען צו, זעהט עס מאַקי אוים ווי איין עכטע קאָלדרע. אמת, די פאר ארבעל שטערען דער אַלגעמיינער האַרמאָניע, נאָר ווער דאַרף עס אַזוי נאָהענט צוגעהן און בעטראַכטען? דער עיקר איז דאָך, ווי אַזוי די זאַך זעהט אוים פון דער ווייטען...

עס פערשטעהט זיך, אַז אַזא מאַנטעל מיט אַזוינע מעלות האָט זיסעל געוואוסט ווי צו שעצען. טאָמער פלעגט איהם אמאָל איינער פון זיינע בעקאַנטע בעמערקען:

— שוין צייט איך, פאַני זיסעל, א נייעם מאַנטעל צו מאַכען.

פלעגט זיסעל א קוק טהון אויף זיין מאַנטעל, אויפהייבען דעם קאַלנער, וואָס איז געווען זעהר א דוּכער, אריינלייגען איין ארבעל

אין צווייטען און מיט א זיענערישען טאָן ענטפערן:

— וואָס? א שלעכטער מאַנטעל? —

יענער פלעגט א שמייכעל טהון און נעפינען, אז דער מַאַנטעל איז ווירקליך גוט.

— דאָס געלד וואָס א נייער מאַנטעל דאַרף קאָסטען האָב איך וואו אהין צו טהון—פלעגט נאַכדעם זיסעל צונעבען מיט א גוט־מוטיגען טאָן און מען האָט געוואוסט, אז זיסעל, אָט דער אלטער בחור, אָט דער „מאָדנער", וואָס אַרבייט ערגיץ פאַר א פירמא און פערדיענט פיעל געלד, טהוט מיט מענשען גרויסע טובות און אויף זיך אַליין קוקט ער גאָרנישט.

---

און דאָך האָט זיך געטראָפען מיט זיסלען א סיבה אין ער האָט נעפעלשט אין זיין מאַנטעל און אָנגעטהון א פוטער...

— ווי קומט צו אייך, פאַני זיסעל, א פוטער? האָט איהם יעדער בעקאַנטער, דערוזעהענדיג דאָס ערשטע מאָל אין פוטער פער־וואונדערט געפרעגט—איהר זענט שוין צום שכל געקומען?...

און זיסעל האָט מיט א פערשעמטען שמייכעל נעדאַרפט דער־צעהלען א מעשה, וועלכע איז איהם געווען זעהר ניט איינגענעהם. עפּיס איינער, זיינער א ווייטער בעקאַנטער, וועלכער האָט נויטיג גע־דאַרפט געלד, נאָר באָרגען ביי איהם האָט זיך יענער געשעמט, האָט איהם פערקויפט דעם פוטער, מיט א תירוץ, אז ער איז אויף איהם ענג.

— איך האָב איהם געמוזט קויפען... איהר פערשטעהט? האָט ער זיך פערענטפערט.

די בעקאַנטע האָבען פערשטאַנען און זענען געווען זעהר צו פריעדען, וואָס ענדליך האָט נאָט געהאָלפען און זייער גוטער זיסעל איז געוואָרען א מענש...

— גוט א פוטער, הא, וואָס? האָבען זיי איהם געפרעגט.

— גוט איז גוט—האָט דער אלטער בחור מיט א נאַיווען קינ־דערשען שמייכעל געענטפערט... אָבער...

— אָבער וואָס?

— אָבער איך שעם מיך...

די בעקאַנטע האָבען זיך פערנאַנדער געלאַכט.

— כ'לעבען איך שעם מיך... ווי קומט צו מיר א פוטער ? די בעקענטע האָבען וויעדער געלאכט ; טאקי א „מאדנער". מען זאָל זיך שעמען צו טראָגען א פוטער ! הלואי וואָלט יעדער פון זיי געהאַט א פוטער, וואָלט ער נאָר איין אנדער שטאָלץ בעקומען. די ערד וואָ'ט אונטער איהם געציטערט...

---

אין לכבוד דעם פוטער, וואָס זיסעל האָט אָנגעטהון, האָט דער ווינטער אָ־אָבגעשיקט א שטארקען פ־אָסט, וואָס האָט עטליכע טעג נאָך אנאנד מיט א קאַלטען פייער געברענט. זיסלען, געהענדיג אין גאַס, וואָס האָט געדווישט פון מענשען, צווישען וועלכע ער האָט געראַד ווי אויף צולהכעיס פיעל נאקעטע בענעגענט, האָט זיך גע־דאכט, אז ער איז אין דעם פראָסט שולדיג, און האָט ניט געקענט קוקען גלייך אין די אויגען די אָרעמע, נאקעטע דורכגעהער, וואָס האָבען זיך געקנייטשט אין דרייען פיר קעלט. ווען ער וואָלט געטראָגען דיין „פארעווען מאנטעל" וואָלט ער שוין צו א מאַכען צו גענאַנגען און געפרענט :

— וואָס, קאלט, פעטערקע ?

אָבער אין דעם פוטער האָט ער קיין מוטה ניט צוצונעהן אויס־צוריידען, ווי זיין שטיינער איז, א וואָרט. דער פוטער מאכט א מחיצה צווישען איהם און די אלע אָרימע. און א פערשעמטער לויפט ער דורך די גאַס, סטארענדיג זיך קיינעם אין די אייגען נישט אריין צו קוקען. ער קען זיך אָבער ניט איינהאַלטען, בעגענענדיג איין נאקעטען טרענער, האָט ער ווי פערשולדיגט א פ־ענ געטהון : קאלט דאָ ?... דערהערענדיג א קרעכץ אנשטאט איין ענטפער, איז זיסלען א קעלט דורכגעלאָפען דורכ'ען פ'טער, און ער האָט עפּיס בעשלאָסען...

---

אויפ'ן פינפטען טאָג, אַלס דער פ־אָסט האָט זיך געשטא־קט, האָט מען זיסלען צוריק געזעהען אָנגעטהון אין זיין אלטען מאנטעל.

— וויעדער אין אלטען ? האָט איהם א בעקענטער געפ־ענט. איהר וועט דערפרוירען ווערען — אזא פראָסט !

— עט, האָט זיסעל מיט א זיכערין טאָן געענטפערט — אהן א פוטער ווערט מען ניט דערפרוירען, אָבער ג־ין א פ טער ווערט מען

אָנגעריפּען און פערפרעמדט פון אָרימע ב־ידער, און אָהן ־ווי איז קאלט אין בעסטען פּיטער. יעצט איז מיר גאנץ ווארים...

דער בעקענטער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און אין געדאנק אויף זיכער בעשלאָסען:

— „ניט נאר א מאָדנער—א משוגענער!... — לאָזענדיג דעם בעקאנטען מיט זיין מיינונג איבער איהם, האָט זיך זיסעל געלאָזען געהן. ער האָט גלייך בעמערקט ביי א ראָג שטעהן א טרעגער, וועלכער האָט דאָ געקלאפּט מיט די פּיס, דאָ געפּאטשט א האנד אין א האַנד, דאָ אונטערגעשפּרונגען און נאָך אזעלכע סגולות צום פראסט. זיסלען האָט עס געריהרט, אָבער אויך געפּעלען געוואָרען. אין זיינע אויגען האָט זיך בעוויזען דאָס אלטע גוטע פייעריל און האָט זיך געווענדעט צום טרעגער.

— וואָס, פּעטערקע, קאלט?

— קאלט! קאלט! האָט דער טרעגער, ווי פריילך געענטפערט.

— נישקשה! מיר וועלען ניט דער פרירען ווערען! האָט זיסעל געמוטהינט.

— עט, דערפרוירען ווערען! ווער זאָגט עס? דעם ערשטען ווינטער בענעגען איך דען? האָט דער טרעגער, מאַכענדיג זיינע סגולות פאר איין ווענס גערעדט!

און זיסעל איז מיט א ליעדעלע פריילך ווייטער אוועקגעגאנגען, לאַכענדיג פון זיך אליין ביין געדאנק, אז ער האָט פיער טעג א פוטער געטראָגען.

עס איז טאַקי געוועןא משוגעת! האָט ער הויך אויפן קול זיך מתורה געוועזן...

אברהם רייזען.





# א נאכמיטאג ביי'ם רב אין שטוב.

## א ב י ל ד

### פון מ. י. בערדיטשעווסקי.

---

די פעדערשטע שטוב ביי'ם טאראוועצער רב. א ניעדעריגע סטעליע. צוויי קליינע פענסטערליך געהען אויפ'ן גאס. ארום נעבען איין אלט באנקבעטיל שטעהט א לענגליכער קייליכיגער טיש. אויבענאן אויף איין אלטען שטול הינטערגעשפארט מיט א קישען זיצט דער רב, א קליין יודיל מיט א שפיציג גראעס בערדיל. ער האלט די האנד אנגעשפארט אויפ'ן טיש און קוקט אריין אין א משניות. א הויכער יוד מיט גרויסע שטיוועל אין א לאנגען ריבסענעם חאלאט מיט א פערגרינט פליסען היטעל שטעהט פאר'ן אנדערן עק טיש און טענה'ט.

דער רב (העבט ניט אויף די אויגען פונ'ם ספר): איך האב דיר דאך געזאגט, חיים, איך טאר דיך ניט אליין אויסהערען.

דער יוד: רבי לעב, ער קוילעט מיך, ער איז מיר משיג־גבול.

דער רבי (ערנערליך): איך טאר ניט הערען איין בעל־דין אהן דעם אנדערען. קום מיט איהם אין איינעם און האט אדין־תורה.

דער יוד: אז דער הולטאי וויל גאר ניט געהען צווישען יודען און וויל נאר אנגעבען אין סוד.

דער רב (העבט אויף ־עם קאפ): איך וועל אידם שיקען רופען.

דער יוד: ער וועט אייך ניט הערען, דאס איז א כלב שבכלבים.

דער רב (רופט): יענקיל, יע:קיל, וואו איז ער? (עס קומט קיינער ניט), וואו איז יענקיל? זאל ער געהען נאכ'ן שמש (מען הערט דאם קול פון דער רבצין): יענקיל'ן האב איך געשיקט צו פעסין אין קליים אריין נאך צוקער.

דער יוד: וועל איך אליין נעהען רופען שואלין.

דער רב: אז דו ווילסט, נעה.

דער יוד: (געהט ארויס דורך די טיהר וואס עפענט זיך אין דרויסען. די טיהר וויל זיך ניט צומאכען, א ווינטעל בלאזט. די רבצי'ן א גראבע מיעסע יודענע אין א טשיפעקעל קימט אויף דער שוועל פון דער קעך אין שטוב און קוקט אריין): שלמה, איז ער שוין אוועקגעגאנגען?

דער רב: יא.

די רבצי'ן: טאמער האסט דו נאך צוואנציג קאפעקעס, איך בעדארף צו האבען.

דער רב (קראצט זיך): איך האב ניט.

די רבצי'ן: א, כפרעניק איז דא געוועזען און וויל צוהאקען דאס האלץ, ער וויל אבער פערציג קאפעקעס א טאג. (די טיהר פון דרויסען עפענט זיך און דער יוד קומט אריין).

דער יוד: ער וועט באלד קומען.

דער רב: זעץ זיך דערווייל.

די רבצי'ן: א חיים.

דער יוד (קרעכצט): יא, מען בידעוועט.

די רבצי'ן: וואס איז אייך?

דער יוד: אדין-תורה האב איך מיט שואלין, ער האט מיך אבגע־ראבעוועט און וויל מיך אויסטוהן ביז העמד.

די רבצי'ן: יא, יא, חיים, מען מוז נאך אויסהערען יענעמ'ס צד...

דער יוד שפרינגט אויף: וואס זאגט איהר, רבצי'ן! דאס איז א ראזבאיניק, זיי איהר ועהט מי לעבען, איך זאל אזוי גערעכט זיין פאר גאט, ווי איך בין גערעכט.

(די טיהר פון דרויסען עפענט זיך אויף, און שואל דער שמש, אן אלטער, שווארצער יוד פון א יאהר זעכציג קומט אריין הוסטענדיג: קחי, קחי, ער שנייצט זיך די נאז): רבי וואס לאזט איהר מיך ניט שלאפען. איך וואלט מיך אביסעל אבגערוהט, איך הוסט שוין זייט דריי טעג און דער קאמער... האט איהר געהערט ביי ראובן זיסקים איז היינט געפגרט די ציג. א רחמנות. שרה רבקה איז געלעגען געווארען און האט געהאט א יונגעל, דאס אכטע. אין בית המדרש האט מען היינט'גע נאכט גענגב'עט האלץ. איך מוז מיר אברייבען דאס הארץ מיט'ן גבאי ער זאל קויפען א שלאס.

דער רב (נוטברידערל'ך): לאז די מעשיות, שואל. נעה אריבער

דער רב: וויפיעל האסט דו געלייזט, רבקה?

די רבצין: זעכס קאפעקעס.

דער רב: השגחה!

א יונג ווייבעל, א שעמעדינע עפענט אויף די טיהר.

די רבצין: שלמה, א שאלה.

דער רב: קומט אהער.

דאס ווייביל (געהט פאמעליך צו צום טיש און נעמט ארויס פון האנטיך א מאגערע הון): איך האב זי גענומען כשר מאכען, האב איך ניט געפונען די גאל.

דער רב (שטעקט אריין די האנד און נעמט ארויס די לעבער או לעקט זי): ס'ביטער — ס'כשר.

דאס ווייבעל (שטעהט:) איך וואלט אייך געוואלט פרעגען. איך האב א דיישקע, וואס איך בעניק זי נאר צו וואסער און שטעהען שטעהט זי אין קאמער ניט אין קעך, אצינד וויל איך אין איהר שטעלען פסח'דיגע בארשטש.

דער רב: מ'מעג, אבער מ'מוז זי כשר'ן.

דאס ווייבעל: נעכטען האב איך געהאט די האנד אין מעהל, האב איך גענומען די קווארט און איך האב אנגענומען וואסער.

דער רב: איך האב אייך דאך געזאגט, כשר'ט זי.

דאס ווייבעל (ניט צופרידען): ווים איך, איך האב געמיינט, קויף בעסער א נייע דיישקע, אבער אז מ'מעג... (זי נעמט די הוהן פונ'ם טיש וויקעלט זי איין און געהט אוועק).

דער רב צו דער רבצין: ווער איז זי?

דער יוד: שמעון'ס שנור.

צו שמואל'ן און זאג, איך לאז אירם ריפען, ער זאל באלד קומען צו געהן.

דער שמש (קוקט אויף חיימ'ן): איך פארשטעה שוין—א לארענעס. ביי וועמען דאב איך דעם זעכסער? מוז איך מיר אבנעהען די פ'ם אומזיסט? (ער פארהוסט זיך: קחי, קחי, קחי).

דער רב: געה שוין. אונטערוועגס קויף מיר ביי פייסי'ן אַן אַכטעל פיטין, סרעדניע.

דער שמש: גיט אַהער געלד.

דער רב: נעם אויף באָרג.

די רבצי'ן ווינקט דעם רב.

דער רב געהט צו צו איהר.

די רבצי'ן (שטילערהייט): שיק ניט נעמען אויף באָרג, ער האָט קיין חשק ניט, מיר וועגען איהם שולדיג ניין קערבליך.

דער רב, העבט אָן צו קראַצען אין קעשעניע און געפינט אַ אָבגע־ריבענעם דרייער. שואל איז דערווייל אוועגגעגאַנגען. ס'קומט אריין אַ געזונדע שיקסע אין רויט קליידעל מיט אַ אויסגעגהט העמד: דאַוואַי דרישטשי נא שעסט קאפיעק. די רבצי'ן גהעט צו צו דער שאַפע און וועגט איהר אָב אַ לויט הייוועגן.

דער רב: אַ מחמרתא.

דער יוד: יאָ דער מאַן איז אַ גנב.

דער רב: דו רעדסט מיר צושטאַרק אויף יודען.

דער יוד: אַלע וועגען ווי גנבים, די שמעונים.

דער רב געהט צו צום פענסטער און קוקט: שואל איז נאָך ניט.. אַז מ'שיקט איהם אוועק, קען מען זיך ניט דערוואַרטען. רבקה (ער קערט זיך צו דער רבצי'ן) וועה נאָך אין שופלאַד, האָב איך נאָך אַביסעל טיטין?

דער יוד (נעמט אַרויס אַ ציגאַר טיטין): נאַט אייך, רבי, ס'גוטער.

דער רב: דו ווילסט מיר געבען שוחד, איך וועל שוין וואַרטען אויף שואל'ן.

יענקיל (קומט אריין, אַ אויסגעשמירט, באָרוועס יונגעל פון אַ יאָהר ניין מיט אַ צעריסענע היטעל): באבע איך בין געפאַלען און האָב אויסגעשיט דעם צוקער.

דער רב (ווערט רויט פאַר כעס).

די רבצי'ן (נעמט איהן אָן ביי דער האַנד און פיהרט איהם אַוועק אריין)...

דער שמש (קומט): וואָס איז ביי אייך פאַר אהונד ביי דער טיהר. אַ דאָ האָט איהר דעם טיטין, פייסי האָט זיך אפילו אב'סעל נעקרימט... שמואל'ן האָב איך ניט געפינען אין דערהיים. האָב איך געזאָגט זיין ווייב. (ער הוסט.) אווינד איז דאָס! צו נחום קאַוניאַנסקי איז געקומען צופאָהרען אַ פּריץ.

דער יוד האפט זיך אויף.

דער רב: וואוהין נעהסט דו, חיים?

דער יוד: איך וועל באלד קומען.

דער שמש (אז חיים איז אוועקגעגאנגען) רבי, ס'פּיסטע זאכען. ווי ועלען זיך קיינמאָל ניט לאָדען, איהר האָט געזעהען?

דער רב: וואָס?

דער שמש: ווי ער האָט זיך אויפגעחאַפּט, אז איך האָב געזאָגט פון פּריץ.

דער רב: אַ יוד וויל געביך פערדיענען.

דער שמש: אַשיינער נעביך, אויף מיר געזאָגט געוואָרען. ווי ער זיצט דאָ וואָלט איהר קיין צוויי גראָשען פאַר איהם ניט געגעבען, אָבער איהר וואָלט איהם געזאָלט זעהן אין דער מעקלעריי.

דער רב: שמואל האַנדעלט דאָך אויך מיט מעקלעריי.

דער שמש: אַוודאי, דארום רייסען זיי זיך אָרום.

דער רב (זעצט זיך ווידער צום משניות און הייבט אָן אַריינצוקוקען).

דער שמש (פערשטעהט אז ער מעג שוין געהען. ער שטעהט.)

דער רב? וואָס שטעהסט דו, שואל?

דער שמש: ווער וועט מיר בעצאָהלען פאַר'ן וועג?

דער רב מאַכט אַ הלצה'לע: האָב מיט חיימ'ן אַדין־תורה.

דער שמש: אייך איז נוט צו לאַכען. פון וואַנען זאָל איך לעבען?

דער רב: העבסט שוין ווידער אָן. (זוכט אין קעשעניע, נעמט אַרויס דעם דרייער): נא, האָסט דו.

דער שמש (טאַפּט דאָס געלד. צו זיך): אַדרייער. (ער געהט).

דער רב זעצט זיך ווידער אין שטול, מישט צוריק די בלעטליך און הייבט אָן צו לערנען: מאימתי קורין את שמע בערבית? (צו זיך): מ'איז מיך מבטל פון דער תורה...



# צווישען עמיגראנטען.

זעהר לאנג איז געווען פערדעקט פאר דער עפענטליכקייט פון דער ציוויליזירטער וועלט די שרעקליכע, אונמענשליכע בעהאנדלונגען, וועלכע די אגענטען פון דער האמבורג־אמעריקא־ליניע מיט דער הילף פון דער פרייסישער פאליציי, ערלויבען זיך קענען די אונבעשיצטע, אויסגעמוטשעטע יודישע וואנדערער. יאהרען־לאנג האט דיזע געלד־דורשטיגע געזעלשאפט אונגעשטערט געצאפט און געזויגט די בלוט פון אונגליקליכען נע־ונד׳ניק. די מאטעריאלע און מאראלישע בעדינגונגען פון יענעם לאנד האבען געלייגט א זיגעל פון שקלאפעריי אויף דעם יודען׳ס נשמה און האט דעריבער ניט פראטעסטירט הויך קענען די אונרעכטען, וואס מען טהוט קענען איהם. מ׳איז געווארען אזוי צוגעוואהנט צו יעדער נייער בעגרענצונג, צו יעדער נייער פארמע פון אונטערדריקונג, אז מ׳האט זיך שוין אפילו אויפגעהערט צו וואונדערן אויף דעם. מען נעמט אלס אן ווי אנאטירליכע זאך. פערלאזענדיג די היימאט פאר הונגער שרעק און אנדערע אגשיקעניש׳ן, האלט זיך דער עמיגראנט פאר גליקליך, אז ער איז שוין זוכה צו שטעהן אויפ׳ן ציזייטען זייט גרענעץ און איז מקבל באהבה די איבעריגע גלות׳ן, וואס איהם קומט אויס אריבער צו טראגען אויף דער נסיעה, און עס פעלט גאר ניט איין אין קאפף צו פראטעסטירען קענען דעם. ווען ניט ווען האט זיך געהערט אשטימע פון אונצופרידענהייט קענען די אכזריות־דיגע בעהאנד־לונגען, אבער זי איז גלייך פערשווינען געווארען דורך דעם טומעל פון

די גרויסע געשרייען, וועלכע זענען אַרויסגערופען געוואָרען טאָג טעגליך דורך׳ן פּויסט... די אָפּיציעלע בעל־הבתי׳שע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, ווידער, וואָס וויל אַלעמען איינריידען, אַז זי איז די פאָרשטעהערין פון די יודישע אינטערעסען, האָט ווייניג וואָס געטהון (כמעט ווי גאָר ניט) קעגען דעם, דאָס די אייראָפּעאישע עפענטליכקייט זאָל בעקאַנט ווערען מיט די אונגעהייערע מאראלישע און קערפּערליכע ליידען, וואָס די וואַנדערער שטעהען אויס אונטערוועגס אין פּרייסען. צו דורך דעם, ווייל זי, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַליין האָט ניט געוואוסט, וואָס עס פּאַסירט זיך מיט די עמיגראַנטען, אָדער צוליב דעם, וואָס זי האָט ניט געוואָלט איינרייסען מיט׳ן הויפּט־שולדנער פון דיזע שרעקליכע בע־האַנדלונגען, מיט באַלין׳ען אַליין, וואָס איז אויך צו אונזער גרויסער שאַנדע — איוד. ווער ווייס? מעגליך, אַז די בעל־הבתישע אָרגאַניזאַציע האָט נעהאַט „אַקוק״ צו געווינען איהם פאַר דער אידעע! מען וואָלט זיך דאָך דורך דעם איינגעקויפט אשטיק יחוס! ווייניג האָבען זיך דען מיחס געווען אונזערע כלי קדש. ווען דער פּרייסישער קעניג האָט מפורש געזאָגט באַלין׳ן, דעם דירעקטאָר פון דער האַמבורג־אַמעריקא־לי״נ, אַז ער איז ראוי צו זיין אַמיניסטער? און אַמיניסטער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — איז דאָך אַוודאי דאָס העכסטער גליק.

אָבער אונזער פּרעסע? אונזער פּרעסע, וועלכע הערט ניט אויף צו שרייען און צו ליאַרמען, אַז זי, גאָר זי דריקט אויס אלע יודישע אינטערעסען, פאַר וואָס האָט זי ניט געפונען פאַר נויטיג ווי עס איז אויסצולערנען פּאַקטיש, ניט נאָר דורך צופעליגע־זעלטענע, ניט קלאָהרע ידיעות, די שרעקליכע לאַגע פון די עמיגראַנטען און דאָס צופערפענט־ליכען? דאכט זיך יעדע יודישע צייטונג טענהיט, אַז איהר, נאָר איהר קומט דער גאַנצער לויתן, און דעם בעסטען חלק פון שור הבר, ווייל נאָר זי דינט די אינטערעסען פון פאָלק, און סיף כל סוף האָבען מיר אויסער בלאַסע, אָבגעהאַקטע, טייל מאָל ניט ריכטיגע, ידיעות קיין מאָל פון אונזער פּרעסע ניט געהערט!

איבעריגענס, אויב די בעל־הבתישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז די פאָרשטעהערין פון גאַנצען כלל, זענען דאָך די קליין קעסעלדיגע אינטערעס, וואָס קומען דאָרטען פאָר, ברענענדיגע יודישע לעבענס־פראַגע—קומט ממילא אויס, אַז אונזער עקזיסטירענדע יודישע פּרעסע—וואָס שפּנעלט נאָר אין זיך אָב אָט דיזע קליינקעפּציגע אינטערעסען, ניט

מעהר, ווי אַניעהרליכע דינסט צו דעם דאָזיגען כלל... און אומזיסט איז דער מיט־אַרבייטער פֿון וואַסכאָד אַזוי אויסגערענט אויף דעם פֿערהאַל־טען זיך פֿון אונזער פרעסע צו דער איצטיגער שטורמדיגער צייט, אומזיסט איז ער ניט צו פֿרידען מיט בריינין'ס פֿעליעטאָן אין הצופה, וואו ער, בריינין, גיט איבער מיט גרוים התלהבות דעם גאַנצען אינטערוויאו, וואָס ער האָט געהאַט ביי מאַקס נאָרדוי און וואו ער דערצעהלט מיט גרויסע קעלבערנע התפעלות נאָרדוים מיינונג, אַז עס איז אַסאַך בעסער פֿאַר יודען דער גלות, איידער פֿרייהייט (!!!). פֿון דעם בעל־הבתיש־ציוניסטישען שטאַנד פונקט איז דאָס גאַנץ לאָגיש. און אין אמת'ן גערעדט, אויב יודען וועלען זיך קענען בענוצען מיט אַלע מענשליכע רעכטען, וואָלט אפשר דער גאַנצער בעל־הבתישער ציוניזם זיין איבעריג — און וואָס וואָלט דענסטמאָל טהון דער... דער גרויסער און דער קליינער אַקציאָנס קאָמיטעט?

---

אָבער דאָס, וואָס אונזערע אָפֿיציעלע יודישע בטלי טובות און כלל טהוער האָבען פֿאַרשווייגען, האָט געפֿונען פֿאַר נייטיג צו ענטדעקען די ראַדיקאַלע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, און אַרויסצוטרעטען מיט אַ שטאַרקען ענערגישען פּראָטעסט קעגען דעם! די פֿינסטערע זייטען פֿון דער יודישער עמיגראַציע, וועלכע איז געבליבען אונבעלייכטעט, אָדער זעהר בלאַס בעלייכטעט, אין דער יודישער פּרעסע, איז איצט אָפֿען און קלאָר אַרויס געשטעלט געוואָרען פֿאַר דער גאַנצער וועלט, וועלכע וועט געווים ערשטוינען, לעזענדיג די שוידערהאַפֿטע בילדער, וואו עס ווערען געשילדערט מיט קלאָהרע שטריכען, ווי מען טרעט מיט די פֿיס דאָס געפֿיהל און דאָס רעכט פֿון וואַנדערער — דאָס אַלעס איז אַרויסגע־שטעלט דורך דער בערלינער ראַדיקאַלער פרעסע, וואָס האָט ניט קיין פּראַטענציע צו רופֿען זיך די מיינונג פֿון יודישען פֿאָלק און וועלכע פֿאָדערט ניט פֿון דער יודישער מאַסע דעם צוטרוי צו זיך.

דער „פֿאָרווערטס" האָט איצט פֿערעפֿענטליכט אַגאַנצע רייהע אַרטיקלען, וואו דער רעדאַקטאָר ערצעהלט זיינע איינדריקע, וועלכע ער האָט אַרויסגעטראָגען פֿון זיין צוזאַמען־פֿאָהרען מיט די עמיגראַנטען, וועלענדיג קלאָהר וויסען, ווי מען בענעהט זיך מיט די אָרימע, ניט פּראָטעסטירענדיגע מענשען, האָט זיך דער רעדאַקטאָר אַלס

קאלישקי גליין פערשטעלט אלס עמיגראנט אונטערן נאמען יואל קאלישער אוים קיעוו (דאס איז שוין דאס צווייטע מאל ווי דער „פאָרווערטס" שיקט איהר מיט ארבייטער. מיט אקורצע צייט פריהער האט דיזע צייטונג געשיקט אנ'אנדער מיט־ארבייטער מיט די עמיגראנטען) און האט דעריבער בעקומען די מעגליכקייט צו זיין איין עדות און פאקטיש צו ערצעהלען דעם געריכט פון דער עפענטליכער מיינונג אלעס, וואס די יודישע עמיגראנטען קומט אוים איבער צוטראגען אין פרייסען.

די אורזאכע, וואס האט ערוועקט דעם „פאָרווערטס" א צווייטען מאל אושיקען איהר מיט ארבייטער איז די מודעה. וואס באלין עט קאמפ. האט אב געדרוקט אין אלע צייטונגען אז אלע „מיספערשטענד־ניסען" אין דער עמיגראציאן זענען פון איצטער אן אב געשאפט געוואָרען. דיזע באלין'ס מודעה איז געווען געדרוקט נאך דעם, ווי דער מיט ארבייטער פון „פאָרווערטס" האט ארונטער גענומען די הילע פון די שרעקלכע גייסטיגע און קערפערליכע יסורים, וואָס דער אָרמער וואנדערער טראגט אוים פון באלינ'ס אגענטען און פון דער פרייסישער פאָליציי. „אונז אבער — זאגט דער שרייבער — האט זיך עפעס ניט געגלויבט, באלין זאל מיט אמאל ווערען א בעל רחמנות און דאס עס זאל אין איין נאכט אבגעשאפט ווערען די בארבארישע בעהאנדלונגען. מיר מוזען מודה זיין — זאגט ער ווייטער — אז מיר זענען ניט געווען קיין גרויסע מאמינים אין דער מודעה. אויף אונז איז דעריבער געלעגען א הייליגער חוב זיך אליין מיט די אויגען צו איבער צייגען, אויב עס זענען אין אמתן געמאכט געוואָרען פערענדערונגען און אויף וויפיל און וועלכע?"

אין דער „פאָרבעמערקונג" גיט דער רעדאקטאר איין אלגעמיינעס איבערבליק איבער די אורזאכען, וועלכע צווינגען איינגעזעסענע מענשען, וואס ליעבען און וועלכע זענען צו געבונדען צו זייער היימאטה, אוועק צו לאָזען אלס דינג: האָב און גוטס, ווייב און קינד און ביי וועלכע בעדינגונגען מען זוכט איין אָב־רוה אין די אונבעקאנטע ווייטע לענדער. „די שווער פערהאָרעוועטע בעבכעס, דאס ביסעל אָרעמקייט, וואס איז ערוואָרבען דורך יאָהרען־לאנגער שווערער ארבייט, ווערען כמעט אומזיסט פערקויפט, גוטע פריינד און קרובים לענען זיך צו זאמען נראָ־שענים ווייז ביז מען ברענגט צו ווענען א שיפס קארטע צו קומען אין

א בעסערעס, פרייערעס לאנד. די אונגליקליכע מיינען, אז מיט זייער פערלאזען די היימאט, וועלען זיי זיך שוין אויפהערן צו פייניגען און מיינען דעריבער, אז אריינקומענדיג אין פרייסען, וועלען זיי קענען פרייער אטהעמען, אבער נייע טעג פון קוועלעניש און שרעק ווארטען אויף זיי אין פרייסען און גלייך מוזען זיך די וואנדערער איבערצייגען, אז וויים איבער די פרייסישע גרענעצען בלאזט נאך דער מזרח ווינד". נאך דעם ווי דער שרייבער שילדערט די טויט שרעקנים, וואס ס'קומט אויס אריבער צו לעבען, איידער מען קומט אריבער דעם גרענעץ, גיט ער איבער אין קלאהרע שטריכען די לאגע פון עמיגראנט אין פרייסען. „אין פריי־סען ערשיינט פאר די גערודפ־טע עמיגראנטען אלס ארעטענדער־ענגעל באלין און זיין קאמפאניע. די יעניגע, וועלכע בעזיצען געלד מיטעל און פערמעגען צוצאהלען צינז דערמיט, וואס זיי וועלען קויפען ביי איהם א שיפס־קארט, ווערען אוים געלייזט פון באלין'ס געפעננשאפט, א ניט איז ביטער". „נעמט רוהיג אקארטע ביז לאנדאן—טענהט באלין'ס אגענט צו אונזער עמיגראנט יואל קאלישער — וועט איהר קענען איינינע טעג פערבלייבען ביי אייערע קרובים, קיינער וועט אייך דעמאלסט ניט נאך פרעגען אויף אייערע פאפירען, איהר וועט דעמאלסט קענען געהן, וואו־הין איהר וועט וועלען, און טהון דאס, וואס איהר וועט וועלען".

די גאנצע שילדערונג פון קאלישקי איז זעהר אפשוטע אהן מליצות. דער שרייבער גיט נאר איבער דאס, וואס ער האט געזעהן און געהערט. אבער יעדער פאקט רייסט דאס הערץ. יעדער זאטץ ענטדעקט אונז נייע האריזאנטען פונ'ם גלות, אזעלכע, פון וועלכע מיר האבען נאך ביז איצט קיין בעגריף ניט געהאט. שווער, זעהר שווער איז ביים לייענען דיזע שילדערונג. א שווערע אונבעגרייפליכע לאסט הערט ניט אויף צודריקען אונזער הערץ נאך'ן אבלייענען: פאר וואס? און פאר ווען?" מוז יעדער ערנסטער לעזער פרעגען: צו דען זענען דיזע אונ־גליקליכע עמיגראנטען ניט מענשען צוגלייך מיט אלע? „ניין! אסך איידעלערע און מיט מעהר געפיהל!" ענטפערט דער שרייבער. זעהר פיל פון די דאזיגע פערפאלגטע וואנדערער פיהלען אסך טיעפער דעם צוויי־טענס עלענד און זענען נערייט זיך צו אפפערן פארן אלגעמיינעם גליק, דאס גופא האט פיעלען פון זיי געבראכט צו פערלאזען זייער היימאטה, וואו זיי האבען שוין מעהר ניט געקענט פערבלייבען".

אין רוה-לעבען (די קאָנטראל-סטאַנציע הינטער בערלין) זענען צוזאַמען געקומען פערשידענע טראַנספּאָרטען פון וואַנדערער. דאָ האָבען זיך צופעליג בעגעגענט פערשיעדענע קרובים, בעקאַנטע, גוטע פריינד, וועלכע האָבען אין פערשידענע צייטען פערלאָזען זייערע פאַמי־ליעס. שוין איינינע וואָכען צייט, ווי מען האָט פון פאַמיליע קיין שום ידיעה ניט געהאַט, און ביי'ן צוזאַמען טרעפען זיך האָט דער פריהער אבגערייזטער זיך ערקונדיגט וועגען דעם גורל פון די פעטער, מוטער, פרויען און קינדער:

— „און מיין פרוי איז נעבליבען מיט $1^{1}/_{2}$ רו"כ, 4 קינדערליך, זאָלען געזונד זיין, ווילען עסען" — ענטפערט אַ יוד זיינעם לאַנדסמאַן וועלכער ערצעהלט, אַז זיינע שווינער עלטערען זענען איצט אָהן ארבייט און אַז זייער גאַנצער קאַפּיטאַל בעשטעהט פון 5 רו"כ, — אָבער ווען מיר וואָלטען נעבליעבען, וואָלט נאָך ערגער געווען!" רופען זיך אָן אַנדערע. אַ נערוועזע בעאונרוהיגונג האָט איבער אַלעמען נעהערשט. די צייט פונ'ם אַבפאָהרען קיין האַמבורג רוקט זיך נעהנטער. פלוצלונג זענען אַלע היילינ בעגייסטערט געוואָרען. אַ גרופּע יונגע מענשען פאַנגט אָן צו זינגען. פון אַלע ווינקעלעך האָבען זיך די יונגע לייט און די יונגע פריילין'ס געאיילט צו דעם אָרט, וואו עס האָט זיך געהערט דאָס געזאַנ־ג'ערך 60 מענשען, מענער און פרויען, האָבען שטאָלץ, מיט קלינגענדינע טענער דאָס ליעד געזונגען. — דאָס איז געווען די מאַרסעליעזע — יעדער האָט עפּעס אנגעפאַנגען פרייער צו קוקען. די מידע, אויסגעמוטשעטע געזיכטער האָבען אויסגעדריקט האָפנונג. אַ היילינע שטימונג האָט געהערשט ביי אַלעמען. ניט די פרעהליכקייט האָט דאָס ליעד אַרויס גערופען — דאָס איז געווען דאָס פערלאַנגען פון די צוזאַמענגעטראָפענע חברים אָב צו געבען נאָך אַמאָל אַ שבח דער אידעע, פאַר וועלכע זיי האָבען גע־שטריטען און געליטען. דער היילינער גייסט, וואָס איז געלעגען טיף פערגראָבען אונטער די וואַנדער קליידער, האָט זיך מיט אַמאָל אַרויס געריסען פון געפענגעניס כדי נאָך אַמאָל אַלעמען ברידערליך צו פעראיי־ניגען, און מיט פעראייניגטע כחות אויס דריקען אַפּראָטעסט קעגען דער געגענוואַרט און האָפנונג אויף דער צוקונפט, ניט מיט ווערטער — נאָר מיט געזאַנג — היילינ זענען די מענשען אין אַזעלכע מאָמענטען!...

איבער צו געבען אַלעס, וואָס יוליוס קאַלישקי שרייבט, איז אונ־בעגליך איבער פיעלע אורזאַכען, דורך איינציגע ציטאַטען ווידער — האָבען

מיר מורא — וועט דער לעזער ניט בעקימען דעם איינדרוק, וואָס מען בעקומט ביים לייענען, אום צו פֿערשטעהן די טראַגישע לאַגע פֿון דעם וואַנדערער איז געווען. אַז מיר וועלען ציטירען ווייטערדיגע ווערטער: „פֿיעל מאָל — איז זיך מודה ה׳ קאַלישקי — בין איך געווען אויסער זיך. איך האָב קיין געדולד געהאַט צו בלייבען אין דער ראָליע פֿון אַ צושויער, בּאַ מיר האָט שיעור ניט די געדולד געפּלאַצט. און האָב געוואָלט אַ ווּנטער רייסען פֿון זיך די אויסערליכע עמיגראַנטען־מאַסקע און אָנפאַנ־גען מיט די בעאַמטע און אַגענטען צו רעדען קלאָהר, אויפֿ׳ן רייגעם רייטש — אָבער איך האָב זיך געסטאַרעט איינצוהאַלטען זיך, איך האָב געוואָלט בלייבען איין עדות, און דעריבער האָב איך געמוזט גרינדליך דעם אמת אויסלערנען“.

אַזוי האָט געליטען גייסטליך אַמענש, וואָס האָט יעדע מינוט גע־קענט זיין פֿריי, לאָמיר זיך אַליין פֿאָרשטעלען די לאַגע פֿון די אמתע עמיגראַנטען.

שוין איז די סצענע, וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען אין האַמבורג, ווען די אַגענטען האָבען בעקומען צו וויסען, אַז דער איינגעשמוגעלטער רוסיש־יודישער עמיגראַנט יואל קאָלישער פֿון קיעוו איז ניט קיין אַנדערער, ווי יוליוס קאַלישקי דער רעדאַקטאָר פֿון „פֿאָרווערטס“.

אין האַמבורג, ווען ה׳ קאַלישקי האָט שוין זיין אויפֿגאַבע ערפֿילט, האָט אונזער עמיגראַנט יואל קאַלישער געבעטען מען זאָל איהם ווידער קעהרען דאָס געלד, וואָס דאַ־ף קאָסטען פֿון האַמבורג ביז לאָנדאָן (אין טילציט האָט מען איהם געגוויט ער זאָל נעהמען אַבילעט ביז לאָנדאָן, ניט קוקענדיג אוי׳ף דעם, וואָס ער האָט געטענה־ט, אַז ער דאַרף נאָר פֿאָהרען ביז האַמבורג, מען האָט איהם געשטעלט אַצוועק־פֿראַגע: אָדער נעהמען אַבילעט באַ דער קאָמפּאַניע ביז לאָנדאָן, הגם ער האָט מעהר ניט נייטיג, ווי ביז האַמבורג, אָדער ווערען אויסגעליפֿערט אין די הענד פֿון די זשאַנדאַרמען — באיין ברירה האָט ער געמוזט בעצאָהלען פֿאַר אַשיפֿסקאַרטע ביז לאָנדאָן).

דריי מאָל — ערצעהלט קאַלישקי — האָט מען מיך געפֿיהרט פֿון קאָנטראָל־סטאַנציע צום עקספּעדיציאָן און צוריק. אויפֿ׳ן דריטען מאָל בין איך שוין זוכה געווען צו טרעפֿען דעם פֿאָרשטעהער פֿון ביורא דער בעאַמטער, וועלכער האָט מיר געפֿיהרט האָט איבער געגעבען דעם פּראָטעקאָל דעם פֿאָרשטעהער פֿון אַבטיילונג, הערר שטעלמאַכער.

און האָט נאָך ערקלעהרט דערצו מיט ווערטער, אַז איך זאָג זיך אָב צו פאָהרען קיין לאָנדאָן און אַז איך וויל בלייבען אין האַמבורג. דער פאָרשטעהער האָט געוואָרפען אַבליק אין פראָטאָקאָל און האָט גלייך ערקלעהרט, אַז איך וועל בעקומען דעם די פערענץ. וואָס דאַרף קאָסטען פון האַמבורג ביז לאָנדאָן, צוריק. דערצו אָבער האָט דער פאָרשטעהער געמאַכט אַפּיעל־דייטענדען אויפטראַג: מעלדעט דעם פאָליציי קאָמיסאַר, אַז יואל קאָלישער פון קיעוו וויל בלייבען אין האַמבורג".

„וועה מיר — שרייט קאלישקי אויס — ווען איך וואָלט געוועזן איין רוסישער אונטערטאַן, איך וואָלט דענכטמאָל גיכער נאָך רוסלאַנד גע־קומען איידער איך וואלט זיך אָנגעזעהן די שטאָדט האַמבורג".

— איך וואָלט אָבער אויך וועלען בעקומען דאָס געלד. וואָס ס'האָט געקאָסט דאָס אויסרייכערן די קליידער. קראַנק בין איך ניט גע־ווען און נאָך לאָנדאָן האָב איך אויך ניט בעדאַרפט" זאָג איך ווייטער. דאָס האָט שוין דעם פאָרשטעהר אַריין געבראַכט אין כעס: „סטייטש, אַזאַ העזה!" — שרייט דער פאָרשטעהער — מיר גיבען דעם מענשען דאָס געלד אַרויס צוריק, וואָס דאַרף קאָסטען די נסיעה פון האַמבורג ביז לאָנדאָן און נאָך בעט ער די געלד פאַרן דעזינפעקציאָן אויך, ווי קומט ער דערצו?!..." — „אויס פרינציפ, מיין הערר!" האָב איך גענטפערט, דיזעס מאָל אבער ניט אויף יודיש, אויף וועלכער שפּראַך איך האב זיך ביז איצט נעסטאַרעט צו רעדען מען זאל מיר ניט ערקענען, אבער אויף ריין דייטש.

— „וואס הייסט דאס" ? — זאגט דער פארשטעהער, קוקענדיג אויף מיר מיט גרויס ערשטוינונג.

— „דאס וועט איהר גלייך זעהן פון דיזער קאַרטע" — ענטפער איך, און האב בשעת מעשה דערלאַנגט מיין רעדאקציאָן'ס קאַרטע.

ווען יעקב האט געזעהן, ווי די מלאכים קלעטערן אוי"פן לייטער ארויף און אַראפ, האט ער ניט אויסגעשטעלט אַזאַ פערוואונדערט געזיכט, ווי דער פארשטעהער האט אויסגעשטעלט אין דיזען אויגענבליק

— „איהר זענט דער רעדאַקטאר פון „פארווערטס" ?"

— יאַ מיין הער, איך ערלויב זיך פערזעהנליך פאר צושטעלען.

נו, דא איז דער שטעלמאַכער אין גאַנצען איבער געביטען געוואָרען. ער איז געוואָרען ווייך ווי אַמאַלינע, העפליך, ווי אקאמעדיאַנט און

שטיל, ווי אקאטינקע, זיין גומער ביישפיעל האט ארויס גערופען אַנ־אָפּקלאַנג ביי זיינע אונטערשטע בעאַמטע, וועלכע זענען, ווי איך האב זיך איצט, איבערציינגט, נור איינגעוויקעלט אין ארייהער — גראבער שאַלעכץ. מען האט מיר נעשאטען מיט העפליכקייטען. מען האט מיר פֿארגעלייגט פֿערשיעדענע בעדינגונגען, פֿ׳ן וועלכע איך האב זיך, מסתמא אבגעזאגט. ה׳ שטעלמאכער האט זיך אנגעפֿאַנגען צו ענטשולדיגען או בעטען מחילה פֿאַר אַלסדינג. מען האט מיר גלייך אַרויס געצאהלט די פֿאָהר־געלד, די דעזינפֿעקציאנס־געלד מיט עכטע דייטשע גילטיגע מטבעות, אין טילציט האט מיר איין שזאַנדאַרם אונטער דער שטרענגער פֿאַר־שרייבען פֿ׳ן די אגענטען פֿון באַהן אין באַלינ־שע קאנטראל־סטאַטיאָנען געפֿיהרט, אין האַמבורג האט מיר אונטער געטראגען אדיענער איין קאַסטען מיט גרויס העפליכקייט פֿון באַלינ־שע קאנטראל־סטאַנציע צום נאַסען באַהן!״

„מיין חוב – ענדיגט קאַלישקי — האב איך ערפֿילט״.

„יא, עהרליך האסט דו דיין חוב ערפֿיהלט!״ גיבען מיר מיט גרויס אַכטונג צו!

---

אין וואס אבער בעשטעהט אונזער חוב?!

אונזער חוב איז צו סטאַרען זיך מיט אַלע כחות, דאס פֿער־שיעדענע יואל קאַלישערס זאלען פֿאדערן די איינענע רעכטען, מיט וועלכע עס בענוצען זיך יוליוס קאַלישקי׳ס!

— מיר מוזען געבען צו פֿערשטעהן, אַז יואל קאַלישער איז אויך אַזאַ מענש, ווי יוליוס קאַלישקי (צו וואס קאַלישקי איז געוויס און גע־וויס מודה) און אַלס אַמענש מוז יואל קאַלישער האבען מ ע נ ש ל י כ ע, ניט ח ז י ר ־ ש ע בעהאַנדלונגען. און מיר זענען איבערציינגט, אַז ווען אַלע יואל קאַלישער׳ס וועלען אַליין קומען צום בעוואוסט־זיין — דענסט־מאל וועט איבערהויפט ניט זיין קיין אונטערשיעד צווישען י ו א ל ק א ל י ש ע ר אין ק י ע ו ו און י ו ל י ו ס ק א ל י ש ק י אויס בערלין!

**א. ש. זאקס.**





# פונם רייזע־ביכעל.

אויפצייכנונגען פון מ. י. ר.

---

## VI.

שרה. — „צרות מיט געלד איז ניט אַזוי שלעכט, אָבער צרות אָהן געלד...“ — א יודענע אליין מיט דריי קינדער און מיאוס ווי איך בין. אז דער מאן מיינער האָט מיך פיינד געהאט, און איך איהם, ביז ער האָט חתונה געהאט מיט׳ן מלאך המות און מיך איבער געלאָזען מיט אנדערהאלבען קישען און מיט דריי זעקסער במזומנים. צעהן יאָהר האָב איך געהאָראָוועט און פערדינט און געלעגט א גילדען צו א גילדען און דאָס ערשטע קערבעל שוין געגעבען אויף פראָצענט און א בארג מיט חובות אָבגעצאָהלט און אין דער שטוב אלעס פון ניי געקויפט פונ׳ם טאפשטען אָנגעהויבען. געשענקט האָט מיר אודאי קיינער ניט, מען קען מיך, אז שרה צאָהלט“.

„און ווער האָט די קינדער דערצויגען? ווער האָט זי געבראכט צו לייטען גלייך? ווער טראכט מכח זיי ווענען א תכלית און וואָס, וואָס, ער טראכט? איך, איך! אז דער פאָטער איז געשטאָרבען, זענען זיי געוועזען אויס נ׳דבר׳ט, הויט און ביין, און היינט קוקט אָן פיסקעס מיט באקען, ס׳איז דא אויף וועמען צו קוקען, יאָ, צוערסט ווערט מיר געזונד קינדערליך, זשאלעוועט ניט דער מאמעס שמאלץ און בעקומט פנים׳ער ווי מענשען. געלד איז דא פאר איטליכען. אז שרה וועט טהון א שידוך מיט א קינד, וועט זי צאָהלען אויפ׳ן טיש. ביי מיין מאטען האָב איך עס אוודאי ניט געלערנט, וואָרום ער איז געוועזען א קבצן פון קבצן לאנד און האָט אין זיין לעבענס טאָג ניט געזעהען אזוינס, וואָס ס׳הייסט געלט. און אז דער מאן מיינער וואָלט געוועזען

געלעבט, וואָלט מיך אויך אפשר געהאַט דער גוטער יאָהר. ער האָט אזוי געקענט פערדיענען, ווי איך קען מיר היינט אָנטהון אַ שטריימעל און ווערען אַ גוטער יוד, אַ גאָר נישט, גלאַט אַ גאָר נישט און כלומר'שט פהוט מען אלע יאָהר אַהוסט, וואָס שמעקט מיט שטאַחאָטקע".

„אַז איך הייב מיך אָן צו דערמאַנען, ווי אַזוי מיר האָבען אונז גענומען, איך אַ מויד און האַלט ביי שלשים און אַ פנים ווי אַריב אייזען און ער אַ פועל בטל. עפּיס האָט ער געוואָלט זיין אַדרדיק'ער פלמד, צי אַ שמש, צי אַ בעדער, — זיי וואָס דו ווילסט אַבי זיי! — אָבער גאָר ניט, מילא נדן האָב איך איהם געגעבען אַ מכה. נו, ער איז שוין אַ היבש שטיק יאָהר טויט און איך רעד אַלץ אויף איהם עפּיס האָט דער מענש אַ גאַל. זאָל איך זאָגען, הלואי וואָלט איך איהם גאָר ניט געוועז דערקענט. ניין! דאָס ניט, וואָ־ום השנחה שטעהט דאָך געשריעבען... די מאַמע זיינע האָט זיך גאָר פערגליסט און האָט מיר אָנגעהויבען צו זאָגען שטעכווערטער נאָך דער חתונה, נאָר מיט ד ע ר בין איך אָבער באַלד פערטיג געוואָרען, מיט מיר אָנהייבען! צעהן מאָל אַ רוח אין איהר טאַטען אַריין, האָט אזא זוהן, וואָס איז ניט ווערטה צוויי גראָשען, און איז אַ מיוחסת... היינט אָבער אַז זי קומט אָן צו מיר און איך וואַרף איהר אָב אַ ביסען, שווייגט זי אַ'ן אַז ס'האַרטד, אַז זי זעהט ביי מיר אפולע שטוב, זאָל זי צוזעצט ווערען קוקענ'דיג' אוודאי האָב איך מיך ניט וואָס צו בעקלאָגען, איך וויים אַז איך האָב עס געבראַכט צו אַ שטיקעל טאָלק און אַז איך האָב עס מיינע הענד צו פערדאַנקע;, און וואָס אַז ביי מיר אין קאָפּ איז אויך ניט פיסטע ווי איהר זעהט מיך, אַ יודענע וואָס וויים נור פון האָראָוואַניע און געלערענט האָב איך קיין מאָל ניט, אָבער די וועלט קען איך און אויערן האָב איך און אויגען האָב איך אי'ן הערען הערט מען און זעהען זעהט מען אומעדום".

„איך זאָג אייך, לאַכט ניט פון אַ יודענע. איך קען זיך אויסליכען אין שטאָדט און וויים מיר ווי ס'שטעהט מיט מיינע יונגען און אַז איינער האַלט נאָך ניין חדשים פאַר'ן אָנזעטצען, זעה איך עס איהם היכף אויפ'ן שפּיטץ נאָז, און אַז מ'רעדט פון גאָט און מ'פערדרעהט די אויגען, פערשטעה איך שוין, וואו דער שיך קוועטשט... און אַז איינער קומט און טראַכט ביי זיך מיך אָבצונאַרען, איז ער ביי שרה'ן שיין אָנגעקומען! געלד גיב איך ניט אויף אַ יחוס און אויף קרעדיט

אויך ניט, ווארים אז איינער קומט און וויל באַרגען געלד, קען ער שוין האָבען אויף דער דעה ניט וועלען צו בעצאָהלען און פּארוואָס זאָל ער יאָ וועלען? ניט ער אָבער מחילה אַ מ׳שכן, וואָס איז ווערט פינף מאָל אַזוי פיעל, וויפיעל איך גיב איהם און דער משכן בלייבט ביי מיר, ביי מיר אין קאַסטען פערשלאָסען און דער שליסעל איז ביי מיר מוז ער ווע לע ן בעצאָהלען, אַ ברירה האָט ער״? —

„ווי איהר קוקט מיך אָן האָב איך ניט איינמאָל געהאט וואָס אויסצושטעהען, מיינט איהר אַז גנבים האָבען זיך ניט מיישב געווען און מיר ניט געוואָלט אַלעס אַרויסטראָגען ביי נאַכט? איהר קענט שמעונ׳קען? האָב איך דערהערט און בין אַראָפּגעשפּרינגען פונ׳ם בעט און איין העמד און זיך גענומען צו מיין בחור. די יונגסטע מיינע האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט אָנגעהויבען צו שרייען, שכנים זענען אַריינ־געלאָפען דערשראָקען און האָבען אונז געטראָפען ביידע זיך ראַנגלען. שמעונ׳קין האָט מען מקיים פּסק געווען, אַז ער האָט נאָך עד היום צו געדענקען״.

„און אַז מ׳מסרת מיך אונטער אַביסעל און דער סאָטסקי קומט צונעהן און הייסט זיך ווייזען דעם קופערט, גיעב איך איהם אַ האַלב קערביל און אַ ווינק אויף נאָך אַ האַלבען און ער איז גלייך ווי איבער־געביטען. און אַז דער פּריסטאַוו האָט מיך געשיקט רופען און ניט געשואַלעוועט און געזאָגט, איך זאָל איהם געבען אַ צעהנעריל, האָב איך מיך גאָר ניט געשעמט און אַרויסגענומען אַ פינפעריל. אפילו דער מלאך־המות אַליין זאָל קומען, וועל איך פאַר איהם ניט בטל ווערען; נאָר איינס האָב איך קיין חשק ניט, אַז איך וועל שטאַרבען זאָל מען מיך ניט ווידער אין איינעם ברענגען מיט מיין מאַן און איז ער אַ שמש אין גן־עדן, צו אַ תהלים זאָגער, אַ קשיא אויף אַ עהר־ליכען יודען? דינג איך מיר ליעבער אָב אַ ווינקעלע אין גהינם. ניש־קשה, דאָרט זענען אויך פּאַראַן מענשען, און אַז ס׳ברענט, נעמט מען אַדיישקע וואַסער און מ׳גיסט זיך אָפּ דעם קאָפּ״.

„יאָ, איהר האָט צו טה׳ן מיט ש־ה־ן. אַז איהר מאַמע, די רביצ׳ן, האָט נאָך געלעבט, האָט זי פון מיר געהאַלטען אין האָט געוויסט, אַז פאַר איהר, אַז זי האָט נאָר בעדאַרפט, האָב איך יאָ געהאַט דאָס דרייערל דעם גמילות־חסד. אַז איהר ווילט, לייענט מיר איבער אָט אָ דעם וועקסעל. מיינט איהר, אַז איך ווייס ניט פונ׳ם קורס

און קענ ניט אַלעס בערעכענען. איך ווייס זיך, אַז ס׳דא צייטונגען און איהר לייענט זיי...״

VII.

די ענונה. — „האָב איך צו איהם געזאָגט: גיב אָב מיין קינד די ק״ן קערבליך, וואָס איך האָב איהר געגעבען נדן און גיב איהר ארויס די הלבשה און לאָז זיין א עק; האָט ער צו מיר געזאָגט: שווער, איך הער אייך מיט אייער רעדען פאַר א פיאַטאַק. טענה איך און בעט ביי איהם רחמים: בעריל האָסט דו שוין גאָר קיין יושר ניט, געהען מיר צו מענשען, אַז דו ווילסט, פּאַרקעהרט, טאָמיר ביסט דו גערעכט, איז גוה רעד מיט א הילטיי! ווער איז מיר שולדיג, אַז איך האָב גענומען מיינע א טאָכטער און זי געגעבען אין אַזוינע הענד. איהר וואָלט געמענט זי זעהען ביי דער חתונה, א לעכטיג ווייביל, וואָס מ׳האָט אין איהר צורה ניט געקענט קוקען פאַר שיינקייט און בטבע א מזג טוב און א גוטס, אַז ס׳געראָט, געראָט׳ס אין אַלעמען. אַז ער איז אָבער ניט ווערט איהר פיאַטע. א מענש, וואָס האַלט זיך בעשטענדיג קלוגער פון דער גאַנצער וועלט און וואו ער ריהרט זיך צו, דערלענט ער, און פריווט איהם עפּיס זאָגען, איז ער גלייך פייער, און אַ עקשן, און א ביטערער יונג, געהט תמיד ארום אָנגע־בלאָזען, פאַר איהם יוצא זיין קען קיינער ניט״.

„תיכף אַז ער האָט ארויסגענומען דאָס געלד און איך האָב צוגעזעהען, ווי אַזוי ס׳צורינט פון חודש צו חודש און ער הייבט ניט אָן צו האָבען אויף דער מחשבה, ווי אַזוי ס׳מיר שווער אָנגעקומען, האָב איך געפריפט און א רעד געטהון מיט איהם, ווי מען רעדט צו א קינד: טהו אַזוי און אַזוי, וועסטו קומען צו א תכלית, איז ער אָבער, ווייל מען זאָגט איהם, טהוט ער פונקט קאַפּויר, ווי א רייגער צור להכעיס׳ניק. דערווייל האָב איך נאָך קינדער, האָב איך געמוזט צראָבנעהמען די האַנד פון׳ם הארצען און האָב געמוזט צוזעהען, ווי אַזוי ער קייט איין פינפעריל נאָך דעם אַנדערען און עסט שוין גאָר א פרעמד קערביל... איך פרעג מיך אַליין, וואו איז געוועזן מיין קאָפּ צו טהון אָט דעם שידוך, דאַכט זיך איך האָב נישט ליעב מיך צו איילען, פערקעהרט — איך איבערלעג מיר איטליכע זאך צעהן מאָל.

איידער איך טהו עפיס, אָבער אז ס'איז בעשערט א אונגליק, נעממט גאָט צו דעם שכל".

„גע'סוחר'ט האָט ער, אַז ס'געווען אַ חרפה, און אַז ער פֿלעגט קומען אַהיים איז ער נאָך דער פרייך און וויל דעם גוטען אָנבייסען און ווען ניט צו דער מינוט, איז ער מלא רציחה. זי טהוט דעם גאַנצען טאָג זיך מאָרדעווען אין אלקער אָהן א שטיקעל מענשען; און ער זאָל עס האָבען פֿאַר איהר אמאָל א גוט וואָרט. פֿאַרקעהרט אז זי דערגאַדזעט איהם ניט אביסיל און ס'איז ניט אַזוי אַקוראַט, קען ער זי מאַכען פונקט מיט דער בלאָטע גלייך. איהר זאָלט הערען ווער־טער, וואָס א יוד פֿערגינט זיך צו זאָגען א אייגען ווייב, און אַזאַ ווייביל, וואָס איין אַנדערער וואָלט זי געטראָגען אויף די הענד, אַז ער וואָלט זי געהאַט. איך זאָג אייך, דאָס הארץ צעגעהט זיך ז'ין מיר דערמאַנענדיג".

„און אַז ס'פֿלעגט איהר דערגעהען צו דער לעבער און זי פֿלעגט קומען צו אונז מיט פֿערוויינטע אויגען, האָט מען נאָך געמוזט איהר געמען אויס'רעדען... איהר ווייסט, היינטיגע יאָהרען איז ניט אַזוי גרינג. א גרושה איז קיין מיידיל ניט און געפֿינט ניט אַזעלכע בעלנים. פֿונ'ם גדן איז שוין ניט דאָ קיין זכר. א קינד איז אויך ניט קיין גרויסע מעלה צו א שידוך, מיט'ן אַנדערען טראָגט מען... אודאי רייסט אונז דאָס הארץ צו זעהען, ווי אַזוי זי ליידט נעביך ביי איהם און פֿיהרט ביי איהם א לעבען, אויף אונזערע שונאים געזאָגט גע־וואָרען, זי האָט אודאי פֿאַרדיענט בעסערס, אַז נאָט אָבער האָט גע־וואָלט, מ'זאָל מיט איהר אַזוי אריינפֿאַלען! וואָס זאָג איך אריינפֿאַלען, נעמען לעבענדיגערהייט און בענראָבען—און אַזאַ גאָלד'ען קינד, וואָס אַז זי איז געווען א מיידיל, ווי די זון האָט זי געשיינט.

„און שטעלט אייך פֿאַר דער אייגענער מענש נאָך קנאַפּע פֿיער יאָהר אַזוי פֿערוואָגעלט און אַזוי פֿער'שוואַרצט און נאָך אַזאַ יוגענד. זאָל איך זאָגען, אַז ער האָט זי פֿיינד געהאַט, פֿאַרקעהרט, נאָך דער חתונה איז ער נאָך איהר אויסגעגאַנגען — און דערנאָך — אַלע מאָל קיעלער. האָט איהר געהערט, אַז א יודען זאָל דאָס איי־גענע ווייב גמאס ווערען? און אונז איז ער פשוט אַ דם שונא און וואָלט זיך ניט געקענט קיעלען אין אונזער בלוט. די קאַפּאָטע האָט מען איהם געקויילעט! און א גאַנץ יאָהר איז ער געזעסען ביי אונז

אויף קעסט און האָט געגעסן אונזער ברויט".

„איך זאָג אייך ס'איז גאָר אַ אַנדערע וועלט און איידער צו האָבען אַזעלכען נחת פון קינדער איז שוין בעסער גאָר קיין קינדער ניט צו האָבען, וואָס האָב איך פון מיין לעבען? געהאָרעוועט האָב איך אַלע יאָהר און אַליך פון זייערטוועגען, פונ'ם מויל האָט מען זיך אָבגעשפּאָרט אַבי זי חתונה מאַכען מיט לייטען גלייך. מילא זי, די עלטערע טאָכטער מיינע, פון דער וויל איך גאָר ניט רעדען. איהר מאַן איז אויך אַ כלב, אָבער זי האַלט מיט איהם, זאָל זי מיר געזונד זיין — ניט פריהער איז שפּעטער וועט זי איהם דערקענען. מיינעט־וועגען זאָל זי זיך האַלטען מיט איהם. אָבער די יונגערע מיינע הענגט אָן אונז און וואָלט זיך פאַר טאַטע־מאַמע געקענט אָבהאַקען אַ פינ־גער, מוז זי קריגען אַזאַ גאָרנישט פאַר אַ מאַן".

„ניעחאי וואָלט ער האָטשי געווען אין דער היים; דעם עיקר האָב איך פערגעסען צו דערציילען, דער מענש איז דאָך גאָר ניט דאָ, איז אַוועק און האָט זי געלאָזען אַ ענונה שוין אַכט חדשים. איינמאָל שבת צו נאַכט איז יוכבד, די טאָכטער מיינע, געקומען צו לויפען אין איין יאָמערן. איך, די מוטער, אַ דונער האָט אונז דער־שלאָגען, וואָס איז געשעהען, טאָכטערוניו! ס'איז פון איהר ניט אַ ווארט אַרויסצובעקומען, זי וויינט און פערגראָבט דעם קאָפּ אין באַנקבעטיל, מיר זענען אויסער זיך, טאָכטער לעב, דערצייל דאָך, וואָס האָט ער דיר געטהון? זי חליפעט און הייבט אָן בייניעס צו וויינען אויף אַ קול. מיר שטעהען און וויסען ניט וואָס צו טהון, דאָס ווייביל עקט זיך. איך נעם דעם בורנוס און וויל צו איהם געהן פרעגען, חאַפּט זי זיך אויף, טאַטע, געה ניט צו איהם, ער איז אַ רוצח — איך הער זי ניט און לויף. די אויגען וועל איך איהם אויסרייסען, קום איך אַהין איז פינסטער אין אַלקער, אין אַ שעה קום איך ווידער און ס'אויך פינסטער. די גאַנצע נאַכט ער איז ניט דאָ, אין דער פריה — ער איז אויך ניט דאָ, דעם גאַנצען טאָג, מ'עפענט די טיהר, ער האָט פערנומען דאָס ביסיל צירונג און אַלע גוטע זאַכען און איז אַוועק און זי זיצט נעביך ביי אונז. מ'האָט מיר געזאָגט, אַז ער מוז זיין אין אַרגענטינא. טאָמיר קענט איהר שרייבען אויף די בלעטער"...

# יודען און קונסט.

(פון מיין נאטיצבוך).

---

איינע פון די פראגען וואָס אינטערעסירען מיך שטענדיג איז די יודישע קונסט. און ביי יעדער געלעגענהייט, יעדעס מאָל וואָס איך קום אין נעהענטערע שייכות צו קונסט און קינסטלער, טראכט איך שטענדיג — מיט א וואָס פאר אויג וואָלט א ניט־יוד דאָס אָדער יענעם קונסטווערק בעטראכט. צו וואָלט ער דעמזעלבען איינדרוק בעקומען וואָס איך, צו וואָלט זיך אין זיין מח אַנדערע בילדער, אנדערע געדאנקען־פערבינדונגען אויסגעארבעט ווי ביי מיר. מיט אנדערע ווערטער — איך טראכט ביי יעדער געלעגענהייט איבער דער פראגע — וואָס הייסט קונסט און ווי אזוי פערשטעהט א יוד קונסטווערק?



ס'איז געוועזן שבועות. שיין און גרין. פרישעס לעבען, יונג און שטארק. און ווען שבועות איז שען אין א פערוואָרפען, פער'חושכ'ט לימוויש שטעדטיל — קענט איהר אייך אויסמאָלען, ווי שען איז אין דער צייט אין פלאָרענץ. — איך בין דעמאָלס געוועזן אין איטאַליען — אין איינער פון די שענסטע שטעדט אין דער וועלט — אין פלאָרענץ. ס'איז געוועזן, שבועות און איך האָב עס ניט געוואוסט, איך האָב עס פערגעסען, איך האָב ניט גע־פראפט דערפון — ס'איז מיר געוועזן אַלץ איינס. איך בין געוועזן אָבגעריסען פונ'ם יודענטום, אָבגעריסען ביז אין דאָס טיפסטע פון מיין נשמה אריין, א וועלט פון שענקייט, פון ליכט, פון ווארעמקייט איז פאר מיר געוועזן, א וועלט — וואָס לעבט און טראכט אין בילדער, אין שטראהלען פון זון, אינ'ם שפיעל פון ליכט און שאָטען. איך בין פון א וועלט פון אידעען געקומען אין א וועלט פון בילדער, פון פאָרמען. איך האָב געוואוסט, אז אין פלאָרענץ איז דאָ א יודישע שול. איך בין אפילו דאָרט פריהער אָפט געוועזן, — ווייל די שול

האָט עפּיס אויך אַנ'אַנדערע וועלט אין זיך. אז איך האָב געזעהן די יודען דאַווענען — געהערט די משונה קולות, די אויסשפּראַכע פוּנ'ם העברעאישען, אַזוי ווייך, קלינגענדיג, מוזיקאַליש — האָב איך גע־פיהלט אז איך בין אין גאָר אַנ'אַנדער וועלט. איך האָב געפּיהלט, אז דאָס איז אויך אַ מין יודענטהום — עס איז מיר פרעמד, איך האָב עס ניט ליעב, עס איז מיר נאָך פרעמדער, ווי דאָס אַלטע, היימישע, אַלטנעבאַקענע — וואָס איך האָב געלאָזט אין דער היים, נאָר פון דעסטוועגען האָב איך פערשטאַנען, אז דאָס יודענטהום, וואָס האָט אין זיך אַזוי פיעל פאָרמען, קען זיך ענדערן, אַנדערש ווערען, ווי דער הימעל, וואָס בייגט זיך איבער איהם. איך האָב מיך דער־מאָנט אָן לאַמבראזאָס ווערטער, אַז „דאָס יודישע פאָלק איז ווי דער ים, ווי די פאַרב פונ'ם ים־וואַסער, אַזוי איז זיין פאַרב, ווי די פאָרם פון דעם געוועקס וואָס ער הענגט זיך אָן צו איהם, אַזוי איז זיינע פאָרם". די ווענינג מאָל, וואָס איך בין געווען אין דער שול, האָב איך געהאַט אַ טרויריג געפיהל פון פרעמדקייט צום גאַנצען יודענטהום — אַ פריידיגען איינדרוק פון פאָעזיע.

און ווי געזאָגט — עס איז געווען אַ שענער שבועות־טאָג. איך בין געווען אין דער פריה אין מוזעאום, האָב צום וויפיעלטען מאָל געזעהען די איינענע בילדער און יעדעס מאָל האָב איך נייע גע־פיהלען, נייע אידעען, קאָמבינאַציאָנען געהאַט. אַ מאָדערנער מענש לעגט אין אַלסדינג זיין איינענע נשמה אריין — טרויריג, ווי זי איז, און פיעל־פאַרביג. — איך בין ארויסגעגאַנגען אויף דער גאַס. אַ לאַרם, אַ געשריי. איטאַליענער רעדען — ניט מעהר. אַ אי־טאַליענער אבער אַז ער צושמועסט זיך איז גענוג!

און פלוּצים צווישען די מענשען מיט די רעמישע נעזער, מיט פנימ'ער — גלייך ווי זיי וואָלטען ארויסגעגאַנגען פון די אַלטע רע־מישע הייזער אין פּאמפּעי—האָב איך „איהם" דערזעהן. און איך האָב מיך דערפרעהט. איהר מיינט אַז „ער" איז געווען מיינער אַ ניטער בעקאַנטער אָדער אַ פריינד, ניין — ס'איז געווען אַ פשוט'ער גאַ־ליצי'שער יוד — נאָר אַ יוד כרבעי. אָנגעטהון כלומר'שט אייראָפּעאיש, נאָר הינטער דעם ראָק קענט איהר געווים אַ טלית־קטן דערזעהן — און ס'מאָלט זיך גרינג אוים ווי אַזוי אָט דער „אייראָפּעער" האָט אויסגעזעהן ערגיץ אין זיין שטעדטיל אין זיין זיידענער ר אַ ז ע ו ו י ל ק ע

און אינ'ם שטריימיל... איך האָב געוואוסט אז ער איז א רייכער סוחר און פאָהרט אָפט געשעפטליך קיין איטאליען... ער האָט מיך אויך דערזעהן. אפשר אין גאליציען אָדער ערגיץ אנדערס אין א יודיש אָרט וואָלטען מיר איינער דעם אנדערען ניט דערקענט. מיר וואָלטען ניט געוואָלט קענען איינער דעם אנדערן. וואָס דאַרפען מיר זיך האָבען? מיר זענען דאָך פרעמד אויף שטענדיג, אָדער ווי מ'פלעגט זאָגען: „קרעים שאינם מתאחדים לעולם" — אָבער דאָ אין א פרעמדער מדינה האָבען מיר זיך דערקענט.ביידע האָבען מיר געביינקט. איך נאָך עפּיס אנדערש — ער נאָך גאָר פערשידענעס, אָבער בייגקענדע נשמות בענענען זיך. ער האָט זיך אלאָז געגעבען צו מיר — א קליין גראָב יודיל מיט א שוואַרץ בערדיל און קליינע, פערפעטעטע איינליך און האָט מיר אויסגעשטרעקט מיט א האַרציגען שמייכיל א ברייטען „שלום עליכם!" די ערשטע פאָר ווערטער זענען געוועזן פשוט יודיש. עפּיס פרעמד איז ער מיר געוואָרען — דער קלאַנג פון דער מוטער־שפּראַך! ווי א דיסאָנאַנס האָט עס געקלונגען אין דעם קלינגענדען, שפּילענדען ארקעסטער פון דער איטאַליענישע שפּראַך. איך האָב איהם געוואָלט ענטווערען אויך יודיש — נאָר איך האָב געפיהלט, אז די טענער קומען אַרויס אַזוי משונה'דיג... מיין יוד האָט באַלד אָבער געפיהלט, אז ער האָט זיך פערגעסען. ער האָט מיר געוואָלט ווייזען אז ער איז אויך א „אינטעליגענט" און ער האָט אָנגעהויבען צו רעדען „דייטש". אז איך האָב געהערט דאָס ערשטע דייטשע וואָרט — האָב איך מיך דערשראָקען — אַזוי העסליך האָט געקלונגען די שענע דייטשע שפּראַך אין זיינע ליפען. גראַד ווי ס'וואָלט א שאַר־מאנקע (א לייערקאַסטען) שפּיעלען א סאָנעטא פון בעטהאָווען. ער האָט מיר אָנגעהויבען צו דערצעהלען פון זיין היים. איך בין דאָרט א צייט געוועזן. א קליין שטעדטיל אין גאַליציען, וואו מיין ערשטע עטאפּע איז געוועזן, אַלס איך האָב מיך געלאָזט אין דער וועלט. איך האָב פריער צוגעהערט — אָבער איך האָב באַלד אויפגעהערט מיך צוצוהערען. ס'איז מיר געוואָר'ען אומעטיג. אזוי לאַנג האָב איך שוין קיין יודען, קיין מענשען פון דער יודען־וועלט געזעהן און אז מיר זענען צוזאַמענגעקומען — פיהל איך מיך ווילד־פרעמד. ער האָט מיך אָנגעהויבען אויסצופרעגען און זיינע שאלות זענען געוועזן אזוי גראָב — אז איך האָב ניט געקענט ענטווערען... אונזער שמועס

האָט זיך ניט געקלעבט. שווייגענדיג און פֿערטראַכט זענען מיר געגאַנגען איינער נעבען דעם אַנדערען און יעדער פֿון אונז האָט זיך געטראַכט זיינע געדאַנקען. מיר זענען געגאַנגען אַם ברעג פֿונם אַ ר נ אָ. אַ שטי־לער טייך, אַ ליינינער. אַקוראַט ווי אַ מענש געהט ער זיך, עס זענען פֿאַרהאַן טעג וואָס ער איז גרוי, שמוטציג, זיינע וואַסערן זענען אומעטיג — זיי קומען פֿון די בערג. ווער ווייס וואָס פֿאַר טרויריגע סודות האָבען זיי דאָרט געהערט אין די העהלען און אין די שפּיצען פֿון די שנעעבערג. און אַמאָל קומען זיי לעבעדיג, פֿריש, מונטער און זיי זענען בלוי, אַזוי ריין, דורכזיכטיג ווי עס האָבען געמוזט זיין די אויגען פֿון בעאַטריצען, וואָס האָט אמאל, פֿאַר זיעבענהונדערט יאָהרען, שפּאַ־ציערט מיט ד אַ נ ט ע אויף דעם איינציגעם אָרט. אָדער אַזוי לייכטענד ווי דאָס פּנים פֿון לאַורא וועלכע פּעטראַרקאַ האָט אַזוי שען בעזונ־גען... דער טאָג איז געווען שען — און שען איז געווען דער אַרנאָ. מיר זענען אַרום פֿון דעם צענטרום פֿון דער שטאָדט. ווינציגע מענ־שען האָבען אונז בעגעגנעט. אמאָל אַ פּאָר ענגלענדערינען, וואָס זוכען רוהע און שיינקייט אין די טואַילען פֿון טאָסקאַנאַ.

עס איז געווען שטיל. מיר ביידע זענען געגאַנגען און האָבען געטראַכט. איך האָב מיר דערמאָהנט אן אַ אלט איטאַליעניש ליעדעל פֿון פּעטראַרקאַ און האָב עס שטיל מיר פֿאָרגעזאָגט:

„Ed i vo pusando, e nel peusen m'assale
tal grem vieta di me tesso".

„און איך גייה און טראַכט און אין מיטען טראַכטען קומט אויף מיר אַזאַ גרויס רחמנות אויף מיר אַליין"...

איך טהו אַ קוק אויף מיין יודיל. ער געהט פּאַמעליך, קוקט פֿאַר זיך און טראַכט. וואָס טראַכט ער? פֿון דער סחורה, וואָס ער דאַרף איינקויפֿען, פֿון דעם געלד וואָס ער וועט דאָבײַ פֿערדינען? פֿון דעם יום־טוב אין דערהיים (ער האָט מיר דערצעהלט אז היינט איז יום־טוב), פֿון מיר, וואָס ער קען ניט פֿערשטעהן צו וואָס איך לעב און וואָס איך טהו? אָדער אפשר טראַכט ער פֿון דעם לאַנד, פֿון דעם הימעל וואָס ער זעהט פֿאַר זיך? אפשר האָט אין זיין נשמה לעב, אין דעם פֿאַרדאַרטען הערציל אויך עפּיס אַ טאָן פֿון פּאָעזיע דער־ציטערט, אַניאַלטע ערינערונג זיך אָבגערופֿען? ווער ווייס? איך האָב

מיך דערמאנט אין טאָלסטאָי׳ס קונסט־טעאָריע. אפשר איז ער גע־רעכט, דער אלטער פֿון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ. אַז נאָר יענע קונסט איז די אמת׳דיגע, וואָס געפֿעלט א פּראָסטען מענשען!... מיר זענען גע־גאנגען ווייטער. דער וועג האָט געפֿיהרט אַרויף א בארג — צום בערגיל וואָס הייסט „S. Muriato" דאָרט איז א פּלאַץ מיט ווילעס, עס איז די גאס פֿון מיקעל־אנדזשעלא (Viale de Miaedanglo) פֿון דעם בארג עפֿענט זיך א פּאנאראמא אויף גאנץ פֿלאָרענץ. מען זעהט די בערג און די טאָלען רינגס הערום. און אין מיטען הייזער, הויכע טורמען, גרינע גערטנער, מארמאָרנע סטאטועז — און ווי א בלויער שארף וויקעלט זיי אלע איין דער בלויער טיך. אויף דעם בארג שטעהט א גרויסע סטאטוע — דער בעריהמטער „דוד" פֿון מיקעל־אנדזשעלא. א גרויסער, שענער, שטארקער, נאקעטער יונגלינג שטעהט אויף׳ן פּיעדעסטאל און קוקט שטאָלץ אויף דער וועלט. אזוי האָט מיקעל־אנדזשעלא פֿארשטאַנען דעם טיפּוס פֿון דוד. אזוי האָט זיך די רענעסאנס־צייט אויסגעמאָלט גבורה, פּאָעזיע. איך בין געשטאַנען און האָב געטראכט און האָב געקוקט. מיין יוד האָט אויך א קוק געטהון. „איהר ווייסט וואָס דאָס איז"? פֿרעג איך איהם. „ווייס איך, וואָס, עפּיס א נאקעטער יונגערמאַן... וואָס „זיי" שטעלען אנידער אין דרויסען, משטיינס־געזאָגט! (ער האָט אלץ נאָך גערעדט אויף „דייטש")— דאָס איז דוד המלך פֿון מיקעל־אנדזשעלא, הויב איך אָן איהם צו ערקלערען, און וויל איהם דערצעהלען ווער מיקעל־אנדזשעלא איז געווען, פֿאר וואָס ער האָט אזוי זיך אויסגעמאָלט די יודישע גבורה־געשטאלט. — אָבער מיין יוד לאָזט מיך ניט ענדיגען: „דאָס איז דוד המלך?" צובייזערט ער זיך שוין ניט אויף דייטש — אי, פֿע — ס׳איז פּשוט א בזיון, א חילול השם. מע נעמט א מלך און מע שטעלט אנידער נאקעט. א חוצפּה!

מיר זענען אנשווייגען געוואָרען און מיר האָבען זיך אָנגעהויבען אראבצולאָזען פֿונ׳ם בארג. — עס האָט מיר געפּיקט אין מח, גע־קערעוועט די נשמה! אפשר איז ער גערעכט, אָדער אפשר איז דאָס ניט זיין פּערזענליכע מיינונג — אפשר איז אין זיינע ווערטער די פּסיכאָלאָגיע פֿונ׳ם גאנצען יודישען פֿאָלק בעהאלטען. אפשר הייסט דאָס קונסט־געפֿיהל ביי יודען? וואָס פֿאר א קונסט קען יודען גע־פֿעהלען, איז זיי ליעב און היימיש? האָט א יוד בכלל א געפֿיהל

פאַר קונסט, פאַר פאָרמען! „זיי" האָבען דאָס געפיהל. פראָסטע מענ־שען פון „ווייערע" מאַלען זיך די גרעסטע מענשליכע אידעאַלען, די אידעאַלען פון מוטערליעבע, פון וועלטשמערץ, פון א ליעבע צו א וועלט וואָס וועט קומען און וואָס מע איז מקריב פאַר איהר, „זיי" מאָלען זיך עס אויס אין פאַרבען, און אז איהר זעהט בילדער אָדער סטאַטוען פון ב אָ ט י צ ע ל ל י, ראַפאַעל, קאָררעדשיא, אָדער פון סעגאַנטיני (אום צו קוטען אויף די מאָדערנסטע) — פיהלט איהר אז דאָס האָט א איטאַליענער געמאָלט. און אז איהר זעהט א בילד פון קראַ־נאַך אָדער פון בעקלין – זעהט איהר די פערקערפערונג פון׳ם דייטשען גייסט—און וואס נעצאָוו אין רעפין מאָלען די רוסישע נשמה. דאָס האָט טויזענדער, מיליאָנען מענשען, א וועלט פון דורות האָבען דונקעל געפיהלט, דאָס וואָס ביי זיי איז געווען א חלום אָהן פאָרמען, „א מעלאָדיע אָהן ווערטער" — האָבען זיי, די גרויסע קינסטלער לעבעדיג געמאַכט? ווער האָט אונזער נשמה געמאָלט? האָבען מיר דען ניט קיין חלומות, קיין טיעפע, דונקעלע אידעאַלען, וואָס מיר קענען זיי ניט אַרויסרעדען? אפשר ניט. ביז אהער האָט אונזער קולטור־לעבען אונז בעוויזען, אז מיר זענען ניט קיין קינסטלער־נאַטורען. ענטווערט מיר ניט דעם אַלטען תירוץ, אז מיר האָבען ניט געקענט, מיר האָבען ניט געטאָרט! עס איז דאָ א לאַטייניש וואָרט: טרייב די נאַטור מיט דריקעס, זי וועט צוריק אַריין — — — ווען מיר וואָלטען געווען קונסט־מענשען וואָלטען מיר פערשטאַנען פון אונזער־אייגענען אידעען אַרויסשעפען און בילדען. פון׳ם דונקעלן קאַטהאָלי־ציזמוס איז די רענעסאַנס אַרויסגעקומען, איז לעאָנאַרדאָ־דע־ווינטשי געוואָרען, — פאַר וואָס ביי אונז נישט?

אָדער אפשר האָט ער רעכט, דער קליינער, גראָבער יוד מיט די פערפעטטע אויגליך? אפשר איז ד י קונסט פון „זיי" אונז אַזוי פרעמד, ווייל מיר האָבען אַנ׳אַנדער פסיכיקע און מיר פערלאַנגען אויך אַנדערע פאָרמען?... עס קען זיין. אַ געדאַנק איז מיר געקומען: אַז דער אימפּרעסיוניזמוס, די קונסט פינ׳ם קאָפּ, ניט פונ׳ם האַרצען, פון אידעען, ניט פון פאָרמען, איז אַ יודישע קונסט... איך האָב מיך דערמאַנט אָן נעהמען, ווי מאַקס ליבערמאַן, לעסער אורי, לעוויטאַן

א. ז. וו.

* * *

דאָס אַלטע פּראָבלעם פון דער יודישער קונסט האָט אָנגעהויבען מיך צו מוטשען. איך האָב געוואָלט וויסען דעם סוד פון איהר, דעם „סוד היצירה"...

„לעבען זי וואָהל, איך רייזע מאָרגען אַב. עס האט מיך גע־פרייט זי צו זעהן"... הער איך פלוצים פאַר מיינע אויערן. איך האָב מיך דערשראָקען. אַלע געדאנקען זענען מיט אַמאָל פערשוואונדען — נאָר מיין קליין יודיל איז געשטאַנען פאַר זיין האָטעל און האָט זיך מיט מיר אויף „דייטש" געזעגענט... ער האָט שוין לאַנג פערגעסען אָן מיקעל־אנדושעלא. „גוטען טאַג, גוטען טאַג, איך עמפּפעלע מיך" האָב איך ניך אַרויסגעזאָגט און האָב מיך געפרייט אַז איך בין איהם פּטור געוואָרען. און מיר זענען זיך צוגאַנגען — ער צו זיינע גע־שעפטען, איך צו מיינע חלומות.

וויען, א. קאַראַלניק.





# די פרוי.

(אַ אינדיע לעגענדע)

פון

**ו. דאראשעוויטש.**

---

אז דער אַלמעכטיגער מאַגאַדעווא האָט בעשאַפען די שיינע אינדיען איז ער אַראָבגעפלוינען פון היממעל אויף דער ערד, צו קוויקען זיך מיט איהר.

פון זיין פליה האָט זיך דורכגעטראָגען אַ ווארמער מחיה׳דיגער ווינד, די שטאָלצע פּאַלמען האָבען איינגעבויגען די קעפּ פאַר מאַגאַדעווען, און אונטער זיין בליק האָבען זיך די ריין־ווייסע, צערטליכע ליליען פערנאַנ־דערגעבליהט.

מאַגאַדעווא האָט אָבגעריסען איינע פון די ליליען און האָט זי נע־ווארפען אין בלאָהען ים. און דער ווינד ראָט אָוויעג געבאָהן דאָס קריסטאָל וואַסער און האָט פערוויקעלט די ליליע מיט ווייסען שוים. אַ מינוט — און פון פוק שוים האָט אויפגעבליהט אַ פרוי, אַ צערטליכע און אַ מילדע, ווי די ליליע, אַ לופטיגע, ווי דער ווינד, ניט קיין שטענדיגע, ווי דעם ים, מיט שיינקייט, וואָס האָט געלויכטען ווי דער שוים פון ים און וואָס געהט אָווי ניך איבער ווי דער דאָזינער שוים.

די פרוי האָט פריהער פאַר אַלץ זיך איינגעקוקט אין דעם קריסטאַל וואַסער און האָט אויסגערופען:

— ווי שעהן איך בין!

דערנאָך האָט זי זיך אומגעקוקט אַרום און האָט געזאָגט:

— ווי גוט איז די וועלט!

דערוועהענדיג די פרוי, האָבען זיך אויף דער ערד פטרנאנדערגע־בליהט די בלומען און פון הימעל האָבען זיך אויף איהר פערקוקט מילליארדען נייגע־ינע אויגען, און די אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט ענטציקונג. און פון יענער צייט אָן לייכטען די שטערען. דער שטערן וענוס האָט זיך אָנגעצונדען מיט קנאה און דעריבער לויכט ער שטארקער פון די אנדערע.

די פרוי האָט געשפאציערט איבער שענע וועלדער און איבער שענע לאָנקעס, און אלץ איז צו ליעב איהר שטיל געוואָרען, איבעראשט. דאָס איז איהר איבערדריסיג געוואָרען. זי איז געוואָרען אומעטיג און האָט אויסגעשריהען: — אָ, דו אלמעכטיגער מאגאדעוואָ! דו האָסט מיך בע־שאפען אזא שענהייט, אלע ווערען פון מיר ענטציקט, איך הער אָבער ניט, איך וויים ניט פון די התפעלות, ווייל אלץ ווערט נתפעל שווייגענדיג.

און מאגאדעווא האָט דערהערט איהר געבעט און האָט בעשאפען זעהר א סך פויגעל. די פיעלע פויגעל פלעגען זינגען לויב־לידער דער שיינער פרוי. די פרוי האָט געהערט און געשמייכעלט, אָבער אין א טאָג ארום איז עס איהר נמאָס געוואָרען און זי איז געוואָרען אומעטיג.

—אלמעכטיגער מאגאדעווא! האָט אויסגעשריהען די פרוי. מען זינגט מיר ענטציקטע לידער, אז איך בין שעהן, אָבער וואָס איז דאָס פיר א שיינקייט, אז קיינער וויל מיך ניט ארומנעמען, גלעטען און זיך צודריקען צו מיר!

דאן האָט דער אלמעכטיגער מאגאדעווא בעשאפען א שעהנע בייז־נעדיגע שלאנג. זי האָט ארומגענומען די שעהנע פרוי און געקריכט ביי איהרע פים. — א האלבען טאָג איז די פרוי געווען צופריעדען דערנאָך איז אויף איהר ווידער אָנגעפאלען אן־אומעט און זי האָט ווידער אויסגע־שריהען:

— אח, ווען איך וואָלט אין אמת'ן שעהן געווען, וואָלטען מיר אנדערע נאָכגעמאכט. דער סאלאָווי זינגט פראכטפאָל, מאכט איהם דער ציגעניאָל נאָך; מסתמא בין איך גאָר ניט אזוי שעהן!

דער אלמעכטיגער מאגאדעווא האָט געוואלט צופריערען שטעלען די פרוי, — און האָט בעשאפען די אפע. די אפע האָט נאָכגעמאכט דער פרוי'ס יעדען קעהר. און די פרוי איז געווען זעקס שעה צופריעדען, אָבער דער נאָך האָט זי מיט טרערען אויסגעשריהען:

— איך בין אזוי שעהן, אזוי פראכטפאָל! מען בעווינט מיך, מען

קריכט ביי מיינע פיס און מען מאַכט מיר נאָך, מען ווערט פון מיר ענטציקט און מען איז מיר מקנא אַזוי, אַז איך הייב אָן מורא צו האָבען.

ווער אָבער וועט מיך פּטרהיטען, אַז מען וועט מיר וועלען אויס קנאה שלעכטס טאָהן!

האָט מאַנאַדעוואַ בעשאַפען דעם שטאַרקען, מעכטיגען לייב. דער לייב האָט געדינט די פרוי. דריי שעה איז זי געווען צופריעדען, אָבער אין דריי שעה ארום האָט זי אויס געשריען:

— איך בין שיין! מען גלעט מיך; איך — קיינעם, מען ליעבט מיך, איך — קיינעם. איך קען דאָך ניט ליעבען דעם שרעקליך גרויסען לייב, פאַר וועלכען איך האָב נור רעספּעקט און מורא!

און אין דער זעלבער מינוט האָט, דורך מאַנאַדעוואַס ווילען, פאַר דער פרוי ערשיינט א שען־קליין־הינטעל.

— א, ס׳ ארא ליעב חיה׳לע — האָט אויסגערופען די פרוי און האָט אנגעהויבען גלעטען דאָס הינטעל. ווי איך האָב עס ליעב!

איצט איז שוין ביי דער פרוי אַלץ געווען. זי האָט שוין מעהר ניט געהאט וואָס צו בעטען. דאָס האָט זי אריינגעבראכט אין כעס, און כדי אויסצוקיהלען דעם כעס, האָט זי אַ זעץ געטהאָן דאָס הינטעל. דאָס הינטעל האָט אָנגעהויבען צו בילען און איז אנטלאָפען. זי האט אנגעשלאָגען דעם לייב, איז דער לייב אוועק. זי האט אנגעטראטען די שלאַנג מיט׳ן פוס איז די שלאנג אוועק געקראכען. די אפּע איז פערשוואונדען אין די פויגעל זענען צו פליגען, ווי נאר די פרוי האט אויף זיי אנגעשריען..

— אָ, איך בין אונגליקליך! האָט אויסגערופען די פרוי, ברעכענדיג די הענד. מען האָט מיך ליעב, מען גלעט מיך, מען לויבט מיך, ווען איך בין גוט אויפגעלעגט און אַלע לויפען פון מיר, אַז איך ווער בייז. איך בין איינזאַם! אָ, דו אַלמעכטיגער, מאַנאַדעוואַ! דאָס לעצטע מאָל בעט איך! בעשאַף מיר אַזאַ מין זאַך, אויף וועלכע איך זאָל קענען אויסגיסען מיין כעס און עס זאָל זיך ניט וואַגען לויפען פון מיר, ווען איך ווער בייז. אזאך, וואָס זאָל מוזען געדולדיג איבער טראָגען אַלע מיינע קלעפּ...

מאַנאַדעוואַ האָט זיך פערקלעהרט און האָט איהר בעשאַפען... א מאַן.

איבערזעצט דורך שרה רייזע:



# די יודען־פראגע.

וואָס איז אַם מעהרסטען כאַראַקטעריסטיש אין דער מחלוקת צווישען די ציוניסטען און די טעריטאָריאַליסטען — דאָס זיי ווארפען איינע די אַנדערע פאָר, בענוטצען אין דער דיסקוסיע אַרגומענטען, וועלכע די געגנער פון דעם פאָליטישען ציוניזמ׳ס האבען אָנגעווענדעט געגען די ציוניסטען זינד דער פאָליטישער ציוניזמוס איז אויפגעקומען. איבערהויפט זענען די ארגומענטען לעכערליך אין מויל פון די ציוני ציון, מיט זיין מאָל. נאָך זעקסטען קאָנגרעס, זענען זיי געווארען פראקטיש, האלטען דעם בליישטיפט אין האַנד און ווייזען אויף ווי צוויי מאָל צווי, אז די „פראקטישע“ ציוניסטען זענען ניט פראקטיש, אז זיי חלומ׳ן. מיר נעפינען אלזאָ אין די ארטיקלען געגען די אוגאנדיסטען אזעלכע ראיות: „די אונאנדיסטען ווילען העלפען דעם אָרימען פאָלק, דאָס אָרימע פאָלק האָט זאָגאר ביי די אומות העולם ניט קיין געלד פאר וואס צו קויפען ערד, כלים און אויסלעבען די ערשטע צייט ביז דעם ערשטען שניט. אָפטמאל האָבען די יודישע עמיגראנטען זאָגאַר ניט אויף הוצאות אין מוזען אנקומען צו חברות אָדער צו קרובים אין אמעריקא. פון וואנען וועט איהר — אוגאנדיסטען — אַלזא נעהמען געלד צו קאָלאָניזירען אזא אָרימע מאסע ?“

די עמיגראציע — זאָגען זיי — קען איבערהויפּט העכסטענס איינשלינגען דעם עודף יודען, די צאָהל יודען וואס קומט צו. די גרויסע צאָהל יודען אַלזאָ, וואָס געפינט זיך איצט אין רוסלאַנד, פּוילען, גאַליציען און ז. וו. וועט ניט פּערקלענערט ווערען. איהר קענט דאָך ניט האָפען, די עמיגראציע קיין אוגאַנדא זאָל זיין אַ גרעסערע ווי קיין אַמעריקא און דאָך איז די צאָהל יודען אין רוסלאנד ניט געוואָרען קלענער.

אוגאַנדא — זאָגען זיי — מוז ווענינ ווערט זיין, ווי באַלד די ענגלישע רעגירונג האָט נאָך ביז אַהער אויף איהר ניט געקריגען קיין בעלנים צווישען די ענגלענדער; עס מוז זיין אַ זבריות, וואָס קיינער וויל ניט קויפען.

איבערהויפּט זיינען קאָלאָניעס בכלל און קאָלאָניעס אין אפריקא בפרט, ניט אים שטאנד צו לעזען די יודען־פראגע.

מיר זענען ניט אַזוי רייך ווי ענגלאַנד, מיר זאָלען קענען פיהרען אַ קאָלאָניאלפּאליטיק; דערצו נאָך אין אפריקא שלינגען די קאָלאָניעס איין אוצרות געלה, צב. די דייטשע קאָלאָניעס אין מזרח אפריקא און ז. וו. און ז. וו. (זעה השלח, אויך מתעה). דאָס אַלעס קענט איהר ליעבע לעזער געפינען אין ערשטען בעסטען אַרטיקעל געגען די מדינים, אוגאַנדיסטען, טעריטאָריאַליסטען, יע־זאָגער און ווייס איך נאָך ווי מען רופט זיי.

נאַטירליך וואָלטען מיר גאָר ניט זיין דאַנקען, דאָס די ציוני ציון זיינען קלוג געוואָרען. בעסער שפּעטער ווי קיינמאָל... די צרה איז אָבער, דאָס זיי זענען נור קלוג געוואָרען אין בעצוג צו די אוגאַנדיסטען, אָבער זיי אַליין חלומ'ן ווייטער. ווייל אָט לאָמיר אקוראט אָנווענדען די זעלבע ראיות געגען די ציוני ציון און מיר וועלען זעהען, אַז זיי רעדען אַסך מעהר געגען זיי ווי געגען די אוגאַנדיסטען. אַלזאָ כסדר:

.די ציוני ציון ווילען העלפען דעם אָרימען פאָלק. דאָס אָרימען פאָלק האָט זאָגאַר ביי די אומות העולם ניט קיין געלד פאַר וואָס צו קויפען ערד, כלים און אויסלעבען די ערשטע צייט ביז דעם ערשטען שניט. אָפּטמאָל האָבען די יודישע עמיגראַנטען זאָגאַר ניט אויף הוצאות און מוזען אָנקומען צו חברות אָדער צו קרובים אין

אמעריקא. פֿון וואנען וועט איהר — ציוניסטישע ציוניסטען — אלזא נעהמען געלד צו קאָלאָניזירען אזא גרויסע מאסע ?". די ציוני ציון זאָגען ווי דער אמת, אז זיי ווילען העלפֿען דעם גאנצען יודישען פֿאָלק. אָבער לאָמיר זיך ניט נארען. ערשטענס עשירים איז דאָ זעהר ווייניג. די ראשו ורובו פֿון דעם יודישען פֿאָלק, דאָס זענען אביונים, אָדער א זעלכע וואס פֿארמאָגען זעהר א קליינעם קאפיטאל. צווייטענס, מיט די עשירים איז קיין דאגה ניט. זיי ליידען אמת אויך אין גלות, אָבער זיי גיבען זיך לייכט אן עצה. ווען דאָס יודישע פֿאָלק וואָלט בעשטעהען פֿון לויטער עשירים וואָלט שוין די יורען־פֿראגע געווען געלעזט. דעם יודישען גביר פֿעהלט די יודישע מלוכה, אָבער ער נעהמט זיך עס ניט אזוי צום הארצען, ווייל פֿון דאגה ווערט מען דאָך ניט אזוי דיק... איבריגענס ווען זיי וואָלט אין גלות צו שלעכט געווען, וואָלטען זיי דאָרט ניט געזעסען. מיר זעהען דערוויל, אז זיי שיקען אין ארץ ישראל אָרימע לייט און אליין בלייבען זיי אין גלות. ליידען ליידעט אין גלות אַם מעהרסטען דער אָרימער יוד; ער שטעהט אויס איובים יסורים, גייסטליכע און קערפערליכע; ער דארף א ישועה, ער ווארט אויף משיח'ן, אויף וואָסער משיח עס איז... דאָס אָרימע פֿאָלק האָט אָבער קיין געלד ניט, ווי אזוי וועט איהר אלזאָ אריבערפֿיהרען די מיליאָנען יודישע קרעמערלאך, בעל מלאכות און האלבע אָדער גאנצע ליידיגגייער קיין ארץ ישראל ? איהר גלויבט אין קפיצת הדרך ? צו מיינט איהר, אז די דריי מיליאָן רובל וואס ליגען אין קאָלאָניאל באנק און די פֿינף מאָל הונדערט טויזענד רובעל פֿון נאציאָנאלפֿאָנד וועלען גענוג זיין ? און דעם „נדיב'ם 150 מיליאָנען ? דריי מיליאָן רובעל זענען גענוג צו ווערען א מין קאָראָבקע, פֿערשידענע גרופען און פערזאָנען זאָלען זיך דעריבער קריגען, ארומרייסען; דריי מיליאָן רובעל זענען גענוג אויסצוגראָבען א גרוב, א תהום אין דער זעלבער פארטיי, — אָבער עס איז ווייניג, אן אמת'ר טראָפען אין ים געלד, וואָס דארף קאָסטען א וואָסער עס איז קאָלאָניזאציע. דערביי קאָסט ערד אין ארץ ישראל אָהן פֿערגלייך טייערער.

„די עמיגראציע קען איבערהויפט העכסטענס איינשלינגען דעם עודף יודען, די צאָהל יודען, וואס קומט צו. די גרויסע צאָהל יודען אלזאָ, וואס געפֿינט זיך איצט אין רוסלאנד, פוילען, גאליציע און ז. וו. וועט ניט פֿערקלענערט ווערען.“ זעהר ריכטיג. ווארום אלזא פויקט

איהר אין דער ציוניסטישער פּויק זייט יאהרען, אז מיר מוזען זיך פון דאָרטען אָבטראָגען, אז אייראָפּא איז פאַר אונז אן אבסניא, א פּרוזדור. א שיינע אכסניא. אין וועלכער דאָס רוב פאָלק וועט מוזען בלייבען וואָהנען! ווארום אלזאָ זאָגט איהר, אז אייך געהט נאָר ניט אָן, וואָס דאָ טהוט זיך, אז איהר דאַרפט זיך צו גאר ניט מישען? ווארום מאכט איהר ניט קיין פּראָגראַם פאַר די יודען, וואס מוזען בלייבען אין אייראָפּא? מיט וואס וועלען ד א געהאָלפען זיין יודען, אז א קליינע טהייל זייערע ברידער וועט דאָרטען גוט זיין?! נאך וואס דאַרפען די יודען אין רוסלאַנד, פּוילען, גאליציען און ז. וו. די העבּרעאישע שפּראך מיט די אלע אוצרות, ווי באַלד אז דאָס רוב וועט שוין דאָ מוזען בלייבען לדור דורות?

טאָמער מיינט איהר, אז ארץ ישראל וועט זיין אים שטאנד קולט זיין אסך מעהר יודען ווי אונגנדע, איז ערשטענס ווידער אייער בעוויז נעגען רי אונאנדיסטען: איהר קענט דאָך ניט האָפען, די עמיגראציע קיין ארץ ישראל זאל זיין א גרעסערע ווי קיין אמעריקא און דאָך איז די צאָהל יודען אין רוסלאנד ניט פאַרקלענערט געוואָרען". מיר ווייסען גאנץ גוט, אַז ווען יודען זענען נאָך געוועזען אין ארץ ישראל האָט שוין דאָס לאַנד ניט געקענט ערנעהרען אלע יודען. און א גרויסע טהייל פון זיי האָט געמוזט עמיגרירען אין די ארומיגע און גאָנצער גאנץ ווייטע לענדער און בעשעפטיגען זיך דאָרט מיט מסחור. און היינט קומען די ציוניסטישע ציוניסטען צוגעהען און ווילען איינרעדען דעם אָרימען יודען, אז דער ציוניזמוס איז א ישועה פאַר אלע יודען. ווי אַזוי? צו איז איצט די שטיינערנע ערד אין ארץ ישראל פרוכטיגער געוואָרען, ווי זי איז געוועזען מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק? צי אפשר דארף איצט דער יוד נאָך וועניגער, ווי מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק? דערביי איז ארץ ישראל ניט הפקר. ווי פיעל נאאיווע ציוניסטען מיינען ביי אונז. ציון איז ניט, ווי די נייע־געבאַקענע העברעאישע פּאָעטען זינגען, שוין מעהר קיין אלמנה, וואס וויינט און קלאָגט נאך אונז. ציון האָט שוין לאַנג — שוין א מיטה פון העכער טויזענד יאָהר — חתונה געהאַט און האט איצט מיט צווייטען מאן דערוואקסענע קינדער, וועלכע טענהן, אז ציון איז זייערע און זיינען דערביי האוחז ביד. ארץ ישראל איז ניט וויסט, עס האָט בעלי בתים, וואָס האָבען צו דעם לאַנד די זעלבע היסטאָרישע

רעכט וואָס מיר, ווייל אויב זיי האָבען אונז פון דאָרט ארויסגעשפּארט, האָבען מיר אויך דאָס זעלבע געטהון, איידער מיר האָבען זיך בעזעצט אין ארץ ישראל. אין ארץ ישראל אלזאָ קען מען קויפען ערד ניט ביי דער רעגירונג, נור ביי די אראבער. אזא קאָלאָניזאציע האָט איהרע גרענצען.

„ארץ ישראל מוז ווענינ ווערט זיין, ווי באלד זי איז נאָך ביז יעצט זעהר שיטער בעזעצט; עס מוז זיין א זבריות, וואָס קיינער וויל ניט קויפען". מיר ווייסען גאנץ גוט, ווי די דייטשען רוקען זיך אין קליין־אזיען, מיר קענען גאנץ גוט די ערד־גיערינקייט פון די דייטשען. עס איז ניטא א ווינקעל, וואו די דייטשען זאָלען ניט פערקריכען, אויב זיי האָבען נור א האָפנונג קענען זיך דאָרט אויפהאלטען. היתכן, אלזאָ, אז די דייטשען, וואָס האָבען ביים סולטאן איצט אזא דעה, ווייסען, אז עס ליגט נאָהענט אן ארץ זבת חלב ודבש און בעזעטצען זי ניט און ווילען ליבער קריכען אין מזרח אפריקא? מיר האָבען גענומען דייטשען נור למשל. מיר פרעגען דאָס זעלבע איבער די אלע אייראָפּעאישע פעלקער, וואָס שיקען ארויס יעהרליך הונדערטער טויזענד עמיגראנטען. היתכן אז זיי אלע ווייסען דערפון גאָר ניט און ווילען בעסער בעארבייטען אונבעקאנטע און ניט „היסטאָרישע" ערדען אין אמעריקא, אויסטראליען און ז. וו.? און ווען זאָגאר זיי האָבען ניט געוואוסט זענען זיי דאָך שוין לאנג געוואהר געוואָרען וועגען דעם פון די ציוניסטען. ווארום אלזאָ שיקען זיי אהין עד היום, ווי מיר, נור בטלנים, ווערענד די פעהיגע ארבייטער שיקען זיי ערגיץ אנדערש? צו האָבען זיי אזוי דרך א־ץ פאָר אונזערע „קנינים" און „היסטאָרישע" רעכט, דוכט זיך די בורען אין טראנסוואאל און קאָרעער אין קאָרעע האָבען דאָך אויך רעכט און דאָך האָט ענגלאנד פארנומען טראנסוואאל און יאפּאָניע — קאָרעא. אָבער נאָך וואָס דארפען מיר נעהמען צו די אומות העולם. ווענינ יודען פאָהרען ארויס יאהר יעהרליך פון רוסלאנד, גאליציע און רומעניע? וואו אהין פאָהרען זיי ניט? — ווארום פאָהרען זיי איבעראל, נור ניט קיין ארץ ישראל? — ווייל איבעראל האָפען זיי צו בעקומען חיונה, אין אין ארץ ישראל אָבער האָבען זי' קיין האָפנונג ניט. דערביי האָט דער יודישער עמיגראנט ווענינער צוטרוי צום טערקישען סולטאן פאר די ציוניסטען.

נור אם שטארקסטען איז געווים די לעצטע ראיה: „איבער־

זהויפט זענען קאָלאָניעס בכלל און קאָלאָניעס אין פאַלעסטינא בפרט גיט אים שטאַנד צו לעזען די יודען־פּראגע". דעם בעסטען בעווייז האָבען מיר אין אירלאַנד, וואו א העלפּט בעפעלקערונג איז ארויס־געריזט און דאָך איז די לאַגע פון דעם רעשט ניט בעסער געוואָרען, דאָס זעלבע זעהען מיר אין רוסלאַנד. די עמיגראציע רופט ארויס א פרישע עמיגראציע און זי ווידער א פרישע עמיגראציע און אַזוי אָהן א סוף. צו א קאָלאָניזאציאָן, זאָגאַר דאָרט, וואו מיר האָבען אַלע „היסטארישע" רעכט דאַרף מען האָבען קורח'ס אוצרות, ווייל מען מוז דאָרט פאַר אַלעם זעהר טייער צאָהלען, נאָך טייערער, ווי דאָ־ט וואו מיר האָבען ניט קיין „היסטארישע" רעכט. זייט צוואַנציג יאָהר זעהן מיר אין ארץ ישראל די עטליכע קאָלאָניעס מיט די עטליכע קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען לעכערדיגע קעשענעס, וואס ווילען אָדער קענען נאָך עד היום ניט אראָב פון קעסט. זייט העכער צעהן יאהר קוקען מיר זיך צו צו דער סיזיפאָוער ארבייט, וועלכע דער „נדיב" האָט אָנגעהויבען אין וועלכע מען פיהרט פאַר זיין געלד ווייטער. דערפון קענען מיר האָבען א שטיקעל בעגריף, ווי פיעל א קאָ־לאָניזאציע דאַרף קאָסטען.

* * *

מיר נעהמען זיך ניט אָן פאַר די אוגאַנדיסטען. מיר פיהלען צו זיי קיין גרויסע סימפּאַטיע ניט. געגען קאָלאָניזאציע קען נאַטירליך קיינער גאר ניט האָבען. עס קענען זיך אָהן איהר ניט בעגעהען אַסך רייכע־ע, אַסך שטאַ־קערע פעלקער ווי מיר. מיר האָבען א ריעזיגע עמיג־אַציע, עס איז אַלזאָ נויטהיג זי צו רעגולירען און מאַכען זי וועניגער אבהענגיג פון צופאַל און געוואָהנהייט. מיר זענען נור געגען די גרויסע האָפנונגען, וואס די אוגאַנדיסטען לייגען אין אוגאַנדא; מיר זענען געגען די פראַזעסען און די פאַלשע לאָזונגען. ביי אונז איז יעדער פראָיעקט א גאולה און יעדער פּראָיעקט־געבער א משיח. איבערהויפט זענען לעכערליך די קעלבערנע התפעלות וואס די אוגאַנדיסטען קריעגען פון דער אַווטאָנאָמיע, וואָס די ענגלישע רעגירונג וויל און וועט כלומ־רשט געבען די יודישע קאָלאָניסטען. לעכערליך איז עס דערפאַר, ווייל אים פערל.יך פון ניינצעה:טען יאהרהונדערט האָבען מיר געזעהען, אַז זאָגאַר די קאָלאָניעס, וואס זענען געוועזען

אנפאנגס גאָר זעלבסשטענדיג, האָבען די זעלבסשטשטענדיגקייט מיט דער צייט פערלאָרען. לעבערליך איז עס נאָך מעהר דעריבער, ווייל זיי גלויבען, אז די יודישע שפראַך, קולטור, זיטטען און ז. וו. וועט זיך איינהאַלטען געגען דער ענגלישער שפראַך, קולטור, זיטטען און ז. וו. ועהט ווי אין לאָנדאָן צוגעהען די פרעמדע ווי זאַליך אין וואסער, האטש קיינער נויט זיי ניט, אָדער בעסער טאָקי ווייל קיינער נויט זיי ניט, ווייל די קאָנקורענץ פון די קולטורען איז א גאַנץ פרייע, זיעגט די שטאַרקערע, די מעהר ענטוויקעלטע.

געגען קאָלאָניזאציע האָבען מיר גאָר ניט. אָבער דערביי ניט פערגעסען צוויי זאַכען. ערשטענס, אז מען קען ניט פערלאנגען פון א רבים ער זאָל זיך אָפּפערן פאר אלגעמיינע פאַנטאַזיעס און חלומות ווי פיין זיי זאָלען ניט זיין. די קאָלאָניזאציע מוז זיין פאר די עמיגראנטען און ניט די עמיגראנטען פאר דער קאָלאָניזאציע.

צווייטענס, אונזער קאָלאָניזאציע מוז זיין א גאנץ אנדערע ווי די קאָלאָניזאציע פון אלע אנדערע פעלקער. מיר מוזען איין מאָל פאר אלע מאָל וויסען, אז די געשיכטע דרייט מען צוריק ניט איבער. קיין ערד ארבייטער וועלען מיר שוין ניט ווערען. צוויי טויזענד יאָהר איס לעבען פון א פאָלק שפיעלט א גרויסע ראָליע. אריבערשפרייזען איבער זיי און אומקעהרען זיך צו דער אלטער געשיכטע דאָס קענען נור אונזערע פאַנטאַסטען. אין די גאַנצע צייט זענען מיר קיין ערד ארבייטער ניט געווען. עס איז געוואָרען אונזער צווייטע נאַטור, עס ליעגט אונז אויף'ן געזיכט און אין געזונד — מיר זענען שטאָדטאיינוואהנער. ארויסשפּרינגען פון דער הויט קענען מיר ניט. ניט פוילקייט איז די אורזאַכע, וואס די יידען בעשעפטיגען זיך כמעט גאָר ניט מיט ערד ארבייט דאָרט, וואו ער מעג און קען ארבייטען ערד. לאָמיר נעהמען דעם גאַליציאַנער יוד. עס איז ניטא א מלאכה, וואס זאָל איהם זיין צו שווער, עס איז ניטאָ א בעשעפ־טיגונג, וואָס זאָל איהם זיין צו מיאוס. ער טהוט וואס אין דער וועלט. אבי לעבען — און קיין ערד בעארבייט ער ניט, האטש אין גאַליציע מעג א יוד קויפען ערד, האטש ערדארבייט וואלט געווען פאר איהם אין גאַליציע אסך זיכערער ווי האַלטען א שענק אָדער זאַגאַר אסך אנדערע מלאכות. קיין ערד פעהלט ניט: יעדען יאָהר פאַרצעלירט

מען הונדערטער גרויסע גיטער. ניט אויס פורכט פאר דער אנטיסע־מיטיזמוס, דער בעסטער בעווייז איז, דאס זיי האבען קיין מורא ניט צו קויפען גרויסע גיטער, פון וועלכע א גרויסע טהייל איז שוין אין די יודישע הענד. און מיר וואונדערן זיך גאר ניט: עס איז געגען דער יודישער נאטור. קיין ערדארבייטער וועלען מיר אלזא שוין ניט ווערען, פון יחידים איז נאטירליך קיין רעדע ניט. מיר קענען אבער און מוזען ווערען בעל מלאכות. מיר מוזען זעהען מיט אלע כחות ווירקען, אז עס זאלען ניט צוקומען קיין פרישע לופט־מענשען, עס זאלען ניט צוקומען קיין פרישע בעל הבית׳לעך, וואס האבען ניט נאך דער חתונה מיט וואס צו ערנעהרען זיך און זייער פאמיליע. מיר מוזען בעקעמפפען אונזער בית מדרש אינטעלי־גענץ, וואס האט אלע הסרונות פון אן אייראפעאישער אינטעליגענץ און קיין איין מעלה. מיר מוזען אויסהאלצען צווישען אונזערע מיט־לערע שיכטען דעם אבשיי צו א מלאכה, מיר מוזען קעמפפען געגען אונזער יחוס — מאכען עליונים למטה ותחתונים למעלה;

ווען ניט — קענען מיר ניט עקזיסטירען. די לופט בעשעפ־טיגונגען ענדיגען זיך איינע נאך דער אנדערע, קיין פרישע קומען ניט צו. און מיר זעהען טאקע, אז די לעצטע צייטען וואקסען אונ־געהייער די צאהל יודישע ארבייטער. און אין דעם ליגען די ספעציעלע בעדינגונגען פון דער יודישער עמיגראציע.

אונזערע עמיגראנטען זענען שוין אין א גרויסע טהייל און מוזען מיט דער צייט ווערען אלע ארבייטער. אן ארבייטער מוז פאהרען אין בעזעצטע, ענטוויקעלטע און רייכע לענדער. אן ארבייטער מוז פאהרען אין א שטאדט, וואו די אינדוסטריע איז שוין הויך ענטוויקעלט ווייל דארט בעקומט ער גיכער ארבייט און דארט צאהלט מען טייערער. יודען וועלען אלזא מוזען אייביג עמיגרירען אין פרעמדע לענדער אדער בלייבען אין דער היים. אין דער מדבר, אדער זאגאר קיין אפריקא קען מען שיקען א הייפעלע, אבער דער גראס וועט מוזען וואהנען אין אינדוסטריעלע מדינות, דאס הייסט ער וועט מוזען אייביג זיין אין „גלות“, אויב ער וועט עס אזוי אנרופען.

מ. רובינשטיין.





*   *   *

אִיךְ גֶעה דוּרְכְ'ן וַואלְד. אִין זַיין ַקאלְטְלִיכֶען שׁוּים
וִוי גְרוֹים אִיז דִי שְׁטִילְקַייט, וִוי טִיעף אִיז דָאס שְׁוַוייגֶען!
נָאר גַייסְטֶער דָארְט סוֹד'ֶען זִיךְ צְוִוישֶׁען דִי צְוַוייגֶען
אוּן קוּקֶען מִיר נָאךְ, אוּן פֶערְלוֹיפֶען פָארְאוֹיס...

אַיךְ גֶעה דוּרְכְ'ן וַואלְד. אוּן טַל וָאגֶען שְׁטוּם
דֶער דֶעמְב אוּן דִי סָאסְנֶע, דִי גְרָאזֶען אוּן בְלוּמֶען.
מִיר דוּכְט—אִיךְ וֶועל ַקיינְמָאל אִין עֶרְגֶעץ נִישְׁט קוּמֶען,
אוּן אֵייבִּיג וֶועט צִיהֶען דֶער וַואלְד זִיךְ אַרוּם...

אַ שְׁטְרַאהל הָאט פֶערְקוּקְט—אוּן גֶעשְׁווִינְד זִיךְ פֶערְשְׁטֶעלְט;
עֶס בְלוֹיעֶט נָאר פְרִיעדְלִיךְ אַ שְׁטִיקֶעלֶע הִימֶעל.
דָארְט אִין אַ זַייט הָאט, דֶערְשְׁרָאקֶען אִין דְרִימֶעל,
אַ פוֹיגֶעל אַ פִּיפְּס גֶעטְהוּן...

פְרִיעד צוּ דִיר, וֶועלְט!...
ל. שׁ.





# פונם רייזע־ביכעל.

## אויפֿצייכנונגען פֿון מ. י. ב.

---

## VIII.

קינדער. — ס'איז אודאי אַ ווייהטיג—אַ יונג דאָס זיבּיעצטע יאָהר. ביי לייט איז אַזעלכער שוין אַ שטיק מענש. מ'העלפֿט פֿאַרדיענען, מ'לערענט אַביסעל. היינטיגע יאָהרען מוז איטליכער שוין בייציטען זיך אין זין האָבען. ביי מיר מוז אָבער אַלעס זיין מיט'ן בוידעם אַראָפּ. אויס געהאָדאָוועט האָב איך אַריינגען בופֿלאַקס. זיצט אויף מיין קאָפּ און וויל ניט טהון איינשינקען די האַנד אין אַקוואָרט וואַסער, חאָטשי נעה רער אויס די נאַל. שלאָפֿען שלאָפֿט ער ביז ניין אַ זייגער אין דער פֿריה און אַז מ'וואָלט איהם ניט אַראָפּגעשלעפּט דאָס איבערבעט מיט געוואַלד וואָלט ער געקענט ליעגען דעם גאַנצען טאָג און וואָלט זיך ניט גערידהרט. האָט עפּיס אַזוינער אַ עול? האָט ער אַ געפֿיהל מיט אַ מאַמען, וואָס ווערט אויסגעריסען? האָט ער זיך שוין אַמאַל אַנידער געזעצט ביים טיש און געגעסען ווי אַ מענש און זיך ניט צינגעזעגט? איך ווייס גאָר ניט, ווי אַזוינער האָט זיך געקענט צו מיר נעמען? איהר זאָלט אָנקוקען מיינע מיידלעך, צוויי האָב איך ביז הונדערט יאָהר, ווי טייבעליך, שטיל און בנעימות. מיינט איהר, ער איז צו זיי ווי אַ ברודער בעדאַרף צו זיין. זיי מוזען זיך נעביך מאַרדאָוועץ דעם גאַנצען טאָג אין שטיב. איך מיז דאָך פֿערדיענען און צוזעהן צו ציהען דאָס שטיקעל ברויט. און אַז ער קומט אַ היים, וואָגען זיי ניט דעם קאָפּ אויפֿצוהייבען קעגען איהם. עפּיס אַ קלייניקייט, אַז אין איהם צעקאָכט זיך דער כעס! פֿיר די קלענסטע קליינינקייט איז ער גערייט צו אַלעמען. ווער שמיסט פֿון דאַווינען, תפלין לייגען, ציצית טראָגען! אַז ער קען נעמען דאָס פֿליישינע מעסער און

דערמיט שמיערען פוטער, גראָד ווייל ער ווייסט, אַז דערמיט עקט זיך מיין לעבען. בעסער וואָלט ער שוין געוועזן אויסגעריניגט אין דער מוטערס בויך, איידער אַזוינ'ס אויפצוציהען. נאָך איהם האָב איך געהאַט אַ יונגעל שמיאַלייק, דאָס איז געוועזן נאָך מיין גוסט. ווי די איבעריגע קינדער, מוז ער זיך פארקיהלען און אַוועק שטאַרבען מיט זעקס יאָהר און אַט דער, וואָס צעהן מאָל אין טאָג בעט מען אויף איהם דעם טויט מוז לעבען. געה פרעג ביי גאָט אַ קשיא."

„איך זאָג אייך, איך האַלט'ס ניט מעהר אויס. מילא איהם האָב איך איינמאָל מפקיר געוועזן. זאָל אויף איהם קומען אַ אויסחאַפּעניש, אַ גוי איז ניט מיין זוהן. אָבער ער לקח'נט. מיינט איהר פינף קאָפּעקעס צו צעהן, ער ראַבעוועט מיך, וואָס ער פּאַפּאַדיעט אין די הענד, נעמט ער, אפילו אַ גאַנץ קערביל און פאַר דריי וואָכען אַ דרייערדיל און מיר דאַרט טרוקענט דער קאָפּ, איידער מ'פערדינט עפּיס. איך האָב געמיינט, דער רוח נעמט מיך שיעור צו פאַר הערץ צוזעטצינעש, און איהם זאָגען, מיט איהם נעהמען אָנהייבען!

„און נעהט פרעגט צו וואָס בעדאַרף אַזוינ'ס געלר! קריגט ער בי מיר ניט אַלעס? האָט ער אפילו ניט זיין טיטין? די מיידליך, ביי לייט וואָלטען שוין געמענט זיין כלות, געהען אַרום אין ציצענע קליידליך און האָבען ניט אפילו אויף שבת אַ שטיקעל וואָלינס, אַ רעכטס. פון וואַנען זאָל איך נעמען? אַז אויף מיר אַליין איז די גאַנצע שטוב און דער מאַן מיינער איז אַ קלויזניק און פאַרדינט ניט אַמאָל אויף זאַלץ פאַר ברויט, זאָל איך געהען אויסגנב'נען אַ קלויסטער? אַז איהם נעפּעלט חס ושלום ניט דער סע־דוט, צו די שטיוועל, צו דער קאַשקעט, איז ניט דאָ קיין תרוץ ניט, ס'מוז זיין אַלץ. און מיכל מיינער הייבט זיך אויף און געהט אַוועק אין בית־המדרש אַריין, אַזוי טוט ער שוין צוואַנציג יאָהר. טאָמער וויל איך האָבען דורך דעם אַ שטיקעל עולם הבא, פטור — וועל איך קומען אַ היין, וועט זיך נאָך נעגוג געפינען..."

„מילא אַז מ'ראַבאוועט און גזל'ט מיך, וועל איך שוין דאָס אויך טראָגען אָבער לאָז איך חאָטש זיין מיין לעבען זיכער. ניט איינמאָל האָט ער געזאָגט, אַז איך וועל איהם דערצערנען, וועט ער אונטערצינדען די שטוב. אויף אַזוינעם איז אַלץ צו גלייבען, אין חברים האט ער זיך אויסגעזוכט איינס בעסער פון דעם אנדערען, געכטען האָב איך איהם מיט נאָך אזא

צאַצקע בענגענגט נאָר פֿאַה־ען רײַמענדיג אויף פֿערד. איך האָב געמיינט, איך וועל זיך לעבעדיגערהייט באַגראָבען."

„און אַז ער ווערט משוגע, נעמט ער אַ זעג און קען צוזעגען אַגאַנצע סאַישזען האָליץ, און אַז איך וואָלט ניט באַהאַלטען די האַק, וואָלט ער זיך אַנידער געשטעלט פֿאַר דער שטוב און וואלט אייך צוהאַקט דאָס גאַנצע האָליץ. טהון עפּיס רעכטס ניט, אָבער אויף אַזעלכע עסקים איז ער אַ בעלן. איינמאָל האָב איך מיך מיישב געווען און איהם געשיקט צו אַ פּעטער אין אַ וואַלד. דעמאָלט איז ער אַלט געווען אַ יאָהר פֿיפֿצען. צוערסט בעקום איך אַ בריוועל, דיין זוהן איז צום וואַלד ווי בעשאַפֿען. אויף מיר איז ווי אַ נייע הויט געקומען און איך האָב אויפֿגעהויבען די הענד צום בורא און האָב איהם געדאַנקט, ווער ווייסט, טאָמער האָב איך אַביסעל זכות אבות און זיי האָבען זיך אַ ביסעל אָנגענומען פֿאַר מיר. נאָך פֿיער וואָכען, איך הויב אויף די אויגען, מיין בחור איז דאָ. עפּיס האָט איהם דער פֿעטער דאָרט געזאגט אַ קרום וואָרט האָט ער איהם געשטעלט אַ פֿייג אין דער נאָז אַריין און אויפֿגעהויבען די פֿיס און מאַרש. אַ גאַנצען טאָג איז ער געגאַנגען און געגעכטיגט האָט ער אין וואַלד. ביי איהם מורא האָבען! פֿון דעמאָלט אָן האָב איך שוין גאָר קיין שום האָפֿנונג ניט און עס ווערט אַלע טאָג ערגער, דער איינער משומד אין שטוב און תמיד נייע צרות. איך שעם זיך פֿאַר זיך אַליין אַזויניס אויס צו רעדען. די דיענסט האָב איך געמוזט אָבשאַפֿען". זי נעמט אַרויס דאָס טיכעל אין ווישט זיך די אויגען.

---

## .IX

פֿונ'ם פֿרייליכען צום אומעטיגען. — יאַ גאָט האָט מיר גער האָלפֿען, אַז איך האָב דערלעבט חתונה צו מאַכען מיין נחומ׳ן, בין איך געוועזן איבערגליקליך. האָט איהר אַ השנה, שטעלט אייך פֿאַר אַ יונגעל פֿון אַכצעהן יאָהר און נאָך ניט אַמאָל אַ חתן ! ביי לייט האָט מען שוין אייניקליך. אַז מיין מאַן האָט מיך גענומען, בין איך אַלט געווען אפשר פֿיערצעהן יאָהר. יאָ יענע יאָהרען, דאָס איז נאָר געווען אַ אַנדער מין וועלט מיט אַנדערע מיני מענשען. האָט מען דעמאָלט בעדאַרפֿט אַזוי פֿיעל האָבען ווי היינט ? אַז מיין טאַטע, עליו השלום, האָט חתונה געהאַט מיט מיין מאַמען, און מ׳האָט איהם געגעבען פֿיפֿציג רענדליך נדן

איז דאָס געווען אַ עשרות, די גאַנצע הלבשה איז באַשטאַנען אין פיער העמדער, צוויי פּאָר תחתונים און אַ אַטלאַסענע קאַפּאָטע מיט אַראַזי־וואָלקי אויף שבת און אַ פּראָסטע קאַפּאָטע אויפ'ן דער וואָכען, און מיהאָט זיי אָבגעטראָגען אַלע יאָהר. היינט הייבט זיך אָן אַ צעטיל, דריי פּאָר אזעלכע מיני הויזען און דריי פּאָר אַזוינע, און קאַמיזעלס טאַקי פון דעם איינענעם אָדער אַנדערע מינים, צוויי טיך אונטערשטע העמדער און איין טיך אייבערשטע העמדער און איטליכעס העמד קויפט מען אודאי ניט פאר זעקס גראָשען. פּיפּצעהן רובעל דאָס טיך און אַכטצעהן. און היינט שטיוועלעטין און ציזמעס און פליטקי שיך און טיעפע גאַלאָ־שען און נידריגע גאַלאָשען און זאָקען מוז זיין פאַבריטשנע. אַ שוואַרצער סערדיט אַליין האָט מיך אָבגעקאָסט, איך זאָל עס פאַרדיענען אין איין וואָך און אבורנעס פאַר'ן ווינטער געשטעפּט אויף זייד, און אַ פּאַלטע פאַר'ן זומער און היינט אַ סערדיט אויף דער וואָך און נאָך אַ סערדיט און רעקליך און שלייקעס און מענישקעס, דרייערליי מיני היטלען. ס'נאָך געווען אַ נס, אז איך האָב ביי איהם אָפּגעהאַנדעלט די שליאַפּע, דערפאַר האָב איך געמוזט צו זאָגען צו נייען די גאַנצע הלבשה ביי פיצין, האָמשי ער נעמט צוויי כאָל אזוי פיעל ווי אברהם. אָבער אַז קינדער שפּאַרען זיך איין. האָב איך מיט איהם אַרעד געטון פאַרקעהרט אַז ניט מעהר קיין שליאַפּע, לאָז חאָטש מאַכען אַ זיידענע קאַפּאָטע אויף יום טוב אַדאָ האָב איך אָבער גוט געטראָפען, בין איך אַ רבי'ס אַזוהן? און איך וויים נוט, ווי אַזוי ס'וואָלט איהם אָנגעשטאַנען. איך זאָג אייך אַזא חתן, אַזא שיינעם התן, ווי איך האָב איהם געפיהרט צו דער חופּה האָט מען נאָך ניט געזעהן. אַ מלכות. און די כלה? בעסער פרעגט מיך גאָר ניט. שוין ביי די תנאים האָט זי מיר ניט געפעלען, אָבער דאָבען האָט זי אַכט הונדערט רובעל נדן, און דער מחותן איז אַ בעל יכולת, אַ יוד פון אַ גראַלניע און דער צו אַ קלייט. צו וועמען דען זאָל איך איהם אַריינגעבען?

„מיינט איהר אַז איך האָב יוצא געווען. לייענט זיינע בריוולי'ך: מאַמע, דאָס פעלט מיר נאָך, יענץ קויף מיר נאָך. שיק מיר צוויי האַלז טיכער און נאָך אַ פּאָר שיך, רויטע. בין איך געקומען צו פאַהרען אהין אויף אַ שבת איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. אַז די מאַמע איז ניט דאָ פאַר די אויגען טוט מען אָן די שליאַפּע און איך האָב גערעדט דריי חדשים, ער זאָגט אין בקי טראָגען זיך אַלע אוי

אזא פֿארשאַיטע שטאָדט! און דער שווער איז אויך און האָט ניט קיין דעה ביי זיך אין שטוב. איך האָב אפילו פֿארשטאַנען, אז איהר, דער שניער מיינער איז שווער דער פאַריק אויפ'ן קאָפּ, די יפיפיה, אז זי וואָלט ניט געווען מיין זוהנ'ס ווייב, וואָלט איך זי פֿיינד געהאַט חי׳ אַ שפּין. ער זאָגט איהר לובינע. הארצינו און זי הערט פֿאַר איהם די כפרה. אַ חידוש אזאַ...“

„נעם איך איהם אין אַ זייט און זאָג איהם: זונינו, האָסט די זי ליעב! יאָ, זאָגט ער, מאַמע, און ווערט דערביי רויט, מיינט איהר, איך גלייב איהם. פֿון דעסטוועגען קען איך ניט זאָגען, אז ס'געפֿעלט מיך ניט, אַז איך האָב איהם שוין חתונה געמאַכט און איהם אַוועק בעוואָרענט. מ'היט איהם דאָרט אָב ווי דאָס אויג אין קאָפּ און איהר זאָלט זעהען אַ שטוב, ווי ס'פֿיהרט זיך. וואָס אַרט מיך אָבער? אַז איך האָב איהם אויפֿגעצויגען און אַצינד קלויבען זיי דעם נחת און איך מוז דאָ זיצען און טראַכטען. דעם גאַנצען טאָג טוט מען אין מ'איז פֿארטראָגען, אָבער אַז ס'קומט ביי דער נאַכט און מ'זיצט און מ'האָט ניט וואָס צו טון, נעם איך אַראָפּ די ברילליך און לייען און לייען...“ עס קייקעלט זיך אויף איהר פּנים אַ טרער.



# קונסט און לעבען.

דיא מאָדערנע קונסט, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבען „סעצעסיאָן", איז פאַלש פערשטאַנען פון די לייט, וועלכע מיינען, אַז אינטער סעצעסיאָן איז נור די מאַלעריי און פלאַסטיק געמיינט. די מאָ־דערנע־קונסט איז פריי, און אונבעשרענקט, זי נעמט אַן נייע פאָרמען, בעשטרעבט נייע ציעלען און גרייפט טיעף אין די וואָרצעל פון דעם מאָדערנעם לעבען, אַזוי ווי אין דער בילדענדער־קונסט אַזוי אויך אין דער ארכיטעקטור, אינדוסטריע און געווערבע.

די סעצעסיאָן איז אַ קינד פון דעם מענשען, וועלכער ברעכט אַלעס אַלטע, שווערע ניצלאָזע אין דעם אַלטען געזעלשאַפטליכען לעבען, און זי בויט, וועבט, און שפינט אַ נייעס לעבען...

און דאָס נייע לעבען, וועלכעס הויבט ערשט אָן, בעקומען פאָר־מען, דאס איז די קונסט פון דער צוקונפט. וואו לעבען און קונסט זאָלען זיך פעראייניגען.

שוין יעצט אין דער ערשטער ענטוויקלונגספעריאָדע, זעהן מיר דעם גוואַלדיגען איינפלוס, וואָס די מאָדערנע קונסט האָט געוואונען אויף לעבען.

דאָס פובליקום פערשטעהט שוין יעצט, אַז ניט נור וואָס עס איז דער נאַטור געטריי, דאָס איז קונסט, און אַז ניט דאָס וואָס נאָך אַנדערע געוואָהנהייטען, אָפּגעפּאַסטע קונסט דאָס איז שען.

היינטיגעס פובליקום בעפרייט זיך פון די אַלע פאָראורטיילען, פאַלשער־אַנשויאונג, וועלכע לאַסטען אויף אונזער פּהיזישער, און גייסטיגער אויג.

בעטראַכטענדיג צום ביישפיעל, אזעלכע פרעמדאַרטיגע, ווילד־פאַרביגע לאַנדשאַפּטען ווי פון קונא אמיעט, ווילהעלם לאַנגע, ווערען מיר איבערראשט און געטוישט דעם ערשטען מאָמענט, ניט געפינען צו קענען דאָס, וואָס מיר זענען געוואוהנט צו געפינען מיט אונזערע אַלטעגליכע אויגען.

דאָך אין אַ ווײלע אַרום, װערען אונז קלאָרער, און בעקאַנטער די בילדער, מיר װערען פערזעצט אין אַזעלכע אײנדריקען, און געפיהלען, וואָס מיר האָבען איין מאָל אין לעבען שוין דורכגעלעבט. מיר הייבען אָן פיהלען, ווי מיר וואָלטען קינדער געוועזען, און לעבען דורך אַזעלכע מאָמענטען, ווי מען וואָלט אונז דאָס ערשטע מאָל די נאַטור בעװיזען, ווי קינדער ווען אונזער אויג איז נאָך געווען אונפערדאָרבען, אינבעריהרט פון פאראורטיילע, ווען אונזער אויג איז נאָך יונג־פרייליך, ריין פון פריערדיגע איינדריקע געוועזען, זעהן מיר נאָך איין מאָל מיט ענטציקטע קינדער־אויגען דיזע רויטע בוימער, בלויע לופט, אויס געשאָטען מיט געלבע׳ פייערינגע פלעקען.

מיר ווערען ווידער בערוישט פון דעם קלאַנג פון די פאַרבען, ווייכקייט פון דער לופט, אין דערין ליענט די קראַפט פון דער סעצעסיאָן; אונז ווידער צו געבען נעפיהלע, איינדריקע פערשטעלונגען, און עדשיינונגען, וועלכע מיר עמפפינדען און לעבען דורך, נור איין מאָל, און דער איין מאָל איז אַזוי גרויס און מעכטיג, דאָס פיעלע מענשען בענקען זייער גאַנצען לעבען נאָך איהם. מיר פרובען דאָס אָפט זוכען אין דער נאַטור, און געפינען דאָס ניט, דען די זעעלע ביי דעם מענשען האָט איין אייגענע נאַטור, איין אייגענעס] לעבען. דער פאַר קענען אַזעלכע בילדער ניר פיר דאָס אינערע לעבען פערשטענדליך און ווירקענד זיין.

די פלאַסטיק האָט אויך שוין אויפגעהערט [צו זיין אַ ארט „חוטר ביד היוצר״; היינטיגע בילדהויער זענען אָפט דער „יוצר ביד החומר״. די מאָדערנע פלאַסטיקער, האָבען מעהר הכנעה פיר דעם שטיין, פיר דעם ליים. ר א ד י ן האַלט פאַר אַ זינד לייהם, אָדער שטיין, גאַנץ ריין אויס צו אַרבעטען, אום ניט צו פאַרענדערען דעם נאַטירליכען כאַראַקטער, אום ניט צו טויטען דעם מאַטעריאַל. ער איז אין דיעזען הינזיכט ווי אַ „וועגעטאָריאַנער״ וועלכער האַלט פאַר אַ זינד, צו עסען פלייש פון אַ ווזען וואָס האָט בלוט און לעבען אין זיך געהאַט.

און דורך זיינע רויהע, און דאָך גוואַלדיגע ווערקע, פערבינדעט ער דאָס פובליקום, מיט אַ גאַנץ נייער וועלט, מיט די „דוממים״, ער שאַפט פערמיטלונגס־שפּראַכע צווישען לעבען און טויט. דאָס וואָס די וויסענשאַפט קען נישט ערקלערען און ערפאָרשען פיר דעם מוח, קענען מאַנכע קונסט ווערקע ערקלערען דעם געפיהל. „גאַטעס האַנד־

אָדער „דער דענקער" פֿון ראדין קען מעהר ווירקען אויף דער זעעלע ווי פֿיעלע ביכער און לעהרען. קיינערס „בעטהאָווען" מאָנומענט קען אויף פֿיעלע לייט שטארקער ווירקען, ווי בעטהאָווענס מוזיק אליין, אין מיכעל אַנזשעלאָס צייטען האָבען די פּלאסטיקער גרינדליך די קנאָכען און מוסקעל לעהרע שטודיערט, היינטיגע פּלאַסטיקער אָבער בעשעפֿטיגען זיך מעהר מיט פּסיכילאָגיע, מיט זעעלישע טריעבען.

קלימט'ס ווערק די „פֿהילאָזאָפֿיע" קאָן פֿיר קינסטלער־זעעלען מעהר פֿהילאָזאָפֿישע פֿראגען ערקלערען, אלס די פֿהילאָזאָפֿ'ע זעלבסט.

אין דער ארכיטעקטור, אינדוסטריע און געווערבע זעהען מיר די מאָדערנע־קונסט מיט ריעזיגע שריט פֿארשרייטען.

בעטראכטענדיג די היינטיגע נייע געביידען אין די גרויסע שטעדט פֿערגלייכענד צו די הייזער, וואָס זענען פֿאר 50—30 יאָהר געבויט, זעהען מיר צוויי וועלטען.

א מאָדערנעס הויז, אין איהר איינפֿאַכען, רוהען סטיל, ווירקט אזוי ווייך אויף אונזער געמיטה. דאָס ניט וועלענדיג מוזען מיר זיך פֿרעגען צו וואָס נוצט און פֿיהרט, די אלטע טעכניק, דער אלטער סטיל? צו וואָס לאסטען די אלע שווערע, גרויזאמע זיילען, געזימסען, טורמע און קופּלען אויף די געביידען?

עס שיינט, אז נור שקלאַפֿען־זעעלען, אז נור צוריק געהאַלטענע גייסטער קאָנען בעוואהנען אזעלכע שווערע, דריקענדע קערקערס, אָנשטאָט דיזע אויסערליכע אוננוציגע, שווערהווינגענדע עקען און שפּיצען, צאַצקעס און פֿיגורען פֿון פֿערשיעדענע ערטער און צייטען צונויף געשלעפּטע פֿאָרמען, וואָס ווערען אָנגעבייט אויף אַ געביידע, אנשטאט דיזע אינערליכע דעקאָראציאנען, אויף די ווענד, אויפֿ'ן באלקען און דעם איבערפֿליעסיגען שווערען הויז־מעבעל, — ריכטען זיך איין היינטיגע מענשען פֿיעל פֿרייער אנגענעהמער. אין זייערע וואהנונגען; די מאָדערנע ארכיטעקטור, האָט קיינע בעשטימטע פלענער און סטילען, יעדער בויט, ווי איהם געפֿעלט, ווי איהם איז נוצליך. די סעמעטרי שפּיעלט קיין ראָלע. דרויסען זענען די ווענד איבערנעצויגען מיט א לייכטער, צאַרטער פלאַסטיק, אָדער מאַלעריי און אונטער דיזע איינפֿאַכע, גלאַטע עלעגאַנטע ליניען, שיינט אונז, אז די גע־ביידע, שוועבט, פֿלאטערט צום הימעל, און מיר שפּירען, אזוי ווי דעם

אטהעם פון א לעבענדיגען וועזען אונטער דעם מאטעריאל. אין דער רוהיגער נאכט, גלויבט מען אז אזעלכע געביידען טרוימען, אין דעם רוישענדען טאג — זיי לאכען און זינגען.

אינווענדיג אין הויז, פיהלט מען זיך פריי און פריש פון דער איינפאכער און דאך געשמאקפאלער, צוועקמעסיגער איינריכטונג: קליינע נידעריגע טישען, אנלאקענדע שטולען און בענקלעך, גלאטע קאסטענס נאך געברויך. יעדעס טירעל, קעסטעל צום האנט, ריינע, גלאטע, ליכטיגע, אדער איינטעניג געפארבטע ווענט, אהן געמישטע, אוננוציגע בילדער, פערציערונגען. דא און דארט א בילד אין א רוהיגער צאמטער ראם, דא און דארט א פלאסטישע פריי שטעהענדעס ווערק, וועלכע ווירקען פאטעטיש אויף דער זעלע.

זעהר שטארק ענטוויקעלט זיך אין דער לעצטער צייט די מאדערנע קונסט אויף דער גאס. אויסער דעם, וואס אין די גרעסערע שטעט פערמעהרין זיך די ספאצאוען, ברונענס אין גארטען — פיטרען אין אגרויסען צאהל, ווערט אויך די קונסט געברויכט אלס מיטעל צום צוציעהען דאס פובליקום אין דער געשעפטס וועלט. יעדער ריכטעט זיך איין זיין בעטריעב, זיין געשעפט מיט די מאדערנעסטע קונסט מיטעלן, דאס פובליקום אין שוין רייפער געווארען פיר די קונסט; טויטע בוכשטאבען ווערען ניט בעאבאכטעט, די איינפאכע אלטעגליכע שילד פערשווינדעט פון דער גאס, און אויף איהר פלאטץ קומט פלאסטיק און מאלעריי. פלאקאטען, רעקלאמעס ווערען שוין היינט פון קינסטלער אויסגעפיהרט.

ווען איינער צום ביישפיעל, לאזט זיך מאכען פיר זיינע זייף א פלאקאטע פון א בעריהמטען מאלער, ווי א שעהנע וועשעריין וואשט וועש, נעמט נאך אנאנדערער און לאזט מאכען פיר זיינע זייף, אין זיין אויסשטעלונגס־פענסטער, נאך א שעהנערער ווערק פון א בילדהויער ווי א באבע שטעהט. און וואשט אם א יונגען יונגעל, די באבע מיט איהר צערטליכער ציקאטשעטער צורה, דער אינגעל, מיט זיינע פערמאכטע אויגען, וויינענדען געזיכט. וואס די באבע וואשט, זיינען אזוי פאקענד אויסגעפיהרט, דאס קיינער געהט ניט פארביי, ביז ער בעטראכטעט ניט די פירמע.

ווען איין קליידער פירמע האט א נויטערין ביי דער נעהע מאשין מאלען געלאזען אויף זיין פלאקאט, פערגינט זיך נאך

א גרעסערע פירמע איבער דער גאנצער הויז־פידמע א ריעזיגען רעליעף אויספיהרען פון א בעריהמטען בילדהויער, וואו עס ווערט פארגע־שטעלט דאס אנקומען פין א דאמפשיפער צים האפען, און דאס סוב־ליקום בעוואונדערט, בעטראכטענדיג דעם רעליעף מיט דעם ים, דעם האפען מיט דעם גאנצען קאכען און טרייבען: דאס איינלאדען און אויסלאדען ביים ברעג ים, און אזוי פערברייטעט זיך די קונסט אין לעבען, און דאס לעבען אין דער קינסט. דורך וועלכע דאס פובליקום און די קינסטלער, דאס לעבען און די קונסט ענטוויקלען זיך און ווערען אינהאלטסרייכער, געשמאקפאלער,

אונז יודען קען די מאדערנע קונסט זעהר פיעל ברענגען אין דער צוקונפט. דען קיין פאלק ווי דאס יודישע, איז ניט אזוי רייך מיט אידעען און פאנטאזיען, וועלכע שוועבען און וואנדערען ארום מיט אונז און זוכען א פארעם, א געשטאלט, פארב און שטיין, ערד און הימעל — אין וואס צו געבארען ווערען.

קינסטלער־קרעפטע האבען מיר גענוג. פון די פיעלע וואס מיר ווייסען, און פון פיעלע וואס מיר ווייסען ניט, מיר מוזען נור זייערע קרעפטע בענייערען, שטארקען און די קונסט מעהר אכטען, פער־שטעהן, דאן וועט אונזער ענג, ארעם לעבען, פרייער, און רייכער ווערען.

ווינן, יצחק בריינין.





# איבער אײניגע מאָטיװען אין מעטערלינגס װערק.

---

די מענשהײט האָט זיך שױן לאַנג, זעהר לאַנג, אױסגעלערנט שטעלען די פֿראַגע: „פֿאַר װאָס“? זי האָט זי געשטעלט אַלע מאָל און שטעלט נאָך איצט, װען זי בעגעגענט זיך אין דער נאַטור מיט אַ זעלכע זאַכען, װעלכע זי פֿערשטעהט ניט, װען איהר ענטדעקט זיך ניט דער אָדער יענער סוד אין דער נאַטור.

די מענשהײט האָט זיך זעהר פֿיעל געמאַטערט די סודות פֿון דער נאַטור צו ענטדעקען. אױף יעדעם טריט פֿון דעם גרױסען װעג פֿון דער ציװילאַזאַציאָן האָט זי געפֿרעגט: „פֿאַר װאָס“? און יעדען מאָל האָט זי אַרײנגעלעגט אין די פֿראַגע אַ נײען געדאַנק, און אימער פֿלעגט זי געפֿינען אַנ׳אַנטװאָרט, אָבער אַנ׳אַנטװאָרט װעלכע פֿלעגט שטימען מיט איהר צײט.

דעם שטאַנדפּונקט אין דער גריכישער װעלטאַנשױאונג פֿערנעהמט די „מאירא“ דאָס שיקזאַל. דאָס בײזע שיקזאַל הערשט איבער אַלעס אפילו איבער די פֿרעהליכע געטער, װעלכע װאָהנען אױף דעם אָלימפּ. אפּילו זעװס, דער גרעסטער גריכישער גאָט, איז אױך בײ איהר אין די הענד.

די „מאירא“, דאָס שיקזאַל, איז אונבעגרײפֿליך; קײנער װײס ניט איהרע װעגען, קײנער װײס ניט, װאָס זי טהוט, קײנער פֿערשטעהט זי ניט, דאָס גאַנצע מענשען לעבען און אױך דאָס לעבען פֿון די געטער איז בײ איהר, בײ דער „מאירא“ אין די הענד, און זי שפּיעלט מיט איהם אַקוראַט װי מיט אַ שפּיעלװערק

שרעקליכע אונבעקאַנטע און אונבעוואוסטע נאַטור־קרעפטען רינגלען ארום פון אַלע זייטען דעם מענשען; דער מענש איז געגען זיי ווי אַ שטויב; ער פערליערט זיך אין דעם גרויסען שטורמס־ווינד פון לעבען, וועלכען די שרעקליכע קרעפטען דרעהען... די „מאירא" שיקט דאָס יעדעס אומגליק, וועלכעס טרעפט פּלוצלינג דעם מענשען אָדער דעם נאָט. די „מאירא", דאָס שיקזאַל, צווינגט דעם מענשען אָדער דעם גאָט צו זינדיגען. זי רוקט איהם אונטער די זינד אונבעוואוסט און פּלוצלינג, און דערנאָך משפּט'ן איהם איהרע דיע־נער, וועלכע קומען אָפּט אין דעם געשטאַלט פון דעם טויד אָדער אומגליק. דער מענש איז גאר אין גאַנצען איין אומשולדיגער קרבן און דאָך מוז ער פערניכטעט ווערען אָדער מאַטערן זיך. פאר וואָס? ער ווייס ניט — ער קען מעהר נישט פרעגען, אָבער אַן׳אַנטוואָרט וועט ער ניט בעקומען... „די מאירא" שווייגט... עס איז ניט שווער צו פערשטעהן, אַז די גריכישע „מאירא" איז דאָס בילד פון דעם גאַנצען לעבען, דאָס בילד פון'ם איבער אַלעם הערשענדען צופאלל.

ווען דער גריעכער פלעגט פרעגען ביי דער „מאירא" ווער ביסט דו, איך פערשטעה דיך ניט! פלעגט ער מיט דעם זאגען: איך פער־שטעה ניט דאָס לעבען. ווען דער גריעכער פלעגט זאָגען צו דער „מאירא", פאַר וואָס ביסט די אַזוי גרויזאַם, פאר וואס ביסט דו אזוי שלעכט צו מיר? פלעגט ער מיט דעם זאָגען: איך פערשטעה ניט, צו ליעב וואָס מאַטער איך זיך אויף דער וועלט, איך פערשטעה ניט צו ליעב וואָס מוז איך ליידען צרות... די „מאירא" איז דאָס בילד פון יענע שרעקליכע נאַטור־קרעפטען, וועלכע קוקען אויף דעם מענשען פון אַלע זייטען, קוקען מיט גרויזאַמע און אינדיפערענטישע אויגען, נעהמען צו דעם מענשען פון דער וועלט, ווען ער טראַכט גאָר ניט וועגען טויט, פּלאָגען איהם מיט צרות, ווען ער גלויבט אין זיינע זיכערהייט.

א שרעקליך טרויעריגען איינדרוק מאַכען אויף אונז די טראַג־עדיען פון דעם בעריהמטען גריעכישען דיכטער, פון סאפאקל.

דער דיכטער ווייזט אונז די גרויסע בלינדע מאַכט פון דער „מאירא"; ער ווייזט אונז ווי קליין, ווי מיזעריש איז דער מענש אין פערגלייך מיט די איבער אַלעס הערשענדע קרעפטען פון דער „מאירא", וועלכע היטען דעם מענשען אומעטום, וואו ער זאָל ניט זיין... די גריעכען

האבען געוואוסט פון פעססימיזמוס; זיי איז בעקאנט געוועזען דער אפאָ־ריזם: בעסער וואָלט געוועזען פיר דיר, ווען דו, גליקליכער מענש, וואָלסט גאָר ניט געבוירען געוואָרען. זיי האָבען זיך אָבער ניט איבערגעגעבען איהם, א דאנק דעם לעבעדינען און פרעהליכען טעמפּע־ראמענט זייערען, א דאנק זייער פעהינקייט גרויס פערגניגען צו האָבען פון לעבען און שענהייט, פערגעסען פון אלעס אין דעם עקסטאז וועלכע זיי פלעגען בעקומען, בעאָבאכטענדיג די קינסטליכע שענהייט פון די ווינדערבארע ווערק פון זייערע קינסטלער אָדער זייער נאטור.

מיר יודען האָבען זיך שטענדיג בעשעפטיגט מיט די פראגען: וואָס איז דאָס לעבען, וואָס פיר א זינן, וואָס פיר א צוועק האָט דאָס לעבען, וואָס איז דער טוידט? מיט די פראגען וועלכע וויזען, ווי ארעם, ווי הילפלאָז איז דער מענש אויף דער וועלט, ווי שרעקליך עס דריקט איהם דאָס גאנצע לעבען, דאָס אומבעקאנטע און אומבעוואוסטע לעבען. קהלת איז דאָך א גאנצע פעססימיסטישע פילאָזאָפיע, וועלכע זאָגט אָפפענטליך, אז דאָס לעבען האָט קיין שום זינן ניט.

וואָס איז דער זינן פון לעבען, וואָס איז דער טוידט — די צוויי פראגען שטעלט די מענשהייט איממער און אומעטום. זיי זיינען די נעהענטסטע דעם מענשענס הארצען; זיי פערשטעהט יעדער, מיט זיי מאטערן זיך אלע. דאָס בילד פון טוידט איז דאָס שרעקליכסטע בילד אויף דער וועלט. ווען דער מענש וואָלט שוין אפילו אלעס פער־שטאנען, וואָלט איהם דער טוידט אליין געצווינגען צו בעשאפען גרויסע רעליגיעזע און פילאָזאָפישע סיסטעמען, אין וועלכען ער וואָלט מוזען בעשעפטיגען זיך מיט די פראגע וועגען דעם טוידט.

דער טוידט איז די שרעקליכסטע זאך — ער איז דער סוד פון אלע סודות — ער איז די ערגסטע שטראָף.

ניט וועניגער שרעקליך זעהט אויס דעם מענשען דאָס לעבען. ער פערשטעהט עס ניט. דאָס לעבען איז אזוי נאריש און אזוי גרויזאם; איממער שטערבט דאס לעבען צושלאָגען אלע זיינע פלאנען, צער־שטערען זיינע בעסטע האָפפנונגען. פרובירט צו גלייכען די סומא פון צרות מיט די סומא פון פרייד, וואָס די מענשהייט האָט בעקומען און בעקומט יעדעם מאָמענט אויף דער וועלט — ווי קליין, ווי מיזעריש קליין איז די לעצטע סומא אין פערגלייך מיט דער ערשטער;

וויפיעל צ־ות און פיין איז אַרום דיר, אין ווי וועניג זענען גליקליכע מענשען! וואָס איז דאָס לעבען? צו ליעב וואס מאַטע־ט זיך דער מענש אויף דער וועלט, וואו איז דער זינן פון דעם לעבען? „גיטא קיין זינן" זאָגט שאָפּענהויער — פע־ני־טשע זיך"... די מענשהייט אָבער לעבט — זי מוז לעבען. און זי שטעהט נעבען דעם שרעק־ליכען אָפּגרונד, וועלכער הייסט לעבען און מיט גרויסע טרויעריגקייט און שרעקליכע שמערצען פרעגט זי: לעבען, צו ליעב וואָס ביסט דו מיר געגעבען געוואָרען? ווי זאָל איך דיך פערשטעהען?..."

עס זענען געווען צייטען ווען די מענשהייט האָט געהאַט אַני־אַנטוואָרט אויף די אַלע פראַגען און האָט געלעבט אין דיעזען אופן מעהר אָדער וועניגער רוהיג. עס זענען געווען צייטען, ווען די מענשען האָבען געהאַט א גאָט — ניט א קאָנקרעטען, ניט א קליינעם גאָט נאָר איין אַבסטראַקטען, איין אוניווערסאַלען גאָט; ביי איהם אין שוים האָט זיך דער מענש בעהאַלטען פון די שמערצליכע פראַגען. די רעליגיאָן, וועלכע האָט דעמאָלס געהערשט איבער אַלען, פלעגט ענטפערען אויף די פערפלוכטע פראַגען: שטיל, גאָט וויל עס; אַלעס ליעגט אין גאָט..." נור איינציגע מענשען, די שפּיצען פון דער מענשהייט, פלעגען זיך ניט בעגנוגען מיט דיעזער אַנטוואָרט און פלעגען זיך מאַ־טערען מיט די פראַגען איבער'ן זינן פון לעבען און טויט. — די מיטעלמעס־גע מענשען זענען געווען צו פריעדען מיט דיעזען קרעדא פון דער רעליגיאָן.

אין דעם קאַמפף צווישען די וויסענשאַפט און די רעליגיאָן, האָט א פנים די וויסענשאַפט געזיעגט. זי האָט אַרויס געשטויסען די רעליגיאָן פון דער מענשענס זעעלע, פערשפּרעכענד, אַז זי וועט בע־שאַפען א נייע וועלט־אַנשויאונג, אַז זי וועט אַלס ערקלערען, זי וועט אויף אַלע פערפלוכטע פראַגען ענטפערען ריין לאָגיש אָהן מיסטיק. זי האָט אָבער געליגט, זי האָט זיך אַליין פערבלאָנדזעט אין א לאַבירינט און קען ניט אַרויס געהען... אויף די אַלע פראַגען קען זי ניט ענט־פערען, זי פרעטענדירט שוין איצט ניט. זי זאָגט זיך אָפּ; זי האָט אָבער געטויט דען גאָט ביי דער מענשהייט, זי האָט צו הרג'ט די רעליגיאָן. און ווען א מאָל, אַז די מענשהייט האָט געהאַט איהם רעליגיעזען גאָט, ווען מיט די אַלע פראַגען פלעגען זיך מאַרטערן נור איינציגע, יעצט אבער אַז די מאַסע, דער עולם האָט פערלוירען דעם

גאָט... פיהלען אלע די פראַנען שארפער און שמערצליכער. מ׳קען זיי כמעט ניט איבער טראָגען, אז איהר ווילט הערען, ווי היינטיגער מענש מאטערט זיך מיט דעם, וואָס ער האָט פערלוירען זיין גאָט אויב איהר ווילט הערען די ביינגשאַפט, דעם פיין, וואָס ער האָט יעצט לעזט ביי׳ן פהילאָזאָף ניטשע, אין זיין ווערק „די פריעדליכע וויסענשאַפט..." די קומענדיגע שורות:

אַ משוגע׳נער לויפט אין אין מיט׳ן העלען טאָג מיט אַ לאַטערנע אין די הענד און ביינגט נאָך גאָט.

„וואו איז גאָט? שרייט ער — איך וועל אייך ערצעהלען, וואו": מיר האָבען איהם געטוידט — איהר און איך! מיר אלע האָבען איהם געטוידט! ווי אָבער האָבען מיר דאָס געקאָנט טהון? ווי האָבען מיר געקענט אויסטרינקען דעם ים! ווער האָט אינז געגעבען אזא שוואָם, אז מיר האָבען געקענט אראָפּ רייבען דען גאַנצען האריזאָנט? וואָס האָבען מיר געטהון, ווען מיר האָבען צו ריסען די קייטען, מיט וועלכע די ערד איז געווען צוגעבונדען צו איהר זון? וואהין בעוועגט זי זיך איצט? וואהין בעוועגען מיר זיך זעלבסט? צוריק פון אלע זייטען? אפשר פאלען מיר שטענדיג אָהן אויפהער — צוריק, אויף אַ זייט, ווייטער, אין אלע זייטען איז נאָך פאַרהאַן „אויבען" און „אונטען"? אפשר בלאָנדזען מיר אין אן אונענדליכען „נארנישט"? אפשר אטהעמט אויף אונז די אונענדליכע וויסטע? איז ניט קעלטער געווארען? נעהערט זיך ניט די נאכט? ווערט ניט פינסטערער? מוזז מען דען ניט נאך ביז האלבען טאג אָנצינדען ליכט? הערט איהר דען גאר ניט? הערט ער דען ניט, ווי עס לארמען די קברנים, וועלכע זענען גאָט מקבר? הערט איהר דען ניט דעם ריח פון גאָט וועלכער האָט שוין אבגעהויבען צו פוילען? געטער פאלען דאָך אויך! גאָט איז געשטאָרבען! ער וועט בלייבען אַ געשטארבענער. מיר האבען איהם געהרג׳ט! מיר זענען די גרעסטע גזלנים! וואו וועלען מיר געפינען אַ טרויסט! דאס הייליגסטע און שטארקסטע, וואס איז געווען אויף דער וועלט איז אויסגעגאננען מיט בלוט אונטער אונזער מעסער....." וואס קען זיין שרעקליכער ווי די ביינגשאַפט? אין די ביינגשאַפט פיהלט איצט יעדער, וועלכער דענקט ווענען די אַלע פראגען און האָט ניט קיין רעליגיעזען גאָט. פון וועם ער זאל קענען געפינען

אַנ'אנטוואָרט... וואו איז די אמת'ע אנטווארט — צוליב וואָס זענען מיר געבוירען געוואָרען, וואס פֿאַר אַ זינן האָט דאָס לעבען, וואהין קומען מיר אהין נאָך דעם טוידט? די שטילהייט פֿון קבר איז אַ אַנטוואָרט! — — ....

II.

וואָס איז דאָס לעבען, ווי פֿערשטעהט מען דאָס לעבען, וואס איז דער טוידט, ווי פֿערשטעהט מען איהם? — דאָס איז אלעס אלטע פֿראגען, מיט וועלכע מעטטערלינק מאטערט זיך אין דעם ערשטען פעריאָד פֿון זיינע דיכטונג. די פֿראגע איבער דאס לעבען איז ביי איהם זעהר שטארק צוזאַמענגעבונדען מיט דער פֿראגע איבער דעם טוידט. מעטטערלינק גלויבט, אַז מ'דאַרף מעהר ניט ענטפֿערען אויף איין פֿראגע, און די אַנדערע וועט מען שוין אליין פֿערשטעהן. דער טוידט און דאָס לעבען, אָדער בעסער, דער טוידט און די אונפֿערשטענדיגע אַקטען פֿון לעבען זענען די ערשיינונגען פֿון די זעלבען פֿיסטערע נאטור־קרעפטען, פֿון דעם, וועלכען שיקזאל. דער טויט אָבער איז די רעליעפֿסטע אויך די שרעקליכסטע ערשיינונג פֿון דיעזע פֿינסטערע כחות, און דארום שטעלט זיך אָפּ אויף איהם מעטערלינק. ער פֿיהלט איהם טיעפֿער ווי דאָס לעבען און דארום דאכט זיך איהם, אַז איהם וועט ער גיכער פֿערשטעהן." די אַנטוואָרט אויף די פֿראַגע איבער דעם זינן פֿון לעבען איז "די אויפלעזונג פֿון איהר פֿערניכטונג", זאָגט מעטטערלינק און אין די בעסטע דראמען זיינע בעשעפֿטיגט ער זיך מיט דער פֿראגע וועגען דעם טוידט. אין די דראמען שטעהט ער אויף דעם זעלבען פונקט ווי די גריכען: ער האַלט מיט דער אידעע פֿון דעם "שיקזאל" פֿון דער "מאירא", נאָך מעטטערלינק, אַקוראַט ווי ביי די גריכען, טוהען שרעקליכע פֿינסטערע כוחות ארום רינגלען פֿון אלע זייטען דעם מענשען; דעם "פֿאטום" דאָס הייסט דער צופֿאַל, דריקט דעם מענשען; דער קאַלטער, שטומער, שרעקליכער טוידט היט איהם שטענדיג און נעמט איהם צו פֿון דער וועלט נור דאן, ווען ער האָט גאָר ניט געטראכט וועגען טוידט. דער טוידט איז איבעראל; דער מענש אבער בעמערקט איהם ניט.

אויב די גריכען האָבען איבערהויפט געדענקט וועגען די גרויזאמען אקטען פֿון דעם "שיקזאל" אין לעבען נופֿא

אויב די גריכען האָבען איבערהויפּט געדענקט איבער די הערשונג פון דעם מאירא, וועלכע ערשיינט אין דער פאָרם פון „צופאל" גוּת, אין מענשענס און געטליכענס לעבען — אזוי מאטערט זיך מאטערלינק נור מיט די שטענדינגע און אײנפאכיגע ערשיינונג פון דעם „שיקזאל" אין דעם געשטאלט פון טוידט...

די גרעניץ צווישען אונזער'ן לעבען און יענעזייטיגען נארנישט; די גרעניץ צווישען אונזער שוואַכען קלעגליכען לעבען און שרעקליכען אבגרונד, וואהין דער טוידט ווארפט אריין אלע זיינע קרבנות ציהט איהם צו צוזיך... מעטערלינקען דאכט זיך, אז דאָ אויפ'ן ברעג פון אבגרונד וועט ער ניכער ערקענען דאס שיקזאל, ניכער פערשטעהן דעם סוד פון דער „מאירא"...

מיט א געזיכט פערמאַרטערט פ'ן שרעק הענגט ער זיך ארויס נעבען דעם לעערען אָבגרונד — דער אָבגרונד שרעקט איהם מיט זיין אונבעוואוסטהייט מיט זיינע פינסטערנים... א מורא'דיגע שטילהייט הערשט דאָרט אונטען... נור בשעת פאלען פונ'ם קרבן הערט זיך א קלאַנג, ווי א קרעכץ, דער קלאַנג אָבער איבעררייסענדיג די שטילהייט גור אויף איין מאָמענט, מאכט נאָך שרעקליכער די לעדיגקייט...

דער טוידט! ווי שרעקליך ער איז, מיט א מאָרנעם שמערץ ווילט זיך אויפדעקען זיין סוד...

דאָ רעדט מעטטערלינק זעלבסט איבער זיינע דראמען: „דער הויפּטפּונקט אין מיינע דראַמען איז די פורכט פיר דאס אונבעקאַנטע, וועלכעס רינגעט אונז ארום. דיעזעס אומבעקאַנטעס שיינט אינז אָפט אין דער געשטאלט פון טוידט... דער טוידט איז בלינד, גלייכמוטה'יג און ניט איבערבעטענדיג; ער נעמט צו פון דער וועלט די יונגסטע און די וואָס זענען ווענינער אונגליקליך, ארום איהם זענען שוואַכע פורכטבאַרע, פּאַסיוו־פערקלערטע בעשעפעניסען — און די ווערטער וואָס זיי רעדען אַרויס, און די טרעהרען, וואס זיי פערגיסען, פאלען אריין אין אָבגרונד. און אויף זיין ברעג קומט פאָר א דראַמא... און לאנג וועלען מיר נאָך זיין נישט מעהר ה'י צופעליגע, שוואַכע

ברענענדע פונקען, אָהן א צוועק א וועקנעווארפענע, אין דער מאכט פון דער גלייכגילטיגער נאכט, לאנג, און אפשר עוויג... — ביז וואן א אמת׳ע ענטדעקונג אין דער וויסענשאפט וועט ניט געבען צו פערשטעהען די סודות פון דער נאטור, אָדער ביז וואן צו אונז וועט ניט קומען א ענטדעקונג פון אן אנדער וועלט. צום ביישפיעל א פעריקעהר מיט אנ׳עלטערע, און ווייטער אלס מיר, אוועקגעגאנגענע איבער דעם וועג פון וויססענשאפט פלאנעטע, וועט ניט ערקלערען די געבורט און דעם צוועק פון דעם לעבען...״ צו דיעזע דראמען געהערען: „די בלינדע״, „דער טוידט קומט״ (1898), „זיעבען פרינצעסען״ (1889), „פעללעאס און ווערליזאנד״ „אללאדינא און פעללאמיד״ irterieur און „טענטאזילס טוידט״. נאָר די טיעפסטע איז די: „דער טוידט קומט״. זעהר דינן, מ׳קען זאָגען שמערצליך דינן, איז אויסגעשפראָכען אין איהר דאָס געפיהל פון טוידט; דער לעזער פיהלט, ווי דער טוידט נעהענט, ער הערט כמעט זיין אָטהעם; קלייניגקייטען צופאלען, בילדען די פינסטערע, שרעקליך פינסטערע פיגור פון דעם טוידט אזוי רעליעף, אז א מאָדנע פורכט נעמט דיך ארום; און דו פיהלסט, ווי קליין און ניכטיג דו ביסט נעגען די גרויזאמע כחות פון דעם שיקזאל, וועלכע טהון זייער זאך זעלבסטשטענדיג, נאָך זייערען אייגענעם וויללען. אין דיעזער דראמע וועט איהר ניט געפינען גאנצע ריכטיג געבילדעטע כאראקטערען אָדער פסיכאָלאָגיע פון טיעפען. אין איהר איז נור די ריינע שטימונג. דאכט זיך, אז אין דער דראמע האט די שטימונג־דראמא עררייכט איהר קולמינאציאָנס פונקט.

עס קומט פאָר אין אונזער צייט. א בלינדער זיידע, א פאָטער, א פעטער און דריי טעכטער זיצען שפעט ביי דער נאכט אין צימער נעבען טיש.

עס ברענט דער לאָמפ. אין דעם נעכסטען צומער ליעגט א פרוי, וועלכע האָט נאָר וואָס געבוירען א קינד. איהר לאגע איז שוין ניט געפעהרליך, אלע ווילען זיך בערוהיגען! מעהר נישט דער בלינדער זיידע איז עפעס אונרוהיג, ער פיהלט דאָס, וואָס א זעהענדיגער קען ניט פערשטעהן.

„אז אין שטוב איז א חולה״ זאָגט דער פעטער, דאכט זיך אז דאָ אין הויזגעזינד געפינט זיך עמיצער א פרעמדער״. און דער

בלינדער זיידע פיהלט מעהר ווי אַלע, דעם פרעמדען... מען וואַרט אויף דער שוועסטער — זי איז ערגעץ אַוועקגעגאַנגען; זי קומט ניט; עס ווערען אָבער אַלס מעהר סמנים, דאָס עמיצער געהערט, נעהערט זיך. אָט איז דאַכט זיך עמיצער אין גאַ־טען אריין... די שוואַנען האָבען זיך דערשראָקען, די הינד אָבער בילען ניט! קיינער ניטאָ... אָבער די נאַכטיגאַלען האָבען אויפגעהערט צו זינגען; אַרום איז שטיל; ס'הערט זיך אַ מאַכנער קלאַנג, אַ קוראַט ווי עמיצער שאַרפט אָן א קאָסע, אפשר שניידט איצט דער גערטנער — ביי דער נאַכט אָבער? דער לאָמפ ברענט שוואַך, חאָטש עס איז גענוג נאַפט; עס הערען זיך טריט, דאָס געהט אריין דאָס הויזמיידעל; עס הערען זיך אָבער נאָך טריט, חאָטש עס איז קיינער ניטאָ. עס האָט אַ סקריפ געטון די טיר — קיינער האָט זי ניט גערירט, דער בלינדער זיידע הערט עמיצענס פליסטערן — קיינער ניט; איהם דאַכט זיך, אַז עמיצער איז אריין געגאַנגען, אַז עמיצער זיצט געבען טיש; די זעהענדיגע אָבער זעהען קיינעם ניט, זיי ווילען בערוהיגען דעם קראַנקען אלטען; דער שרעק וואַקסט אַלס מעהר און מעהר. צום סוף שלאָגט זיך דורך אין פענסטער אַ גאַנצער פוק ליכט פון דער לבנה און שפרייט פונאַנדער דאָ און דאָרט אַ מאָדנע בעלייכטונג. עס שלאָגט האַלבע נאַכט; ביי דעם לעצטען קלאַפ קומט פאָר אַן־אומפערשטענדליכער לאַרם, אַקוראַט ווי עמיצער שטעהט אויף אינווענדיג. דער זיידע ציטערט פאַר שרעק. אַלע אָבער זיצען... דאָס זעהען די זעהענדיגע... אין דעם קינדס צימער דערהערט זיך מיט אַמאָל אַ געשריי פון שרעק, פון דעם חולה'ס צימער געהט אַרויס די „מאַנאַשקע" און צלמ'ענדיג זיך, זאָגט זי אָן, אַז זי איז געשטאָרבען...

די זעהענדיגע האָבען די גאַנצע צייט נאָר נישט געפיהלט און קיינעם ניט געזעהן; זיי האָבען שוין געוואָלט בערוהיגען זיך. זיי זענען די בלינדע: זיי האָבען ניט געוואוסט, אַז דער טויט גנב'ט זיך אריין, אַז ער איז שוין נאָהענט, אַז ער איז שוין דאָ, אַז ער שאַרפט שוין זיין שווערד, אַז ער נעמט שוין צו זיין קרבן... אָ, ווי הילפלאָז, ווי ניכטיג איז דאָס לעבען פיר דעם זעהענדיגען, ווי קלעגליך איז עס! נאָר דער קראַנקער זיידע אַליין און אפשר נאָך דער ערשט געבוירענער האָבען אוממרוהיג געפיהלט דאָס זיין פון דעם אומבעוואוסטען.— דער קראַנקער זיידע, וועלכער שטעהט אויף ן ברעג

פון קבר, און דאָס ערשט געבוירענעס קינד, וועלכעס שטעהט אויפ'ן ברעג פון לעבען, זענען אפשר ביידע נעהענטער צו דעם סוד פון לעבען, אָדער, עס איז דאָס זעלבע, צו דעם סוד פון טויט... אפשר... זענען די געבוירט און דער טויט צוויי פאָרמען פון דעם זעלבען אומבעוואוסטען......

אין דיזער דראמא און אויך אין די איבעריגע וואו ער בעשעפטיגט זיך מיט דער זעלבער פראגע, בעווייזט אונז מעטערלינק דעם טויט, דעקט איהם אָפ, צווינגט אונז איהם צו פיהלען, אָבער ערקלערט איהם ניט: די זעלבע פינסטערניש, ווי פריהער — ער האָט נאָך א פנים אליין ניט פערשטאנען דעם שמערצליכען סוד פון זיינע אָנשויאונגען. דער פאטום איז ביי איהם, אקוראט ווי ביי די גריעכען, אונבעוואוסט און אונבעגרייפליך. מעהר, ווי בעווייזען זיינע אקטען, אָדער דאָס זיין אומעטום ארום דער מענשען אין דער געשטאלט פון טויט — מעהר קען מעטערלינק גאָר נישט טהון.

מעטערלינק פיהלט, אז ס׳ איז פיר איהם כמעט אונמעגליך צו ענטדעקען דעם סוד פון דעם ניט זיין: ער בעגניגט זיך מיט דעם וואָס עס צווינגט אונז דעם סוד צו פיהלען, וואָס ער מאכט איהם דייטליכער....

מיר וועלען זיך איצט ניט אָפשטעלען אויף די איבעריגע פיעסען זיינע, אין וועלכען דער לייט-מאטיף איז דערזעלבער — דער שרעק פיר דעם טויט. אין וועלכען ער שטעלט די זעלבע פראגע: די פראגע וועגען טויט. מיר וועלען איצט איבער געהן צו די פיעסען, וואו ער בעשעפטיגט זיך איבער הויפט מיט דער פראגע איבער דעם זין פון לעבען, אָדער וואו ער בעווייזט, אז דער בלייכער טאָג איז נאָך שרעקליכער, אלס די פינסטערע נאכט...

מעטערלינק האָט געזאָגט: די איינציגע ענטוואָרט אויף דער פראגע איבער דעם זין פון לעבען איז די אויפלעזונג פון זיין פערניכטונג, מיט דעם האָט ער אונז געגעבען צו פערשטעהן, וואָרום שטעלט ער זיך אָפ אזוי פיעל אויף דער פראבלעם פון טויט.

מיט דעם זעלבען רעכט האָט מעטערלינק געקענט זאָגען פערקעהרט: די זעלבע ענטוואָרט אויף דער פראבלעם פון טויט איז די ערקלערונג דעם סוד פון לעבען. מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, אז פיר מעטערלינק איז דער טויט ניט מעהר ווי איין זעהר שארפע

ערשיינונג פון די פינסטערע נאַטור קרעפטען (סטיחיען), וועלכע רינגלען ארום דעם מענשען, אז די זעלבע „סטיחיען" מאַכען אונגליקליך און אונפערשטענדליך דאָס גאַנצע מענשענס לעבען. דער טויט און די אונפערשטענדליכע אקטען אין לעבען זענען די ערשיינונגען פון די זעלבע סטיחיען פון דעם זעלבען „שיקזאַל". די ביידע פראַגען: איבערן טויט און איבערן זינן פון לעבען, זענען נור איין פראַגע. דאָס איז דער זעלבער סוד, נאָר אין צוויי פאָרמען, דאָס איז דאָס זעלבע אומבעוואוסטעס, וועלכעס בעווייזט זיך אין צוויי געשטאַלטען: אין דעם געשטאַלט פון טויד און אין דעם געשטאַלט פון לעבען. אַקוראַט ווי א מענש, וואָס לערנט די אָדער יענע זאַך, געהט צו צו איהר פון אלע זייטען און פרובירט, כדי צו פערשטעהן זי פאָלקאָם, אזוי טוהט מעטערלינק אויך — ער געהט צו צו זיין נעליעבטסטען סוד פון דער זייט פון דעם טוידט און פון דער זייט פון דעם לעבען. אמאָל דאכט זיך איהם, אז פערשטעהענדיג דעם פינאַל פון דער דראַמע, וועט ער פערשטעהן זי אין א גאַנצען, און א מאָל דאכט זיך איהם פערקעהרט: פערשטעהענדיג די גאַנצע דראַמע, וועט ער פערשטעהן דעם פינאַל. מעטערלינק האָט זעהר געוואָלט צו פערשטעהן דעם סוד פון דעם „שיקזאַל" איז ער צו געגאַנגען אין אָנפאַנג צו דעם סוד פון טוידט; ער האָט זיך געמאַטערט איהם צו ענטדעקען, בעשעפטיגט זיך מיט איהם אין זעהר פיעל פיעסען; און ווייל דאָס האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען, איז ער צוגעגאַנגען צו דעם זעלבען סוד פון דער אַנדער זייט, פון דער זייט פון דעם לעבען. מעטערלינק שניידט פאַרנאַנדער דעם מענשענס לעבען, קוקט אריין אינווענדיג, קוקט אריין שטעהענדיג פון דער זייט; דערזעהענדיג וואָס דאָרטען טהוט זיך, ערשטאַרט ער פון שרעק...

מעטערלינקס דראַמען זענען איבער הויפט שטימונגס־דראַמען; זיינע העלדען טוהען כמעט גאָר גישט. מעטערלינק רעאַגירט זעהר אויף די שטומע דראַמא פון דעם גאָר נישט וויסענדיגען מענשען — זיי וויסען ניט, וואָס טוט זיך דאָרט, הינטער זיי. דאָס אונגליק עקסיסטירט ביי מעטערלינק ווי זעלבסשטענדיג: דער מענש קען זיך ניט ארויס דרעהען פון זיינע דארע הענר. אָפט מאָל קומט פאָר, אז דאָס אונגליק האָט זיך שוין געטראָפען, נאָר דער מענש איז נאָך רוהיג — ווייל עפּעס זעהר דינעס, איך וואָלט זאָגען, די אונדורכ־

זיכטיגע לעערע, טהיילט זיי פֿאַרנאַנדער און ער האָט נאָך ניט בעמערקט עס. דאָס אונגליק האָט זיך שוין געטראָפֿען, דעם מענשענס לעבען איז שוין קאַליע געוואָרען; נאָר דאָס אונגליק איז נאָך ניט דערגאַנגען ביז איהם — פֿינסטערע, זעהר פֿינסטערע שטראהלען דאַרפֿען אויך האָבען צייט, אין וועלכע זיי מוזען דורכגעהן זייער וועג...

פֿון וואַן קומט דאָס אונגליק, ווער טרייבט דעם מענשען, ווער פֿטריט דעם מענשענס לעבען? ווייטער יענע סטיחיען, ווייטער יענע פֿינסטערע כחות. זיי מאַכען דאָס ליכטיגע, דאַכט זיך, לעבען שוואַרצער ווי דער טויט. יא, פֿיר מעטערלינק איז דאס בלייבע ליכט פֿון דעם טאָג ניט ווייניגער שרעקליך, ווי די גראָבע פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט. ריכטיגער וועט זיין, ווען מיר וועלען זאָגען, אז ביי מעטערלינק איז ניטאָ קיין טאָג — ביי איהם איז אימער נאַכט: אומעטום זעהט ער נאָר בלינדהייט און פֿערבאָרגענעס. וואָס קען טהון א מענש, וואָס בעדייטען זיינע פֿאָרזיכטען: אָ! ווי מיזעריש זיי זעען אין דעם פֿערגלייך מיט דעם פֿאַטום, וועלכער פֿערניכטעט אַלעס, וועלכער דריקט דעם מענשען אין דער פֿאָרם פֿון דעם אונגעריכטען צופֿאַל.

אין דער דראַמאָ Interieur וועט דער לעזער קלאָר פֿיהלען, ווי מעטערלינק מאַטערט זיך מיט דער פֿ־אַגע איבער דעם זינן, אָדער ריכטיגער, איבער דעם אומזינן פֿון דעם מענשענס לעבען. איך וועל דאָ ניט ערצעהלען דעם אינהאַלט פֿון דער דראמע: איך גלויב, אַז דער לעזער וועט דורך לעזען זי פֿריהער, אלס ער וועט צוטרעטען צו מיין קריטיק איבער מעטערלינק. איך וועל נאָר ציטירען די ערטער אין וועלכע מעטערלינק האָט אויסגעדריקט זיינע געדאנקען מעהר רעליעף.

די דראמאָ קומט פֿאָר אין צוויי ערטער: אין שטוב און אין גאָרטען. אין שטוב זיצט אַ גאַנצע הויזגעזינד אַ־ום טיש נעבען לאָמפּ; זי זיצט רוהיג ווי אַלע מאָל — זי האָט פֿערשפּאַרט די טיר און די פֿענסטער, זי האָט געמאַכט אַלע פֿאָרזיכטען; זי גלויבט דאַרום, אז מיט איהר קען זיך גאר נישט טרעפֿען. דאָס אומגליק אָבער האָט זיך שוין געטראָפֿען דאָרט... וויט פֿון זיי... געגען זייער ווילען. דאָס אומגליק האָט שוין צובראכען דאָס גאַנצעס לעבען זייערס; די געליעבטע

טאַכטער איז דערטרונקען געוואָרען. דער אַלטער און דער פרעמדער, וועלכע האָבען געבראַכט די אומגליקליכע נאַכריכט, ווענען ערשטאַרט געוואָרען אין שרעק, זעהענדיג די מענשענס קלעגליכע אונוויסענהייט און הילפלאָזינקייט. דער מענש דערוויסט זיך שפּעטער, פון דעם אומגליק, ערשט דאַן אַז ער קען שוין ניט העלפען, אַז די „מאירא", דער פּאַטום האָט שוין אָפּגעטהון זייער זאַך. דער אַלטער האָט דאָס איצט צום ערש־טען מאָל פערשטאַנען. ער פּראָטעסטירט ניט געגען דעם — ער פערשטעהט, אַז אַ פּראָטעסט וועט דאָ גאָר נישט העלפען; און מיט אַ שטילען שמערץ קאָנסטאַטירט ער מעהר נישט די אונוויסענהייט פון דעם מענשען, די הילפלאָזינקייט זיינע. „זי האָט אַ פּנים געוואָלט עפּעס פרעגען ביי מיר" — דערצעהלט ער דעם פרעמדען וועגען דער געשטאָרבענער — נאָר זי „האָט ניט געוואַגט און איז גיך אַפּגעטראָטען פון מיר... יאָ, איצט קלער איך דאָס איבער, דאַמאָלס אָבער האָב איך גאָר נישט בעמערקט..." און ווייטער: „מען ווייס ניט... און וואָס קען אַ מענש וויסען!... אפשר איז זי געווען איינע פון די, וועלכע ווילען ניט רעדען, און ביי יעדען פון אונז איז פאַראַן ניט איינע נאָר עטליכע סבות צו טוידטען זיך. אין אַ פרעמדען הערץ איז ניט אַזוי ליכטיג, ווי אין דיזען צימער... מיט אַ שמייכעל ריידען זיי וועגען אַראָפּגעפאַלענע בלעטער און וויינען אין דער פינסטערניש... און אַ מלאך וואָלט אויך ניט דערזעהען דאָס, וואָס מען דאַרף זעהען. אַ מענש אָבער הויבט אָן צו פער־שטעהען נור דאַן, אַז עס האָט זיך שוין געטראָפען מיר דאַכט זיך, אַז איך אַליין זעה נור היינט צום ערשטען מאָל... מען מוז עפּעס צוגעבען צו דעם געוועהנליכען לעבען, כדי צו פערשטעהן עס..." יאָ, מען מוז עפּעס צוגעבען, מען מוז זיך דערוויסען אַ וועלכען עס איז סוד, מען מוז אַ קוק טהון אויף די בעשעפעניסען, וועלכען עס האָט געטראָפען דאָס אומ־גליק, מען מוז אַ קוק טהון איף זייערע גאַנצע אונוויסענהייט, און דאַן וועט איר עפּעס אָנהייבען צו פערשטעהן—איהר וועט פערשטעהן דעם גאַנצען שרעק פון אונזערען לעבען. פון אונזערענס אומגליקליכען זינגלאָזיגען, אונפערשטענדליכען לעבען. איהר וועט זיך דערשרעקען פיר אונזער הילפלאָזינקייט, פיר אונזער ניכטיגקייט. וואָס קען זיין קלעגליכער ווי די לאַגע, אַז אימער הענגט איבער אונז דאַמאָקלעס

שווערד, אַז אימער היטען אונז פון אַלע זייטען בלינדע כחות, וועלכע דריקען אונז אין דער פאָרם פון דעם צופאַל.

„זיי גלויבען אין זייערע אונגעפעהרליכקייט" — זאָגט דער אַלטער — „זיי האָבען פערשפּאַרט די טירען... זיי האָבען פערשטאַרקט די ווענד פון דעם אַלטען הויז... זיי האָבען פערריגעלט די דריי דעמבענע טירען... זיי האָבען געטהון אַלס, וואָס אַ מענש קען טהון..." וואָס פיר אַ שרעקליכע איראָניע איז אין די ווערטער! אַ שרעקליכע איראָניע איבער זיין קלענליכעס און ניכטיגעס לעבען. עס ווילט זיך אַ געשריי טהון פון שמערצען: אָ, דאָס לעבען, איך פערשטעה דיך ניט, ווי שרעקליך דו ביסט אין גאַנצען! ווי קלענליך דו ביסט, מיין לעבען! „אַרעמע שוועסטער" — זאָגט דער אַלטער — זיי מעגען קוקען הונדערט טויזענד יאָהר — זיי וועלען גאָר נישט זעהען... די נאַכט איז צו פינסטער, זיי קוקען אַ הער. און דאָס אומגליק נעהערט זיך פון דער אַנדערער זייט. אין נעהערט זיך דאָס אומגליק בלינד, נאָך זיין אייגענעם ווילען, אָדער ריכטיגער, נאָך דעם „שיקזאַלס" ווילען איבער זיין אייגענעם וועג. דער אַלטער זאָגט וועגען דעם עולם: „זיי וועלען קומען. איך זעה זיי שוין... זיי נעהערן זיך מיט יעדען טריט און דאָס אומגליק וואַקסט שוין מעהר ווי צוויי שטונדען. קיינער קען איהם ניט שטערען צו וואַקסען, און די וועלכע טראָגען עס, קענען עס ניט אָפּשטעלען... דאָס אומגליק הערשט איבער זיי, און זיי מוזען איהם דיענען... ביי איהם איז זיין אייגענער צוועק, און עס געהט מיט זיין אייגענעם וועג... דאָס אומגליק איז ניט מיד, ביי איהם איז נור איין געדאַנק... זיי מוזען איהם אָפּגעבען. איהרע קרעפטען... זיי זענען פול מיט לייד, נאָר זיי מוזען אָבער געהען ווייטער..." דער אַלטער האָט אַ פּנים איצט דעם ערשטען מאָל פערשטאַנען די פינסטערניש פון דעם העלען טאָג, און האָט אָנגעהויבען צו פיהלען די דונקעלהייט פון דעם לעבען, וועלכעס איז דאַכט זיך, אַזוי קלאָר און פערשטענדליך. פיר איהם האָט זיך אויפגעעפענט איין אָפּגרונד, ניט דער, וואו עס פאַלען די קרבנות פון דעם טויט — פיר איהם האָט זיך אויפגעעפענט אַן אָפּגרונד דאָ אין לעבען גופא, דאָ, וואו עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלס קען מען פערשטעהען, פאָרזעהען און ניט דערלאָזען. „מיר איז שוין באַלד 83 יאָהר, און

איינס צום ערשטען מאָל האָב איך מיך דערשראָקען פאר דאָס לעבען"... ניט דער טויט איז שיין שרעקליך, נאָר דאָס לעבען: דאָס געוואהנליכעס טעגליכעס לעבען. דאָס געדריקטעס לעבען איז פינסטער, בלינד, עס איז אין גאַנצען אין דער מאַכט פון דעם צופאל, וועלכער קוקט און היט פון אלע זייטען.

דער העלער טאָג! דאַכט זיך, אז ער איז אין גאַנצען דורכזיכטיג און פערשטענדליך; אין אמת'ן איז ער שרעקליכער, זינלאָזיגער, ווי די פינסטערע נאַכט פון דעם טויט.

דער „פאטום" הערשט אויך דאָ, אין לעבען: ער בעהאלט זיך אין די שרעקליכע כחות פון דער נאַטור, וועלכע שיקען אראָפּ דאָס אומגליק פלוצלינג, וועלכע מאַכען דעם מענשען שרעקליך פאסיוו, וועלכע דריקען איהם און ברעכען זיין גאַנצעס לעבען...

מעטערלינק קוקט זיך צו צו דעם „פאַטום'ס" אַקטען, ער געפונט אין זיי קיין שום זינן ניט. ער מאַטערט זיך, ער פרעגט, ער זיכט — אָבער ענטדעקט ניט.

לעזענדיג די דראמען פון מעטערלינק, פיהלען מיר שאַרפער און שמערצליכער די אלע פראַגען, וועלכע מיר, בעוואוסט אדער אומבעוואוסט, פערשטאָפּען טיעף דאָרט אין הערצען. די פראַגען שווימען ארויס אויבען, מיר דרינגען אריין אין אלע זייערע בעהאלטענע ערטער און... מעהר נאַרנישט. קיין אַנטוואָרט האָבען מיר ניט, ווי עס האָט ניט געהאַט די מענשהייט ביז איצט. „ערקענען די גרענצען פון דעם מענשענס לעבען" — דאָס איז אלס, וואָס דער מענש קען דערווּיסען אויף דער וועלט" זאָגט אליין מעטערלינק אין זיין: „דאָס לעבען פון די בינען".

* * *

וואו געפינט מען א בערוהיגונג פון די שרעקליכע שמערצליכע פראַגען?

מעטערלינק גיעט זיינע אייגענע סיביעקטיווע אַנטוואָרט אין דעם צווייטען פעריאָד פון זיין דיכטונג; נאָר איבער דעם וועלען מיר ריידען א צווייטען מאָל.

א.—ז.



# פערדישע פילזאפיע.

פון

הערמאן הייערמאנס.

---

איך בין א טראמוויי־פערד.

איך בין א טראמוויי־פערד פון אמסטערדאם.

מען האט מיך דערפאר גראטולירט. מען זאגט, אז מיר, אמסטער־דאמער, האבען אויף׳ן ריקען מעהר פלייש, ווי אונזערע קאמעראדען אין ראטערדאם.

איך קען דאס נישט אבלייקענען — איך ווייס נישט.

איך קען נור איין הויז. דארטען בין איך געבוירען געווארען, די מאמע מיינע האט מיך ליעב געהאט; דעם טאטען האב איך נישט געקאנט.

מען זאגט, אז דאס זעלבע טרעפט זיך אויך ביי מענשען.

וועגען דער וועלט ווייס איך ווייניג.

איך קען נור די נאמען דאס, פאלייכטראאט, כפיאסטראאט, וויצעלסטראט, אמסטעלדיק און מיין שטאל.

מען זאגט ס׳איז פערהאנען עפּיס מעהר אויף דער וועלט.

עס קאן זיין, איך ווייס נישט.

איך קאן מיין שטאל, אמסטעלדיק, וויצעלסטראט, ספיאיסטראאט פאלעיסטראאט און דאם.

איך קען דעם וועג צווישען צוויי אייזענע שינעס, דורך וועלכען איך לויף.

אין דער יוגענד האב איך געגלויבט אין איינצעלהייט פון גלאטינע קיזעל־שטיינער.

עס איז געווען א נארישקייט פון מיין זייט, איין אבערגלויבען. ווער

עס ווערט געבוירען א טראמוויי־פערד, דער דארף זיך נישט ברעכען דעם קאפ איבער פרייע נאסען וועגען.

עס איז דא א געריכט'גקייט, עס איז דא א בייטש און עס איז דא א מזל.

אבער נישט קיין פראסט מזל, נאר איין ריכטיג מזל, דורך וועלכען איינער טאנצט אין צירק, דער צווייטער איז איינגעשפאנט אין טייערע מלבושים דער דריטער שלעפט שווערע משאות, דער פירטער לויפט ארום אין דער מיהל, דער פינפטער פאשעט זיך גאנץ גוט, דער זעקסטער ארבייט אין די פינסטערע ערד־גראבען, דער זיבעטער..... א דאגה וואו מען ועהט פערד?

איך בין א טראמוויי־פערד. מיין אויפגאבע איז צו לויפען צווישען צוויי שטיקער אייזערנע שינעס און די פרעס קומט זיך זעלבסט.

עס איז שוין אוועק די צייט, ווען איך האב געטאפעט מיט די פיס. איך האב זיך ערקינדיגט, אז עס וועט מיר נישט צו ניצט קומען.

אייזען איז הארט.

דורך דעם בין איך געווארען א פיליזאף.

איך לויף אזוי לאנג, ווי נאר איך קאן. פאר דעם „קיילער" האב איך נישט קיין מורא.

דאס מזל קאן מען נישט איבערטווישען.

דאס מזל האט אזוי געוואלט.

אפילו דער געדאנק — ווען איך וואלט געוועסען אויף'ן קאוויעל און דער פורמאן וואלט געצווינגען דעם וואגען — אפילו דיעזער געדאנק וואלט נאר איין פיליזאפישען שמייכעל פון מיר געקאנט ארוים קריגען.

יעדעם פערשטענדליכעס אינדיווידום וועט זיין מיט מיר גאנץ איינ־שטימיג, אז עס איז מעהר יחוס, ארבייטענדיג אויף ברויט, צו שלעפען יענעם, ווי צו זיין זעלבסט געשלעפט. און פאר דעם פורמאן קען בשום אופן נישט זיין אנגענעהם, ווען איך וויז איהם מיין אינטערשטע טהייל פון קערפער.

דאס איז מיין שטילע ראכע.

זים איז די ראכע, האטש עס געהערט נישט צו די פיינסטע גע־דאנקען פון א פיליזאף.

איך בין א טראמוויי־פערד, איך שלעפ שוין פון יאהרען לאנג.

הי באלד דער קאנדוקטור קלינגט איין מאל, שטעל איך זיך

איך האָב זיך צו געוואוינט צום לעבען. מען דארף מיך נישט קערע־נען. איך ווייס נאָר דאָס, אז איך מוז לויפען.

דאָס לעבען איז נאָך נישט אזוי שלעכט, ווי באלד מען לויפט זיך רוהיג פון דאס דורך פאלעיםטראאט, וויצעלסטראט נאָך אמםטעלדיק און צוריק. די פרעס איז פערטיג, די בייטש רוהט, אלעס געהט זיך זעלבסט.

איך בין איין געניטער טראמוויי־פערד. איך האָב געהאט א חבר׳טאָרן, וועלכע האָט געלעזען נישטעם ווערק.

שטענדיג איז זי בייז געווען, געטופעט מיט די פיס.

אין א געוויסען טאָג האָט זי זיך אויסגעגליטשט אויף׳ן אכפאלט גענעניבער דעם מקלאד פון פערדישע מלבושים און האָט צו בראָכען א פיס,

האָט מען זי געשאָסען.

מענשען קערפער באלמאווירט מען אָפּט, פון איהר האָט מען גע־מאַכט א ביפשטיק און קעלבאָסען.

נאָך וואָס טויג מיר דאָס בינטעווען זיך נעגען די היינטיגע אָרדנונג? אז איך זעה ערגיץ וואו הענגען א קעלבאסע, לויף איך מיר ווייטער רוהיג פון דאָס נאָך אמסטעלדיק, פון אמסטעלדיק נאָך דאָס. מיין פאָשע שטעהט פערטיג, מיין שטאָל איז וואָרעם...

איבערזעצט נ. קאקעט.





# צו וואס ניצט עס?

(אויס׳ן דייטשען).

פון עללען קיי.

---

עס זענען פאראן א פּאָר ווערטער, וועלכע ווירקען אין דעם מענשליכען לעבען דאָס זעלבע, ווי דער שטעל ווירקט אין דער נאַטור. דיזע ווערטער זענען: צו וואָס ניצט עס?

דורך די פיער ווערטער זענען שוין צו־גרונד געגאַנגען אונצעהליגע לעבענסווערטען. נישט נור די לעבענסמעגליכקייטען פון דעם אינדיווידים זענען דורך די פּאָר ווערטער צו נישט געוואָרען, עס זענען אויך פערלוירען געגאַנגען ווערטען, דורך וועלכע דער אינדיווידום בעקומט א בעדייטונג פאר די געזעלשאַפט, למשל: דאָס געפיהל פאר גע־רעכטיגקייט, דער ווילען צו אָפּפער, די לוסט צו גרויסע טהאַטען, און דער טריעב צום איבערנייערן.

איין דור נאָך דעם אַנדערן ווערט געבוירען מיט דעם מוט צו וואַגען, אָבער איידער נאָך די געגעראַציע געהט איבער די קינדער־יאָהרען, ווידערהאָלט זי שוין די פיער ווערטער: „צו וואָס ניצט עס?"

וואָרום אומעטום איז מען איהר מבטיח: אַז מען קען נישט שווימען נענען דעם שטראָם, אַז קיינער איז נישט מחיב אויף דעם ווינד צו זעען, און אַז קיינער איז נישט מחויב זיין קוואַל אויסשעפען, טראָגענדיג דאָס וואסער אין אַ זיפּ. אַזוי אָהן איין אויסזיכט שטעלען זיך פֿאָר די פֿאָרדערונגען פֿאַר געזעלשאַפֿטליכען גערעכטיגקייט, און דאָס בעמיהען זיך צו אַ נייעם באַשאַפֿען, אַ יעדערה. וועלכער זעהט נור די נעגענוואַרט.

אָבער דער, וואָס זיין בליק נעהמט אַרום אויך די פֿערגאַנגענ־הייט און די צוקונפֿט, ווייסט, אַז גאָר נישט איז זיכערער, אלס די אגדערע פֿאָר ווערטער, נעמליך:

אלעם נוצט צו עפּיס.

וואָרום אַלעס דיענט דעם לעבען, אָדער דעם טויט, דער ענט־וויקלונג, אָדער דעם ריקשריט.

מען מוז נאָר אַ ביסעל נאַכדענקען, כדי צו זעהן, ווי אונצעהע־ליגע, אַצינד שוין אויסגעקלונגענע ווערטער, אונצעהליגע פֿערגעסענע מיהען, אונצעהליגע, אַצינד איבערגאַנדערשטע געפֿיהלען און בעגריפֿען, האָבען דאָס אַלעס געשאַפֿען, וואָס מיר רופֿען היינט זיטליכער אָרד־נונג און געזעלשאַפֿטליכען רעכט־צושטאַנד. זעהענדיג דאָס, מוזען מיר באַלד איינזעהען, אַז מיר בויען אַצינד דאָס לאַנד פֿאַר די צוקונפֿט. נור ווען מיר פֿערליערען קיינמאָל נישט דעם צוועק פֿון דער צוקונפֿט פֿון די אויגען, גאָר נישט קוקענדיג אויף אונזער שלעכטען מזל אין דער געגענוואַרט, קענען מיר זיכער זיין, אַז — צונויפֿלענענדיג מיה צו מיה, געפֿיהל און געדאַנקען צו געדאַנקען — שאַפֿען מיר עפּיס, וועלכעס איז עהנליך צו אונז, און איז דאָך פֿיעל, פֿיעל מעהר פֿון אונז אַליין.

אַ יעדערה, וואָס לאָזט פֿונ׳ם ניפּט פֿון די פֿיער ווערטער: „צו וואָס נוצט עס?“ אַראָבזינקען זיין האַנד, זיין בליק פֿערטונקלען, זיין געפֿיהל ערשטאַרען — איז אַ פֿערברעכער נעגען דער צוקונפֿט. אַ יעדערה, וואָס זעהט אַ פּריוואַט אָדער עפֿענטליך אונרעכט, נישט אויפֿ־וועקענדיג אַקענען דעם זיין שכן; אַ יעדערה, וועלכער פֿערשפעטינט גלייכגילטינ די מעגליכקייטען צו ווירקען און צוזאַמענווירקען מיט אַנדערע, דורך וועלכע מען קען דערלייכטערן די בעדינגונגען פֿון דער

בעהאלטען, נור אפילו אליין נייעס צו בעשאפען. אונזערע צייט האט אנגעהויבען חלומ׳ן פון א צושטאנד פון דער געזעלשאפט, אין וועלכער פאליטיק וועט הייסען דאס זוכען מיטעל, דורך וועלכע אלע מענשען וועלען קענען עקזיסטירען נישט נור איינער נעבען דעם אנדערען, נור אויך זייער אייגען דאזיין דערהעכערען, נישט שאדענדיג דאמיט די אנדערע. די איינצעלנע וועלען עקזיסטירען איינער נעבען דעם אנדערן, די געשלעכטער איינס נעבען דאס אנדערע און די פעלקער איינס נעבען דאס אנדערע — ווייל זיי אלע עקזיסטירען ארבייט, און דערהעכערן די ווערטען פונ׳ם לעבען, סיי פאר זיך אליין, סיי פאר אנדערע; א יעדער וואס ציעהט זיך מושלאז צוריק פאר די מיהען, וועלכע די ארגאניזציאנס־ארבייט פערלאנגט; יעדער א זעלכער מאן, אדער יעדע א זעלכע פרוי זינדיגט נישט נור דורך איהר אייגען פערשפעטיגען, ניין, זיי אנשטעקען (זאראזשען) אויך אנדערע, זיי פערברייטען דורך זייער מוטלאזיגקייט א פחד ארום זיך, פונקט אזוי ווי איין געשריי פון שרעק ברענגט פון די חושים א גאנצע פאלקס־מענגע.

עס איז ערקלערליך, אז צום מייסטענטייל פערברייטען די פרויען די קרענק פון מוטלאזיגקייט צווישען זיך און צווישען די מענער. אין נאך ערקלערליכער איז עס פאר וואס די פרויען, וועלכע ארבייטען פיזיש, ווערען אזוי אפט שוין מוטלאז געבוירען. ווארען דורך גאנצע טויזענדער יאהרען האבען די פרויען געמוזט צוקוקען, ווי זיי בעדייטען גאר נישט אין דער געזעלשאפט, פאר וועלכע זיי האבען דאך געמוזט אהער געבען זייערע לייד און זייערע מיהען; יאהרטויזענדע נאך יאהר־טויזענדע האבען די פיהרער פון דער געזעלשאפט — ניש פרע־גענדיג די פרויען — מקריב געווען זייערע קינדער אין די מלחמות פאר די דערוויטערונג פון די עקאנאמישע און פאליטישע מאכט, ביי וועלכע איינעמ׳ס זיג איז תמיד געווען דעם צווייטענס אונטערגאנג. א יאהרטויזענד נאך א יאהרטויזענד האבען די פרויען געבוירען און אויפגעצויגען די, וועלכע זענען דאן אוועק געגאנגען פון די הערצער, אונטער וועלכע זיי זענען געטראגען געווארען. ערשט אונזער צייט האט אנגעהויבען איינצוזעהען, אז דער כח פון ווייבליכען הערץ, קען פערוועגדעט ווערען נישט נור צום געבען און

איינער דורך דעם אַנדערען און נישט ווי אַצינד איינער נעגען דעם אַנדערן.

אין אונזער צייט האָט קיין פֿרוי נישט דאָס רעכט מוטלאָז צו פֿרעגען, וואָס עס קאָן ניצען, אַז זי וועט אַריינלעגען איהרע כחות פֿאַר די איבערענדערונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. בעזונדערס דערפֿאַר נישט, ווייל איהר אַריינמישען זיך האָט אין זיך די בעזונדערע קראַפֿט פֿון צערטליכקייט. עס איז נישט פֿאַראַן קיין שום אַרבייט, וואָס זאָל נישט עפּיס ניטצען, ווען זי איז נור דיקטירט פֿון אַ שטאַרק געפֿיהל פֿין פֿעראַנטוואָרטליכקייט, פֿון דעם ווילען דער געזעלשאַפֿט צו דיענען, פֿון פֿריימוטיגער עהרליכקייט און פֿון אמת׳ר אַרבייטס עהרע — מעג דאָס זיין די אַרבייט פֿון אַ מאַן אָדער פֿון אַ פֿרוי.

וואָרען קיין זאַך פֿאַרגעהט נישט. אמת, אונזערע גרעסטע אָפּפֿער, אונזערע בעסטע טהאַטען ווערען אין דעם גרויסען צוזאַמענהאַנג פֿון דער ענטוויקלונג גרינג ווי אַ מאַיבלעטעל, קליין ווי אַ זאַמדקערנדיל. אָבער אַזוי ווי מיר ווייסען זיכער, אַז פֿון אונצעהליגע, ראַש פֿערגעננ־ליכע טיילען פֿון פֿלאַנצען, פֿון אונצעהליגע זאַמדקערנדליך, וואַקסט דאָס ברויט, וועלכעס קלעקט (סטאַרטשעט) אַצינד נישט פֿאַר די קינדער פֿון דער ערד — פּונקט אַזוי זיכער ווייסען מיר, אַז פֿון אונצעהליגע, לייכטע בעוועגונגען פֿין דער נשמה, פֿון אונצעהליגע קליינע מיהען, וועט ווערען צוזאַמענגעדרייט דער באָדען, אויף וועלכען עס וועט אַמאָל ברויט קלעקען פֿאַר אַלע, און וואו אַלע וועלען לעבען נישט נור פֿונ׳ם ברויט אַליין.



# אַ טַייוּוָלאַנִיש־לִיעֶדעל.

פון

בַּעַל מַחְשָׁבוֹת.

---

... און אַז עֶס וֶועלֶען קוּמֶען
לֶעבֶּעדִיגֶע צַייטֶען,
וֶועט אִיהְר, בְּרִידֶער, זַיין שׁוֹין טוֹיט און טוֹיט...
און קֵיינֶער וֶועט נִישְׁט קֶענֶען
זֵיין, נִישְׁט קֶענֶען טֵייטֶען
אַייעֶר לִיעֶד פוּל, פַאר־פוּל פוּן נוֹיט....

און אַז עֶס וֶועלֶען קוּמֶען
ווִיעֶדֶער טוֹיטֶע צַייטֶען,
וֶועט מֶען זָאגֶען, זֵיי הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבְּלִיהְט...
און אַלֶע וֶועלֶען חַאפֶּען,
חַאפֶּען טִיעֶפִיגְקַייטֶען,
וָואס לִיעֶגְט בֶּעהַאלְטֶען
אִין אַייעֶר, אַייעֶר לִיעֶד.

דָאס רוּפְט אִיהְר מֶענְשֶׁען, אֵייבִּיג,
לֶעבֶּען הַאלְבֶּע צַייטֶען,
הַאלְב בֶּעגְרָאבֶּען און הַאלְב גֶעלֶעבְּט...
כְּדֵי דִי מֶענְשֶׁען זָאלען
דֶעם הַיינְט אוֹיף מָארְגֶען בַּייטֶען,
הָאט גָאט גֶעפוּנֶען
אוֹי, אַ וואהְל רֶעצֶעפְּט...

קאוונא, יאנואר 1905

# ראָמאַנסען.

I.

אִין חָלוֹם בִּיזְט דוּ מַיינֶע
אוּן אֵיינֶעם׳ס אוֹיפֶ׳ן וָואהְר;
וָואלְט אִיךְ גֶעוָואלְט, מַיין לֶעבֶּען
זָאל זַיין אַ חָלוֹם נָאר...

אִין הִימֶעל בְּרֶענֶען שְׁטֶערֶען,
עֶס שִׁיפְט זִיךְ שְׁטִיל דִי נַאכְט,
אַ טַייכֶעל מוּרְמֶעלְט עֶרְגִיץ,
עֶס רוֹישְׁט אַבּוֹים פֶערְטְרַאכְט.

אִיךְ חָלוֹם... דִי לְבָנָה
לַייכְט פוּן הִימֶעל קְלָאר — — —
אִין חָלוֹם בִּיזְט דוּ מַיינֶע —
צוּ וָואס נָאךְ אוֹיפֶ׳ן וָואהְר?..

II.

וֶוען אִיךְ שְׁטֶעה מִיט גְרֵייטֶע אַרֶעמְס
אוּן אִיךְ שִׁיק דִיר מַיין גֶעבֶּעט,
שְׁוַויינְסְט דוּ — אוּן אַבִּיסֶעל שְׁפֶּעטֶער
עֶנְטְוֶוערְסְט דוּ אַוָוארְט: ס׳אִיז שְׁפֶּעט!..

װען עס פּיהרט אונז אויף דער אָװענד
און די װעלע מײנע רעדט:
„קינד, אַ ליעב מיך — עלענד בין איך״ —
ענטװערסט דו אַװארט: ס׳איז שפּעט!..

III.

עס געהערט מײן לעבען אײנער,
שען איז זי און מילד;
איהרע אויגען — שװארצער סאַמעט,
יעדער אבער שפּיעלט.

און װאוהין זי געהט פּערשטעה איך,
כ׳צעהל אוים איהרע טריט,
אבער װער זאל איהר געפעלען —
דאס פערשטעה איך ניט...

דוד קאַסעל.





# אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך.

מיר יודען ועגען, געלויבט איז זיין היילינער נאָמען, פֿאַרזאָרגט מיט מאַטעריאַל אויף מחלוקת. עס נעהמט איצט אַרום ערשט די זעקסטע נומער „דאָס יודישע וואָרט" און איהר האָט שוין וועגען איהם אַ זאַך מיט פּאָלעמיק. וואָס אונז פֿעהלט, מאַטעריאַל צו קריע־גען זיך האָבען מיר איבער. אַלזאָ איז לודוויפּאָל גלייך אויף גע־פֿאַלען אויף רייזען׳ען פֿאַר וואָס ער מאַכט אַ קאָנקורענץ דער „היי־לינער" (העבּרעאישער הייסט עס) שפּראַך. ער קלאָגט איבער דעם ניט ווייניגער ווי די ציוני ציון אויף דעם זעקסטען קאָנגרעס איבער דעם חורבן פֿון ציוניזמוס, און בעשולדיגט אין דעם אויך די אונגאַ־ריסטען, און אַז רייזען האָט גאַנץ געלאַסען לודוויפּאָלען געענטפֿערט, איז געקומען אַ „לעזער" אין אַ בריעף (דער רעדאַקטאָר האָט פֿאַר איהם דוך ארין) און ווי אַ׳ן אמת׳ער רודף שלום וויל ער מאַכען אַ שלום צווישען דעם טאַטען (העברעאיש) און דער מאַמען (זשאַרגאָן). איבעריגענס בין איך ענטציקט מיט דעם „לעזערס" ערפֿינדונג: אַלזאָ מיר יודען האָבען אַ אַ טאַטען אַ אַ מאַמען און זיי — די גוים להבדיל — האָבען נור אַ מאַמע. יתומים געבליבען. און נעה גלויב די, האָט זאָגען, אַז אונז איז ערגער ווי אַלע פֿעלקער. — איך וואָלט מיך נאָר ניט מישען אין דער דיסקוסיאָן שוין דערפֿאַר אַליין, ווייל די העברע־אישע שרייבער דענערווירען מיך זעהר, נור איך בין אונווילינג אַריינ־געמישט: א. רייזען און ל. שאפּירא בערופֿען זיך אויף מיין אַרטי־קעל פֿון „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט" „זשאַרגאָן אַלס נאַציאָנאַל שפּראַך."

ווען איהר זאָלט א פּ־ענ טהון א בעקאנטען דייטש, פּ־אנצויז, פּאָליאַק א. ז. וו. : וואָסער שפּ־אַך איז זיין נאציאָנאַל שפּראך ? — וואָלט ער געוויס אויסגלאָצען אַ פּאָר אויגען, אָדער אייך הייסען גערן און ניסען קאלט וואסער אויף׳ן קאָפּף... און ביי אונז יודען איז די פּ־אגע ניט נור דאָ, נאָר זי איז נאָך זאָגאר פּאַר פּיעל מענשען ניט געלאָזט. וואָסער שפּראַך איז אונזער נאציאָנאַל־שפּראך ? — העכרע־איש, וועלכע איז אַמאָל געווען אונזער שפּראַך, אָדער זשאַרגאָן, וואָס איז היינט אונזער שפּראַך, אָדער צו האָבען מיר נאָר א נאציאָנאַלע שפּראָך ?

די „אמתע ציוניסטען (די כשר׳ע וויל איך זאָגען) האַלטען זיך שטאָל און אייזען פּי העברעאיש. זיי גלויבען ווי דער אמת אין קיין נסים ניט (אויסער אין דיפּלאָמאטישע), צום מלאך גבריאל האָבען זיי קיין צוטרוי ניט, ווייל ער האַלט געוויס מיט די „מזרחיים״ ; זיי ווייסען אויך, אַז פון דער אַמאָלינער לעבעדינער העברעאישער שפּראַך איז נור נעבליבען אַ טהייל, וואָס איז בעהאַלטען אין תנ״ך, — און דאָך גלויבען זיי אין „תחית השפה,״ ווייל זיי גלויבען אין „תחית הלאום״. דער גאנצער ציוניזמוס, די גאַנצע „ליעבע״ צו דעם אַלטען פאַטער־לאַנד איז ענג פערבונדען מיט דער העברעאישער שפּראַך ; די אַלטע זכרונות וועגען ארץ ישראל (אויב מיר וועלען ניט רעכענען די אַלטע אָהן אין אויפנאַהם געפּעלשטע מצבות אין קברים) זענען פאַרבע־האַלטען, ווי מומיעס, אין לשון קודש. געהן געהמען בעווייזען אין אָר־טאָדאָקסאַלען ציוניסט, אַז די העברעאישע שפּראַך קען ניט אַבלע־בען איז אַלץ איינס, ווי נעמען בעווייזען א יודען, וואָס גלויבט אין תחית המתים, אַז עס איז אונמעגליך, ווייל אַ בר מינן וועט ניט זיין ביכולת אויפהעבען דעם דעק מיט די צהנדלינער פוד זאמד, וואָס ליעגט אויף זיין ארון. „לאָז ער נאָר פריהער״ — וועט אייך דער יוד מיט רעכט ענטפערן — „לעבעדיג ווערען, וועט ער שוין אַזאַ קליי־ניגקייט ווי אויפהויבען עטליכע צעהנדליגע פוד זאַמד געוויס בעווייזען.

אָבער מיר מוזען ניט גלויבען אין תחית השפה. און פאַלש זע־גען, לויט מיין מיינונג, די אַלע כלומר׳שטע ראיות פון די ציוניסטען.

אָהן העברעאיש — זאָגען זיי — קען מען זיך ניט פאָרשטע־לען די יודישע נאציאָן ; העברעאיש איז געווען אונזער נאציאָנאַל־שפּראך, מיט איהר זענען פערבונדען אונזערע אַלע טראדיציעס, העב־

רעאיש האט עקזיסטירט זייט דאס יודישע פאלק איז געווארען א נאציאן און וועט ערשט מיט איהם צוזאמען אומקומען. אזוי זאגען די ציוניסטען. נור עס זענען פוסטע דעקלאמאציעס אהן א ווארט אמת.

ניט נור מען קען זיך פארשטעלען די יודישע נאציאן אהן דער העברעאישער שפראך, נור די יודען האבען שוין עקזיסטירט אלס נאציאן אהן העברעאיש. פון בית שני אן, איבערהויפט די לעצטע דריי הונדערט יאהר, האבען שוין די ברייטע יודישע מאסען ניט גערעדט, זאגאר ניט פערשטאנען קיין לשון קודש און דאך, זענען דאן די יודען געווען א נאציאן, וויכטיגסטענס איז עס דער איינציגער פעריאד, איבער וועלכען די געשיכטע איז אונז אים שטאנד צו זאגען עטוואס דייטליכעס. און דאך האט עס ניט געשטערט דעם פאלק העלדיש צו קעמפפען און פערטהיידיגען זיין פאטערלאנד; און דאך זענען עס די שענסטע בלעטער אין דער גאנצער יודישער געשיכטע. העבראיש איז שוין דאן געווען א לשון קודש, א היילינגע שפראך, א שפראך פון כהנים און לוים, א רעליגיאנס שפראך, א הימעל שפראך; ווייט פון לעבען, ווייט פון פאלק, ווייט פון דער ערד. זאגאר די דאמאלטיגע נביאים, וואס האבען געוואלט טרעפען צום הארץ פון פאלק, האבען צו איהם גערעדט אין איין „זשארגאן"

איין זאך מוז מען מודה זיין, אז העברעאיש איז ענג פערבונדען מיט דעם יודישען גלויבען — מיט זיינע דאגמאטען. ווי כמעט יעדער גלויבען האט זיין בעזונדערע שפראך, אזוי האט אונזער גלויבען העברעאיש. און ווייל קיין אנדער גלויבען האט זיך ניט אזוי איינגעגעסען אין די פלייש אוןביינער פון זיינע אנהעננער, ווי אונזער גלויבען, האט דעריבער קיין רעליגיאנס שפראך ניט אזוי פיעל פרעטענציעס צום לעבען, ווי העברעאיש. ביי אונז איז אלעס ארינינעל: אנדערע פעלקער האבען גלויבענס און דאגמאטען און דאך קענען זיי לעבען און זיך ענטוויקלען; ביי אונז אבער זענען די דאגמאטען ווי א נעטץ פון א שפינוועבס, אין וועלכער אונזערע קינדער בלייבען ווי פליגען, אויסגעצאפט, אהן א טראפען בלוט.

ווען א פרומער רב וואלט קומען צוגעהן און זאגען: מיר קענען זיך אהן לשון קודש (אהן דקדוק און ביאור, נאטירליך) ניט בעגעהן, ווייל אהן לשון קודש האט וואלט ווערען מיט דעם שלחן

פרוך, שך, קצות, חיי אדם, מהרם שיף און פני יהושע און נאָך, וואָל־טען מיר איהם פערשטאַנען, ווייל מיר ווייסען, אז העברעאיש איז אַ קאַסטען, אין וועלכען אונזערע שטריימלעך פאַרבעהאַלטען זייט הונדערטער יאָהר זייערע שאלות ותשובות, זייערע אסורים, גזירות און חומרות, — קייטען, מיט וועלכע זיי בינדען דאָס יודישע פאָלק. קורץ, דאָס איז אונזער קלעריקאַל־אַרסענאַל. איהם וואָלטען מיר פערשטעהן, איהם וואָלטען מיר נור געזאָגט, אז מיר ווילען טאַקע אריינוואַרפען דעם גאַנצען קאַסטען אין וואַסער אַריין, אז פאַר אונז איז דער קאַסטען אליין ניט וויינינער געפעהרליך, ווי דאָס, וואָס ליעגט אין איהם.

אָבער ווען עס קומען מענשען, וואָס האָבען שוין ניט קיין צייכענס פון רצועות אויף זייערע הענד זייט צעהנדליגער יאָהרען, וואָס געהן אין שוהל נור פון יוצא ווענען, פון סאָלידאַריטעט ווענען, יעדען יום כפור, — ווען אזעלכע מענשען קומען און פאָדערן העברעאיש, קען זיך זיי ניט פערשטעהן. ווי באַלד אז די דאָזיגע ערען זיי ניט, ווי באַלד אז דאָס פאָלק קען קיין העברעאיש ניט, נאָך וואָס דאַרפען זיי זי, נאָך וואָס דאַרפען זיי גאָר איבריגע נסים?

צי וועט דאָס יודישע פאָלק קענען לעבען אָהן העברעאיש? — נאַטירליך! דער בעסטער בעוויז איז, אז דאָס יודישע פאָלק לעבט איצט אָהן העברעאיש און אז עס האָט געלעבט אזוי לאַנג אָהן העברעאיש.

אונזער גאַנצע ליטעראַטור איז פערבונדען מיט העברעאיש... וועלכע? די גלות־ליטעראַטור? אויסער אַ קליינע טהייל, צ'ן אמת'ער טראָפען אין ים, וואָלטען מיר זי אָבטרעטען בחצי חנם אונזערע שונאים. דערביי, ווי דערמאָהנט, די ברייטע מאַסען פערשטעהען זי ניט. דער אָרימער יוד, וואָס וואַרפט אַרוים דאָס לעצטע ביסעל געקעכץ מיט די ליימענע כלים, ווייל אַביסעל מילך האָט פערנאָסען זיין פליישינען טאָפ, קען ניט די ליטעראַטור, פון וועלכער דער רב האָט עס אויסגעלערענט.

דאָס פאָלק, אין אַ גרויסער טהייל אינטעליגענץ, פערשטעהט קיין העברעאיש ניט. ווען ישעיה הנביא וואָלט היינט אַראָבגעקומען און וואָלט וועלען האַלטען זיינע זעלטענע שיינע רעדען, וואָלט ער רעדען יודיש. פאַר זיי, פאַר די נביאים האָט די פאָרמע ניט גע־

שפּיעלט קיין ראָלע, נור דער אינהאַלט, דער גייסט. ביי די היינטיגע העברעאישע „נביאים" איז אַלעס פאַרקעהרט.

נור דאָס תנ"ך'על. דאָסזעלע, וואָס האָט זאָגאַר אַזאַ קלאָרען שכל, ווי פּרץ פערדרעהט דעם קאָפּף. נור עס איז שוין צייט צו זאָגען דעם גאַנצען אמת: דאָס תנ"ך'על איז אַמאָל געוויס געווען אַ קרוג מיט וויין, נור דעם וויין האָט מען שוין לאַנג אויסגעטרונקען. ביי אונז אין האַנד איז געבליבען אַ ליידיגער קרוג.

פאַר אונז איז די פראַגע, צי העברעאיש וועט אַבלעבען נו לעבערליך, אַז מיר זאָלען זיך מיט איהר בעשעפטיגען. אַ שפּראַך איז ניט קיין מלבוש, וואָס מען קען אָנטהון און אויסטהון ווען מען וויל און וואו מען וויל. אַ שפּראַך איז ענג פערבונדען מיט די בעדינגונגען, געשיכטע און טעמפּעראַמענט פון די, וואָס ריידען אין איהר. פון דער העברעאישער שפּראַך זענען מיר שוין לאַנג אויסגעוואַקסען; מיר וואוינען שוין ניט אין אזיען, מיר האָבען איצט גאַנץ אַנדערע שכנים ווי דאַן. איבריגענס. ווי מיר האָבען שוין דערמאָהנט, מיר ווייסען זאָגאַר ניט גענוי ווען דער דאַן איז געווען.

דער קאַמפּף צווישען העברעאיש און יודיש איז אַ קאַמפּף צווישען דער פערגאַנגענהייט און די געגענוואַרט, צווישען לעבען און טויט, צווישען שטאָדט און בית עולם. דער בית עולם האָט אַסך מעהר בעריהמטע מענשען ווי די שטאָדט; אויפ'ן בית עולם זענען אַלע מצבות פול מיט שבחים, עס איז שטיל און שיין; — אין שטאָדט, פאַרקעהרט, איז אַלעס אַזוי פּראָסט, אַזוי וואָכענדיג קורץ, די שטאָדט קען זיך מיט'ן בית עולם אין קיין הינזיכט ניט פערגלייכען. אין דאָך לעבען מיר אין שטאָדט און רוהען אויפ'ן בית עולם. אַזאַ בית עולם איז די העברעאישע ליטעראַטור און אַזעלכע גרעבער פון יעדער פרייער אידעע זענען די העברעאישע פּובליציסטען. אויך דאָרט זענען דאָ שיינע מצבות, עס בליהען זאָגאַר עטליכע (ווילדע) פרוכטבוימער און זינגען פייגעליך. אָבער דאָך פיהלט מען איבעראַל דעם טויט מיט זיינע שרעקליכע פאָלגען.

לעזט איבער פּינס אַ יודיש ליעדעל, איהר מעגט ניט איינשטימען מיט זיין אתה בחרתנו'שע טענדענץ, אָבער איין זאַך מוזט איהר איהם מודה זיין, אַז זיין ליעדעל לעבט. לעזט איבער די פיינסטע העברעאישע שירים, יעדעס וואָרט שרייט צו אייך: „איך בין שוין

העכער צוויי טויזענד יאָהר טוידט, געוואַלד, וואָס ווילען אייערע פאָר־עטען פון מיר!"

אויף דעם מזבח פון דער העברעאישער שפראך האָבען מיר שוין מקריב געווען זעהר פיעל גרויסע טאַלענטען, דאָס געזונד פון צעהנדלינגער טויזענד קינדער, צייט און געלד, געזונד און גוט — און עס איז אַלץ אַרויסגעוואָרפען. די העברעאישע שפראַך מיט איהר ליטעראַטור איז געווען און איז עד היום אַ עיר מקלט פאַר אַלע רוחות רעות — פאַר דער פינסטערער רעאַקציאָן.

עס איז גענוג אַ בליק טהון אויף די העברעאישע ליטעראַטור און פערגלייכען זי מיט דער יודישער ליטעראַטור. די ערשטע עקזיס־טירט שוין טויזענדער יאָהרען און האָט „געלעבט" פראַנק און פריי און דאָך צעהלט זי ניט קיין הונדערטעל פאָ־שריטליכע ביכער און בראָשורען, וואָס די יודישע ליטעראַטור, וועלכע איז אַלט אין גאַנ־צען עטליכע צעהנדלינגער יאָהר און וועלכע האָט ביז ערשט מיט צוויי יאָהר צוריק ניט געהאַט קיין רעכט צו־אָפּט צוזאַמענרעדען זיך מיט איהרע לעזער... די העברעאישע ליטעראַטור איז אַ סימבאָל (אַ צייכען) פון רעאַקציע, פון שימעל, פון אַלטקייט, און עקשנות. די יודישע — זאָגאַר די ציוניסטישע — איז פיעל אָרענטליכער און דערהויפּט, זי איז לעבעדינער. און די געשיכטע, די טראַדיציע, האָט נור דאַן אַ ווערטה, ווען זי איז אָנגעקניפּט אָן דער געגענוואַרט, ווען זי הענגט ניט אין דער לופטען. און דער געגענוואַרט פון דער גרויסער יודישער מאַסע איז אַ ריין יודישע, אַ זשאַרגאָנישע.

און דערביי קען איך נישט פערשטעהן, וואָס איז דער אונגליק אַז מיר וועלען האָבען נור איין שפראַך, די שפראַך, אין וועלכער נייען צעהנטעל יודען רעדען און טראַכטען, די שפראַך, וואָס האָט אין אַזאַ קורצער צייט געמאַכט אַזאַ ריעזיגען פאָרשריט? וואָס וועט זיין דער אונגליק, ווען מיר וועלען האָטש אין דעם ווערען גלייך מיט אַלע פעלקער? מיר האָבען פערלוירען העברעאיש, אַ שפראַך וואָס האָט אַזאַ געשיכטע, אַזאַ ליטעראַטור (נאַטירליך, ניט די היינטיגע), אַזאַ תנ"ך'על, — אָבער ניט נור מיט אונז האָט עס פּאַסירט: זעהר פיעל פעלקער האָבען אויך געהאַט אַזאַ לשון־קודש, לאַטיין, וועלכער האָט געהאַט נאָך אַ גרעסערע געשיכטע, נאָך אַ שענערע ליטעראַטור און האָט איך געהאַט אַ תנ"ך'על. עס איז געווען אַ צייט, ווען די שפּראַך

האָט געהערשט אין גאַנץ אייראָפּא, אין געריכט און אין קירכע, אין קאַבינעט פֿון געלעהרטע און אין די גרויסע סאַלאָנען. שרייבען, האָט מען געשריבען נור אין איהר, די פֿאָלקס־שפּראַך איז געווען פֿער־האַסט ניט ווייניגער ווי ביי אונז דער „שוסטער־לשון". ווען מען וואָלט הייסען דאַן אַ היסטאָריקער אָדער אַן אַנדער קריסטליכען למדן, שריי־בען אין פֿאָלקס שפּראַך וואָלט ער זיך בעליידיגען ניט ווייניגער, ווי דער מחבר פֿון פּני יהושע, ווען מען וואָלט איהם געראַטהען שרייבען זיינע פּשטל׳לעך אויף יודיש.

אָבער ביי אַלע פֿעלקער האָט עס געדויערט נור אַזוי לאַנג, כל זמן דער אַדעל און די גייסטליכע האָבען רעגירט, כל זמן דער גלויבען איז געווען די איינציגע קוועלע פֿון קולטור (הימעל־קולטור) און מוסר, כל זמן מען האָט געהאַלטען די וועלט פֿאַר אַ פּרוזדור. אויף יענער וועלט האָט געהערשט לאַטיין, ריכטיג ווי אין אונזער גן עדן רעדט מען נאָך עד היום לשון קודש. דאָס פֿאָלק, די ברייטע מאַסען זענען געווען אונטערדריקט, פֿערשקלאַפּט, ערנידערט; אין דער זעלבער לאַגע איז געווען זיין שפּראַך: עס איז געווען אַ שקלאַפֿען־שפּראַך, אַ דיענסט־מיידען־שפּראַך, ווי אַ העברעאישער פּובליציסט האָט אַמאָל אין אַ פּאָלעמיק מיט פּרץ׳ען, זשאַרגאָן" אָנגע־רופֿען.

ווי נור אָבער דאָס פֿאָלק האָט גענומען פֿאָדערן און טהייל־ווייז בעקומען אַ מענשענרעכט, האָט די זעלבע רעכט בעקומען אויך זיין שפּראַך און מען האָט זיך פּלוצלינג ארומגעזעהן, אַז דער שוסטער לשון איז גאַר ניט קיין מיאוסער לשון; מען האָט זיך ארומגעזעהן, אַז דער לשון פֿון קיך און שטאַל, פֿון פֿעלד און שייער האָט אויך זיין (ניטגעשריבענע) געשיכטע; מען האָט אנגעהויבען צו שאַפֿען אין דער שפּראַך מוסטער ווערק, געניאַלע ווערק, מיט וועלכע די גאַנצע מענשהייט שטאָלצירט. דער קריסטליכער לשון קודש איז פֿערשוואונדען ווי דער שאָטען פֿון וואַנד; זיין אָרט איז שוין אין דער געשיכטע.

דאָס זעלבע, ווייניגסטען אין די הויפּטפּונקטען, האָט פּאַסירט ביי אונז. אמת מיר האָבען קיין שטאַנדען אין דעם אייראָפּאישען זין קיין מאָל ניט געהאַט, אָבער דעמאָקראַטיש איז אונזער פֿאָלק אין מיטעל אַלטער דאָך ניט געווען. מיר האָבען געהאַט און האָבען עד היום אַן אַדעל — אַ בית־מדרש אינטעליגענץ. זי לעבט אין אַ

גאנץ אנדער אטמאספערע, אין א גאנץ אנדער וועלט, ווי די ברייטע אידישע מאסע; זי קוקט אויף דער מאסע מיט פעראכטונג, ווי אויף נידריגער ברואים און אזוי בעהאנדלען זיי אויך איהר שפראך. און די אינטעליגענץ איז, קען מען זאגען, דער גרעסטער אונגליק פון דעם אידישען פאלק. און דא איז אויך מערקווירדיג אונזער ספעציעלע לאגע. דאס, וואס פאר אן אנדער פאלק איז א ברכה, א נויטהווענדיג־קייט איז פאר אונז אידען א קללה. א פאלק אהן אינטעליגענץ איז ווי א בוים אהן פרוכט, זאגאר אהן בלעטער און צווייגלעך. ביי יעדעם פאלק איז די אינטעליגענץ דער בלום פון דער ניציאנאלער קולטור, די זרע פון זיין קינפטיגער גרויסקייט. ביי אונז אידען איז די בית־מדרש אינטעליגענץ א שטיין אויפ'ן האלז, א אבר פון וועלכען מיר וועלען און מוזען וואס ניכער לויז ווערען. אונזער בית־מדרש – אינטעליגענץ איז ניט קיין בלום, נור ווילד פלייש אויף אונזער פאלקס ארגאניזמוס.

כל זמן די אידען זענען געווען פארשפארט אין גהעטטא, כל זמן אלע אידען זענען געווען איינגעפאקט אין איין זאק מיט צרות, כל זמן דאס גאנצע יודישע פאלק איז געווען געשמידט מיט קייטען, פון וועלכע די שליסלען זענען געווען אויסער דער גהעטטא, אין פרעמדע הענד, איז קיין האפנונג ניט געווען און עס איז אונמעגליך געווען לויז ווערען פון דער אינטעליגענץ מיט דער העברעאישע שפראך. היינט אבער זענען די מויערן אין פיעל לענדער אין גאנצען איינגעפאלען, אין אנדערע זענען זיי טהייל ווייז צושטערט. מיר זענען נאך אין פיעל ערטער געשמידט, אבער די שליסעל פון די קייטען זענען שוין אין אונזערע הענד... די אידישע מאסע האט זיך אויפ־געוואכט און מיט איהר די אידישע שפראך, וועלכע ווארפט ארויס די העברעאישע שפראך פון אלע פארנעמענע פלעצער און וועט זי מיט דער צייט געווים אבשיקען אין מוזעאום.

דעריבער בעקעמפפען מיר די העברעאישע ליטעראטור; דעריבער זענען מיר אנהענגער פון זשארגאן, פון יודיש.

* * *

נור ארויסטרעטענדיג אזוי אינבעדינגט געגען העברעאיש און זייענדיג פֿיר יודיש, וואָלטען מיר וועלען אויך די אנהענגער פֿון „זשאַרגאָן" די שעפֿפֿער פֿון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור, מאַכען אַ פּאָר בעמערקונגען. לויט מיין מיינונג, דאַרף מען ניט איבערשעטצען די צוקונפֿט פֿון זשארגאָן. אַ שפּראַך ענטוויקעלט זיך צוזאַמען מיט'ן פֿאָלק. די אַלע אייראָפּעאישע פֿעלקער האָבען זיך ענטוויקעלט ראַש נאַציאָנאַל ווייל זיי האָבען געהאַט אַלע בעדינגונגען צו אַזאַ ענטוויקלונג. דער וועג פֿון די מיטעל־אַלטערישע שטערונגען און בעגרענצונגען איז געוואָרען פֿריי; דאָס פֿאָלק, אָדער ווייניגסטענס אַ געוויסע טהייל, האָט בעקומען רעכט און מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען. און די ענטוויקלונג האָט געקענט געהען נור אין איין ריכטונג — אין נאַציאָנאַלער. דאָס פֿאָלק האָט איבערגענומען פֿון די פֿאָריגע הערשענדע קלאַסען דעם גאַנצען קולטורעלען פֿערמעגען, אַלע זיינע מיטלען און האָט עס בענוטצט צו זיינע ציעלען. ביי אונז איז דער ווייל, ליידער, נאָך גאָר אַנדערש. אונזער פֿאָלק האָט פֿיעל ווייניגער מעגליכקייט זיך נאַציאָנאַל צו ענטוויקלען. אויף אונזערן וועג שטעהען נאָך ריעזיגע שטערונגען, די בעדינגונגען, אין וועלכע מיר לעבען, זענען דערווייל געגען אונזער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג. דאָס אידישע פֿאָלק טראָגט נאָך דעריבער צו פֿיעל צייכען פֿון דער פֿינסטערער געהעטטא און די זעלבע צייכען טראָגט נאָך דער זשאַרגאָן: ער האָט נאָך צו ווייניג פֿרייע לופֿט, די סמנים פֿון גלות־שטריך זענען נאָך דייטליך. ניט צו רעכענען זיך מיט דעם הייסט ווידער חלומ'ן. ריידען וועגען „זשאַרגאָן אַלס נאַציאָנאַל־שפּראַך" איז דעריבער לויט מיין מיינונג נאָך צו פֿ״ה. עס הייסט: געהען אַ חופּה־קלייד נאָך איידער די כלה האָט אַ חתן.

אָבער איין זאַך קענען מיר שוין איצט זאָגען, אַז מיר קענען זיך ניט פֿאָרשטעלען די אידישע נאַציאָן אָהן דער זשאַרגאָנישער שפּראַך, אַז אויב אידען וועלען ווערען אַ נאַציאָן מיט לייטען גלייך, וועט זשאַרגאָן זיין די איינציגע נאַציאָנאַלע שפּראַך.

ב. רובינשטיין.

קראָקוי 5-טען פֿעבּרואַר 1905

# ווינטער.

פונ'ם וועלדעל ביז'ן טייכעל
געהט א גלייכער שטיקעל וועג;
דארטען האבען שיינע מיידליך
אויסגעטראטען זיך א שטעג.

דארטען פלעגט זיך גיעסען סודות,
ליעבעס פלעכטען זיך אהן צאל,
ווי דאס וועלדיל פלעגט נור גרינען
און דאס טייכעל ווערט קריסטאל.

ווי א כשוף פלעגט דאס וועגעל
ציהען אלעמען אהין,
וואו עס קלינגען פייגעל שטימען,
וואו עס איז דארט אלעס גרין.

איצטער אבער איז דאס וועגעל
שטארק פערווייהעט און פערשנייט,
אלעס איז דארט אויסגעשטארבען,
אלעס איז דארט וויסט און טויט...

**א. ל. באראן.**





# בריעף פון שווייץ.

א.

## מיין ערשטער ארויספאהר.

— וואס בין איך עפיס נראד געפאהרען קיין שווייץ?—פרעגט איהר.

איך האב דערויף א סך תירוצים: ערשטענס איז שווייץ איין ארט פון יודישע שרייבער. אלע יוננעלייט, וועלכע וואהגען אין שווייץ נאר עטליכע חדשים בעקומען מיט אמאל טאלענטען און הויבען אן שרייבען און דרוקען; זיי זענען היינט שטארק אין דער מאדע און מע לייענט זייערס טאקי גאר מיט איין אנדער מין חשק. עס איז זעהר מעגליך, אז אין דער שווייץ ליגט עפיס א בעזונדער כח. לאכט ניט! יעדער ארט מוז זיך מיט עפיס ריהמען, ווי צום ביישפיעל, מיין שטעדטיל מיט איהרע מוסרים, יפו מיט איהרע שנאררעס, אדער ניעזשין מיט איהרע זויערע אינערקעס....

שווייץ ריהמט זיך מיט איהרע יודישע שרייבער, דאס איז שוין אלעמען קלאהר.

און דערפאר טאקי האט זיך מיר געוואלט זיין אין איין אייגענער סביבה. עפיס אביסעל בין איך דאך אויך בעוואוסט אויף דער וועלט. דער "המליץ" פלעגט אפט דרוקען מיינע בריעף פון מיין שטעדטיל און דער רעדאקטאר אליין האט מיר געשריבען "סופרנו הנכבד" (דער בריעף איז נאך ביי מיר עד היום; איך קען איהם ווייזען!). היינט האב איך א שטיקעל טאלאנט אויף שרייבען שירים, אויב איהר ווילט קען איך אייך ווייזען א בריעף פונים בעל "התלפיות"; ער האט מיר מודה געווען, אז

„מיט דער צייט וועל איך בעקומען דעם קרוין פון אַ משורר״. און פאַר אַ משורר, זאָגט מען, איז דאָס בעסטע אָרט שווייץ. די בערג מיט'ן קלאָרען שניי (אפילו אין מיטען תמוז האָט איהר דאָרט שנעע!) און די שענקייט מיט דער פרייהייט שאַרפען גוט אויס אַ טאַלאַנט.

חוץ דעם שרייבט מיר פון דאָרט מיינער אַ חבר פון מיין שטעדטיל (טאַקי אויך אַ שרייבער! ער בעקומט שוין אימזיסט די צייטונג, וואו עס דרוקען זיך זיינע אַרטיקלען) אַז ווערען אַ סטודענט אין שווייץ איז גרינג ממש ווי אַ בייגעל אויפעסען. אַ מליצה בריעף איז נישט ערגער, פון איי אַטעסטאַט. ער שרייבט אַז איינער האָט געבראַכט אַ דיפלאָם פון יעקב מאַרק, אַז ער האָט געענדיגט ביי איהם בוכהאַלטעריע האָט מען איהם צוגענומען בכבוד גדול. דער צווייטער האָט געבראַכט אַ דיפלאָם פון פינשטיינען אַז ער האָט געלערענט ביי איהם מנעמאָניקע איז ער געוואָרען אַ סטודענט. נאָך איינער האָט געבראַכט אַ בריעף פון'ם טעלזער ראש ישיבה (אויף דייטש הייסט עס „סעמינאַריום״) האָט מען איהם נאָך גע־בעטען, אַז ער זאָל אַנקומען אין אוניווערזיטעט. היינט די מעשה מיט'ן יתום וואָס איז געבאַך געבליבען אָהן טאַטע מאַמע... בקצור־כל דכפין־וועך עס וויל הייסען סטודענט מעג פאָהרען גלייך אין שווייץ — אַזוי שרייבט מיר מיין חבר.

אַ מליצה בריעף האָב איך באַלד בעקומען. און ניט איינם נאָר דריי. בין איך הייסט עס שוין כמעט אַ סטודענט. בלייבט נאָר איבער אַ קלייניגקייט. געלד אויף פאָהרען און אויף שטודיערען. מילא אויף פאָה־רען האָב איך געהאַט אַ גרייטען פינפאונצוואַנציגער. נישט אומזיסט בין איך דאָך געווען איין העברעאישער לעהרער און נישט אומזיסט בין איך פאַרשוואַרצט און אויסגעריסען געוואָרען היבשע עטליכע יאָהר. אָבער וואו וועל איך דאָרט נעמען געלד? נאָר אויב איהר ווילט וועל איך אייך טאַקי זאָגען, אַז ס'איז בלאָטע שבבלאָטע. ערשטענס מאַכט מיך קלאָהר ווי אַזוי פאָהרין אַהינצו אַלע יונגעלייט? מיט וואָס בין איך בע־סער פון זיי? צווייטענס, ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך וועל טאַקי דאָרט אויך ניט קריגען איין העברעאישען אורעאָק אָדער גאר צוויי? דריטענס ווער איך דאָך אויך אַ שרייבער פון שווייץ אין די רעדאַקציעס צאָהלען די שרייבערס פון שווייץ פון דער פולער האַנד, היינט גלאַט אַ מענש וואָס וויל לערנען, דאַרף נישט קוקען אויף אַזעלכע קלייניג־

קייטען און זאָרגען פאַר דער ק׳שקע. אלע ווייסען אַז די גרויסע בער־ריהמטע מענשען האָבען זיך שטענדיג געמוטשעט און געליטען. עסען אין פּאָקי אַזאַ גרויסע חכמה? אַ בהמה קייעט אויך!

ובכן נישט לאַנג געטראַכט האָב איך מיך איינגעפּעקעלט. איך האָב נאָר מיט גענומען־דאָס וואָס נייטיג איז: אַ ווערטערבוך אויף דייטש; מיינע מליצה בריעף, אַלע נומערען "המליץ" וואו מיינע בריעף האָבען זיך געדרוקט, דעם רעדאַקטאָרס בריעף, וואו ער שרייבט מיר "סופרנו הנכבד" (וואס קען אַזא בריעף קאָליע מאַכען?) עטליכע קיכלעך מיט אַ פינט וואַרשאווער קאַלבאַס און אין אַ גוטער שעה — היידא צום באַהן.

איך בעט אייך שטאַ־ק, איהר זאָלט מיר מוחל זיין דערפאַר וואָס איך קען אייך ניט אַרומש־ייבען דעם וועג. עס וואָלט געווען זעהר אינ־טרעסאַנט, נאָר מיר איז על פי רוב אויסגעקומען ליגען אונטער דער־באַנק. איך האב מיך בעטראַכט אַז עס איז אַ גרויסע עבירה, כלעבען, מאַכען א תּל פון 25 קאַרבען אויף ווערכע איך האָב גענוג געהאָרעוועט און אויסגעריסען געוואָרען פון מיינע טהייערע בעל־הביה׳טעס.

איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז ליגען אונטער׳ן באַנק איז נאָר ניט אַזוי שלעכט. די גאַנצע צייט איז געווען זעהר ענג אין וואַגאָן, איך האָב געהערט, ווי מ׳ז האָט זיך געריסען פאַר די געזער איבער אַ שטיקעל פרייען פּלאַטץ. אַפּך מענשען זיינען געשטאַנען, און נאָר איך בין געלעגען אויסגעצויגען, רוהיג ווי אַ פּריץ.

ביז׳ן גרעניץ האָב איך אַביסעל געליטען פון די גרויסע שטיוועל מיט די אייזערנע פּידקאָוועס, וועלכע זיינען געווען אויסגעשמירט אַזוי ווי מיט סמאָלע. דער ריח האָט מיך אויסגעמוטשעט. פון מיינע קיכלעך, פון מיין קאלבאס האָט געשמעקט סמאָלע, ווען איך האָב גענעסען האָב איך געקייעט סמאָלע. דערנאָך האָבען אָנגעהויבען געהן שיך מיט שפּיץ (לא עליכם כל עוברי דרך — איך וואונש עס אייך קיינעם ניט!) דער־נאָך פּאַנטאָפּעל מיט ווייסע זאָקען (פון איין פּאַנטאָפּעל האָב איך גע־חאַפּט אין שטערען אַז ביי מיר איז אויפגעלאָפען: אַ "יטל ראשי"; דער רוח זאל זיי ווייסען!) ווייטער האָבען אָנגעהויבען געהן שענע שטיוועליך אלערליי, ריינע אויסגעפּוצטע שיכעליך, שיכעליך מיט רעזינעס, שיכעליך מיט קנעפּעליך, שיכעליך מיט שנורעליך, שיכעליך מיט ברייטע נעזער, שיכעליך מיט שמאָלע נעזער. שיכעליך מיט שפּיצען, שיכעליך מיט הויכע אבטשאַסען און שיכעליך מיט ניעדריגע אָבטשאַסען.

און אָפּט, גאַנץ אָפּט פּלעג איך מיך צוקוקען און זעהען אז ניט אָט די אלע שענע שיכעליך זענען בקו השלום. דאַכט זיך אויפֿן ערשטען קוק שען, ריין, אויסגעפּוצט. נאָר אז מע קוקט זיך גוט צו איז — „ניט אלץ וואָס פּינקעלט איז גאָלד“ נישט יעדער שיכעלע וואָס האָט א גלאַנץ איז במחילה גאַנץ. אין אפּאָר שעה האָב איך אָנגעציילט 63 שיך, נאָר צווישען זיי זיינען געווען 26 שיך, וואָס איך וואָלט נישט געגעבען פֿאַר זיי אפילו א דרייער. — — — — — — — — — — — —

— — פּיער טעג מיט פּיער נעכט בין איך מיר אַזוי געלעגען ווי א פּריץ און ווען איך בין געקומען אין שווייץ און בין ארוים פֿון וואַגאָן האָב איך גישט געפּיהלט קיין גאַנצען אבר.

א. קוקוריקו.



# פונם רייזע־ביכעל.

אויפצייכנונגען פון מ. י. ב.

X.

די וועלט איז גרויס. — „איהר קענט מיך גאָר ניט; קוקט מיך אָן רב יוסיל. ווער וואָלט זיך געגלייבט. — אז אייער מאמע האָט געלעבט, האָט זי געוואוסט ווער חיה רבקה איז. דעמאָלט ביזט דו נאָך געוועזן אקליין יונגעל, אז ס'לענט זיך מיר גאָר ניט אויף ז'ער צינג צו זאָגען אייך — איהר. איך האָב אפילו געוואָלט, אז מיין שלום זאָל געהען מיט דיר אינאיינעם אין איין חדר. אצונד האָט איהר א שם, אויף מיינע קינדער געזאָגט געווארען און אויף אלע וואָס איך ווינש זיי גוטס. אז מיין שלומ'ן וואָלט איך אויך געלע־נט; ער האָט זיך פרינגאָטאָוועט אין האָט נעקענט אריין אין צווייטע קלאַס. אין אומען איז ער אויך געוועזן און איך האָב איהם אָנגערינגען אוף קעסט אין דער נייער שטאָט... איהר קענט לאָדיזינקע? אז איך קום פינם דאָרף אין שטאָדט אריין הער איך אלץ חיה רבקה'ס זוהן קאָנטשעט. חיה רבקה'ס זוהן געהט אין די קלאסען; דעם מאַן מיינעם קענט איהר א פלאַטשיקער, עהרליך, איך זאָל האָבען אזא יאָהר, אָבער פערדיענען פערדינט מען ניט. איהר פארשטעהט, אז מען האָט ניט אנגב'ש פנים און מען איז ניט צעהן מאָל מאשעניק, קען מען עסען סעראָוועטקע, אָבער ניט פוטער. איך, א יורענע אין די מיהלען, אמאָל אמעסטעל זוייץ, צו האָבער, דער גוי ווערדט אלץ קלינער און אסברה איז, אז מען טאָר אין דאָרף אויך ניט וואוינען אין דאָס האָט מען אויס־געטראכט, כדי דער אורדניק זאָל אלע מאָל נעמען אהאלב קערביל, און ער איז נאָך דער גוטער און מען מוז זיך מיט איהם זוראסטוועיזוען...“

„וואָזשע האָב איך געוואָלט דערציילען? אז מיין שלום איז, אראָבגעקומען און האָט געזעהען, ווי אזוי איך מוטשע מיך מיט דעם אלטען פאָטער ויינעם, האָט ער געזאָגט: מאַמע, איך וויל ניט מעהר

שטודירען! אונגעהט אוועק צו אקאוואל און לערנט זיך מעכאניקע... דעם בוך האט ער אפילו בעהאלטען אין געטראגען אהיטעל מיט אלערענעם דאשעק, איך זאג אייך: אפאלגע היינטיגער! זאל איך מיך שעמען, אז מיין זוהן ווערד אבעל מלאכה! ס׳דאך א אנדער דור מיט אנדערע מיני השנות! אז איהר זענט א־ב־ים אזה און זענט אליין א דאקטער און וואוהנט אין פרייסען. מיין שלום איז אויך געווען אין פרייסען, לעבען וויען, דער נאך איז ער אוועק קיין ענגלאנד מיטן וואסער.. איהר פארשטעהט, אז ער האט דא אויסגעלערנט און ניט געהאט וואס צו טהון. חתונה האט ער שוין אויך געהאט און האט שוין צוויי קינדער, זאלען מאריך ימים זיין און האט ניט דעם פאר־דיענסט, וועדליג זיין ווינש און איז א בריה אין זיין זאך. עפיס האט מען דאך דעם יודישען קאפ מיט רעכענען און קען מאכען ריסאוניקעס מיט אקויל אויף פאפיער ווי איהר זעהט מיך לעבען, אז דער מוח טראכט אליין! אין דא איז איהם אין אלקער צו ענג און געקומען פון דער ארבייט, אראב געווארפען דאס אויסגעשמירט רעקיל, זיך אבגעוואשען מיט זייף אין זיך אנגעטהון פונס קאפ ביז צו די פיס אנדערש. מען זאל עס אנהייבען צודערקענען אויף זיין פנים, אז ער האט היינט געקאוועט רעדער.״

„און זעהט איהר, אט דאס האט איהם ניט געהאלטען אין דער־היים. דער קאפ פליעהט... אז מען זאגט, אז ס׳דא ערטער, וואו מען פארדינט זעכס רובל אטאג, און דא פארדיענט מען עס ניט אמאל אין אחודש. איי דא, ביסט דו אינאיינעם מיט דער טאטען, פרום ביסט דו ניט, אבער אז ס׳קומט ימים נוראים, פאהרסט דו מיט אין שטארט אריין. אז ער אבער האט זיך אנגע׳עקשענט, ער מוז נאך ענגלאנד. מילא ענגלאנד לאז זיין ענגלאנד, לאנד איז לאנד. נאט איז דא אומעטום, אבער שלום, זיהגיניא, שרייב א בריוועל, חאטש איינמאל אין דריי חדשים. דאס ווייבעל איז אריבער געפאהרען צום פאטער, איין קינד איז ביי איהר און איינס איז ביי מיר... איהר זאלט זעהען קינדער! אבער איהר פארשטעהט, אז דער טאטע איז ניט דא אין דער היים... איך האב אנדערע זאכען אין קאפ, איידער צו געהען דעם אייניקעל נאדלויפען, און זי, די מוטער, איהר פארשטעהט, איז מען ניט אקוראט געזונד.. און שוין תמיד פון מיידעל וויים.. שיקען שיקט

ער איהר אַמאָל אַביסעל געלד און דאָס נעהט אַוועק אויף אַלדע רוח, אויפ'ן דאָקטער. אז מען הייבט מיט דעם אָן! מיר האָט ער אויך אַמאָל געשיקט אַפּינפּעריל אויף פּסח. דערנאָך אז ס'איז אַוועקגע־גאַנגען אַצייט, איז אָנגעקומען אַקאַרטינקע פון איהם. אשאָה, וואָס איך האָב זי ניט ביי זיך. דומה למלך, זאָג איך אייך. גאָר ניט צו דערקענען; אז יודען גאָלען זיך דאָרט די בערד, דער עלטערער זוהן מיינער, נתן, איז נאָך פון יענעם דור, אַכשר קינד — דער פאָטער! אָבער ס'געהט איהם נעביך שלעכט און האָבען האָט מען זעכס קינדער. עס רייסט דאָס הארץ, אמאמע! העלף, העלף און אליין האָט מען אויך ניט פון וואַנען".

„איך וויל אייך עפּעס זאָגען, איך בין גאָר געקומען צו אייך, כדי אייך צו זעהען. געהערט האָב איך, אז איהר פאָהרט שוין אַוועק, האָב איך מיר געטראַכט, געה אַריבער און זעה יוסלען, איהר וועט געקומען צו אייער אלטען פאָטער זיך זעהען, שיין פון אייך, אייער מאמע האָט ניט די זכיה געהאַט דאָס צו דערלעבען... געהט, פאַר־שטעהט גאָטס דרכים און ווי אַזוי ער פיהרט די וועלט... דאָ שטעה איך אַזוי און קוק אויף אייך, אז גאָט וואָלט מיך געבענשט מיט אַזא זוהן! איך זאָג אייך קיין חנופה ניט. אז מען רעדט אַזוי פיעל פון אייער לשון קדש... דאָ אַראָקטער, האָטשי ער איז אַיוד, איז אַפּראָסטער גוי. וואָלט מיין שלום געוועזן אין דער היים, איך ווייס, אפשר וואָלט מיר ניט געוועזן אַזוי שווער, יונג בין איך שוין אויך ניט. פיפציג יאָהר און צוויי פאַמילען אויף זיך. און די כחות וועגען אויך ניט פון אַמאָל. אַמאָל גיב איך אַטראַכט: ווער ווייס צו דו וועסט דיין שלום'ן נאָך זעהען... (זי ווישט זיך די אייגען) איהר פערשטעהט, אַמענש, בין איך דען שולדיג, אז מען מוז אָנקומען אויף דער עלטער צו יענעם. ברבות נעהם איך ניט. אָבער אז איהר וואָלט מיר געקענט העלפען מיט אַ קערביל. שיקען שיקט ער שוין לאַנג ניט. איך בעט אייך צעהן מאָל איבער, אז איך רעד צו אייך אַזוי, איהר וועט דאָך אַ אַחעריגער, גאָט זאָל אייך בעצאָהלען, אז איך וועל אַמאָל שרייבען שלום'ען, מוז איך איהם שרייבען פון אייך, אָבער זיצט ער דען אויף איין אָרט? אז אַצונד איז ער שוין אין אַפריקע... אז די וועלט איז גרויס"...



# Interieur*).

(אַ דראַמאַ)

### פון מאָררים מעטטערלינק.

---

**פ ע ר ז אָ נ ע ן:**

אין גאָרטען.

אַיין אַלטער מאַן
אַ פרעמדער
מאַרטאַ } דעם אַלטענס אייניקליך. —
מאַריע }
אַ בויער
אַ־עולם

אין שטוב.

דער פאָטער }
די מוטער }
צוויי טעכטער } פערזאָהנען אָהן ווערטער.
אַ קליין קינד }

(איין אַלטער גאָרטען, פערוואַקסען מיט איוועס. דאָרט טיעף אין גאָרטען שטעהט אַ הויז, די פענסטער פון דעם אונטערסטען עטאַזש ווערען בעלויכטען. מ׳קען זעהען דאָס הויזגעזינד, וועלכעס זיצט ארום לאַמפ. דער פאָטער זיצט ביים הרובע. די מוטער אָנגעלעהנט דעם קאָפּ אויף די הענד, קוקט אין דעם רויך. צוויי יונגע מיידליך אָנגעטהון אין ווייסען, נעהען אויס דערביי פאַנטאַזירענדיג און שמייכעלדיג. דאָס קינד שלאָפט. צו־געשפאַרט דאָס קעפעל צו דער מוטער׳ס אַקסעל. אז עמ׳צער פון זיי שטעהט

אויף, נעהט ארום אדער בעווענט זיך, — דאכט זיך, אז זיינע בעוועגונגען זענען וויכטיג, לאנגזאם, זעלטען, און ווי דורכזיכטיג, מחמת דער בעלייכטונג, דער ווייטע, און דעם דונקעלן ליכט פון די פענסטער. דער אלטער מאן און דער פרעמדער נעהען אריין פארזיכטיג אין גארטען).

דער אלטער. מיט זיינען אין יענעם טהייל גארטען, וועלכער איז אנטער׳ן הויז... אהער געהן זיי קיינמאל ניט. די מיהר איז פון דער צווייטער זייט... זי איז פערשפארט... די לאדען זענען אויך פערמאכט. דא אבער זיינען ניטא קיין לאדען, און איך האב געזעהען ליכט... יא... זיי זיצען נאך ארום לאמפ. צום גליק, האבען זיי אונז ניט געזעהען! די מוטער אדער די טעכטער האבען דאך געקענט ארויסגעהען, און וואס וואלטען מיר דאמאלס געטהון?

דער פרעמדער. אבער וואס וועלען מיר איצט טהון?

דער אלטער, פריהער וואלט איך וועלען א קוק טהון, צי זענען די אלע אין דערהיים. יא, דער טאטע זיצט נעבען הרובע. ער ווארט, צונויפגעלעגט די הענד אויף די קניה... די מוטער האט זיך אנגעלעגט אויפ׳ן טיש...

דער פרעמדער. זי קוקט אויף אונז...

דער אלטער. ניין... זי ווייסט אליין ניט, אויף וואס זי קוקט... די אויגען איהרע זענען אומבעוועגליך... זי קאן אונז ניט זעהען, אונז בעהאלט דער שאטען פון די ביימער... אבער נעהנטער נעהט ניט! דער געשטארבענערס ביידע שוועסטער זענען אויך דא, זיי נעהען אום לאנגזאם, און דאס קליינע קינד שלאפט, דער זייגער אין ווינקעל ווייזט צייען. קיינער פון זיי קלערט גאר ניט וועגען דעם און קיינער רעדט ניט...

דער פרעמדער. אז מ׳וואלט קענען דעם פאטער א ווינק טהון! אט האט ער א קעהר געטהון דעם קאפ צו אונז. א קלאפ טהון אפשר אין פענסטער? ס׳וואלט געווען בעסער, ווען איינער פון זיי וואלט דערוויסען זיך פריהער...

דער אלטער. איך וויים ניט, וועמען אויסקלויבען... דא מוז מען זיין זעהר פארזיכטיג... דער טאטע איז אלט און קראנק... די מוטער אויך, און די שוועסטער זענען נאך זעהר יונג... און אלע האבען זי זעהר האלט... איך האב קיין מאל ניט געזעהען א גליקליכערע פאמיליע אלס דיזע.

ניי, נעהט ניט נאָהענט צים פענסטער; דאָס וואָלט געוועזן ערגער ווי אלס... בעסער זאָגען זיי וועגען דעם אומגליק, נאָר וואָס פראָסטער, אקוראַט ווי דאָס איז נאָר אַ געוועהנליכע זאַך און דערביי נישט ווייזען זעהר גרויסע טרויערינקייט, אויב ניט, וועט זייער אומגלט וועלען זיין שטארקער ווי אונ־זערער. נאָט וויים, וואָס קען זיך טוהן... קומט פון דער אנדער זייט גאָרטען... מיר ווילען אַ קלאָפ טהון אין טהיר און אריינגעהן, אקוראַט ווי ס׳האָט זיך נאָר נישט געטראָפען... איך וויל אריין געהן דער ערשטער; זיי ווילען זיך דעריבער ניט וואונדערן. ס׳טרעפט זיך, אז איך געה אריין צו זיי און ברענג זיי בלומען אָדער פרוכטען און פארברענג מיט זיי עטליכע שעה...

דער פרעמדער. צו ליעב וואָס זאָל איך געהן מיט אייך? געהט אליין, איך וועל ווארטען, ביז וואַן מען וועט מיך רופען... מיך האָבען זיי דאָך קיינמאָל ניט געזעהן... און בין דאָך אַ פערביינעהער... איך בין דאָך דאָ אַ פרעמדער מענש...

דער אלטער. צוזאמען איז בעסער... די בשורה וועגען אַ אומגליק איז ניט אַזוי שווער, ווען נישט איין מענש אליין ברענגט זי... איך האָב גע־קלערט מכח דעם, אז איך בין געגאַנגען אַ הער... אז איך וועל אליין אריינגעהן, וועל איך מוזען באלד אָנהויבען צו רעדען; זיי וועלען באלד זיך דערוויסען און איך וועל מוזען ענשווינען ווערען... און איך האָב זעהר מורא פאַר דעם שווייגען, וואָס קומט באלד נאָך אַ שרעקליכער בשורה. אין די מינוטען צורייסט דאָס האַרץ זיך אויף שטיקליך... ווען אבער מיר ביידע וועלען אריינגעהן, וועל איך פריהער רעדען וועגען אנדערע זאכען און דער־נאָך וועל איך זאָגען, אז מען האָט זי, צום ביישפיעל, געפונען אָט אזוי... זי האָט געשווימען איבער׳ן טייך און די הענד זענען געווען צונויפגע־לעגט...

דער פרעמדער. די הענד זענען ניט געווען צונויפגעלעגט; זיי זענען געלעגען איבער׳ן נוף...

דער אלטער: זעהט איהר דאָך; מ׳וועט אָנהויבען צו רעדען... און דאס אונגליק וועט זיך פאנאנדערשווימען אין קלייניגקייטען... אבער אז איך וועל אליין אריינגעהן, גאָט ווייסט וואָס קען זיך טרעפען ביי די ערשטע ווערטער... אז מיר וועלען אָנהויבען רעדען איינער נאָך דעם צווייטען, וועלען זיי אונז הערען און וועלען ניט קאָנען טראַכטען וועגען דער שרעקליכער

בשורה... ניט פערגעסט, אז דארט איז די מאמע, וואס איהרע טאג זענען געצעהלטע... מען מוז, אז די ערסטע חוואליע זאל זיך צוברעכען אן אזעלכע ווערטער. מ׳דארף ארום די אומגליכע רעדען און ניט לאזען זיי טראכטען... אפילו נאר קאלטע מענשען נעהמען אויך אויף זיך א טהייל פון דעם אונגליק.

דער פרעמדער. אייער קלייד איז נאס — פון איהם גיעסט זיך וואסער...

דער אלטער. מעהר ניט ווי דער ברעג קלייד איז אריין געפאלען אין וואסער... אייך איז דאכט זיך קאלט. אייער ברוסט איז איינגעשמוצט אין קויט. און ווען האב איך דאס ניט בעמערקט אין דער פינסטער...

דער פרעמדער. איך בין אריין אין וואסער ביזן בויך.—

דער אלטער. ווי לאנג, איידער איך בין געקומען, האט איהר זי געפינען?

דער פרעמדער. עטליכע מינוטען... איך בין געגאנגען אין דארף... ס׳איז שוין געווען שפעט. אויפ׳ן וועג איז שוין פינסטער געווארען... איך בין געגאנגען און געקוקט אויף דעם טייך, ער איז ליכטיגער ווי דער וועג. מיט אמאל האב איך דערזעהען עפּיס א מאדנע זאך, דארטען, נעבען די קאמישען... איך נעה צו — דאס זענען איהרע האהר, וועלכע האבען זיך אויפגעהויבען ארום קאפ און האבען זיך פארנאנדער געשפּרייט איבער׳ן שטראם... (ביידע טעכטער אין צימער האבען א קעהר געטוהן די קעפ צום פענסטער).

דער אלטער. איהר האט בעמערקט, ווי עס האבען א ציטער געטוהן די האהר אויף די שוועסטערס קעפ?

דער פרעמדער. זיי האבען א קעהר געטון דעם קאפ אין אונזער זייט... זיי האבען זיך פראסט א קעהר געטוהן... איך האב אפשר גערעדט זעהר הויך... (די שוועסטער האבען זיך ווידער געזעצט ווי פריהער) זי קוקען מעהר ניט... איך בין אריין אין וואסער ביזן בויך. מיר האט זיך איינגעגעבען חאפּען די האר׳ן — הענד און אהן מ׳ה ארויסצושלעפּען זי אויפ׳ן ברעג... זי איז אויך געווען שעהן, ווי די שוועסטער איהרע...

דער אלטער. דאכט זיך, זי איז נאך שענער געווען... איך ווייס

ניט, איך האָב עפּיס פערלאָרען מיין גאַנצען מוטה.

**דער פרעמדער.** וועגען וועלכען מוטה רעדט איהר? מיר האָבען געטהון אלס. וואָס מיר האָבען געקענט... זי איז געשטאָרבען צום ווייניגסטען עהדער...

**דער אַלטער.** היינט אין דער פריה איז זי נאָך געוועזען א לעבעדיגע... איך האָב זי בעגעגענט ביי מיין אַרויסגאַנג פון קלויסטער... זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט געהן זעהען זיך מיט דער באָבען — זי וואָהנט אויף יענער זייט טייך, וואו איהר האָט זי געפונען... זי האָט געזאָגט, זי ווייס ניט, ווען וועלען מיר זיך נאָך אמאָל בעגעגענען... דאכט זיך, זי האָט עפּיס געוואָלט פרעגען ביי מיר, נאָר זי האָט זיך ניט ענטשלאָסען און איז געשווינד אָפּגעטרעטען פון מיר... איצט קלער איך וועגען דעם. אָבער דאַמאָלט האָבען איך נאָר נישט בעמערקט!... זי האָט געשמייכעלט, ווי עס שמייכלען יענע, וואָס ווילען שווייגען אָדער האָבען מורא, אַז מ'וועט זיי פערשטעהן... זי איז, דאכט זיך, געוועזען נאָהענט צו פערצווייפלונג... די אויגען איהרע זענען געוועזען פערלאָשען און האָבען כמעט ניט געקוקט אויף מיר...

**דער פרעמדער.** די בויערען האָבען מיר געזאָגט, אַז זיי האָבען געזעהען, ווי זי איז אומגעגאַנגען איבער'ן ברעג ביז'ן רעכטען אָווענד. זיי האָבען געמיינט, אַז דאָס קלייבט זי בלומען..... ס'קאָן זיין, אַז איהר טויט...

**דער אַלטער.** מען קען ניט וויסען.... און וואָס קענען מיר יאָ וויסען? זי איז אפשר געוועזען פון די, וואָס ווילען ניט רעדען; ביי יעדער'ן איז פאַראַן ניט איין סבה, נאָר עטליכע, צו ענדיגען מיט דעם לעבען. אין א פרעמדען האַרץ איז ניט אַזוי ליכטיג ווי דאָ אין צימער... זיי זענען אַלע אַזוי... רעדען ווענען נאָר איינפאַכע זאַכען, און קיינער קלערט נאָר ניט... ס'טרעפט זיך. אַז דו לעבסט מיט א מענשען חדשים־ווייס: זיין האַרץ איז שוין פרעמד אונזער וועלט, עס האָט זיך שוין איינגענומ'הט צו ערנידעריגען זיך: דו רעדסט מיט איהם און קלערסט נאָר ניט וועגען דעם, און אָט [illegible]־כל סוף קומט פאָר!.. אויפ'ן קוק זענען זיי נאָר טויטע ליאַלקעס, אָבער ווי פיעל לעבען איבער זייערע הערצער! זיי פערשטעהען אַליין ניט!... און זי וואָלט אויך געלעבט, ווי אַלע... ביז'ן רעכטען טויט וואָלט זי געזאָגט: „היינט וועט געהן א רעגען" אָדער „ביים פריהשטיק וועלען מיר זיין 13" אָדער „די פרוכטען זענען נאָך ניט פאַרטיג"... מיט א שמייכעל רעדען זיי וועגען די אַראָפּ־[illegible] בלעטער און וויינען אין דער פינסטער... אפילו א מלאך וואָלט

אויך ניט געזעהען דאס, וואס מען האט געדארפט זעהען, א מענש אבער הייבט אן צו פערשטעהען נור דאמאלס, ווען עס איז שוין געשעהען... געכטען אווענד איז זי געזעסען דארטען ארום לאמפ, און אז דאס וואלט זיך ניט געטראפען, וואלט איהר זיי ניט געזעהען אזעלכע ווי מען דארף זיי זעהן... מיר דאכט זיך, א איך אליין זעה זיי דעם ערשטען מאל... מען מוז צונעבען עפעס צו דעם געוועהנליכען לעבען, כדי דאס לעבען צו פערשטעהן... מענשען לעבען נעבען אייך, שטענדיג זענען זיי ביי אייך אויף די אויגען, און איהר בעמערקט זיי נאר דאמאלסט, ווען זיי נעהען אוועק פון דער וועלט אויף עוויג.... ביי איהר, א פנים, איז געוועזען א מאדנע הארץ. פשוט, טיעף איז געווען איהר קינדישע זעעלע, ווי באלד זי דאט געזאגט אלץ, וואס זי האט געדארפט זאגען און האט געטהון אלץ, וואס איהר איז בעשערט געווען צו טהון.....

דער פרעמדער. זיי שמייכלען דארט אין דער שטילקייט פון צימער...

דער אלטער. זיי זענען רוהיג... היינט ווארטען זיי ניט אויף איהר.

דער פרעמדער. זיי שמייכלען, בלייבענדיג דערביי אונבעוועגליך. נאר אט האט דער טאטע צו געלעגט דעם פינגער צו די ליפען...

דער אלטער. ער ווייזט אויפ'ן קינד, וואס איז איינגעשלאפען אויף דער מוטער'ס ברוסט...

דער פרעמדער. זי האט מורא אויפהייבען די אויגען, כדי ניט שטערען זיין שלאף.

דער אלטער. זיי האבען אויפגעהערט צו ארבייטען... עס הערשט א גרויסע שטילקייט...

דער פרעמדער. זיי האבען אראפגעלאזען א מאטיק ווייסען

דער אלטער. זיי קוקען אויפ'ן קינד...

דער פרעמדער. די ווייסען ניט, אז מען קוקט אויף זיי.

דער אלטער. אויף אונז קוקט מען אייך...

דער פרעמדער. זיי האבען אויפגעהויבען די אויגען...

דער אלטער. און פון דעסטוועגען קענען זיי ניט דערזעהען...

דער פּרעמדער. ווי זעהען אוים גליקליך; און דאָך אָבער איז דאָ עפּ'ס...

דער אלטער. די גלויבען אין זייער זיכערהייט... די טהירען פערשפּארט... די פענסטער מיט אייזענ'ס... די ווענד פון דען אלטען הויז זענען פערשטאַרקט... זיי האָבען פערדוקט די 3 דעמבעווע טהירען... זיי האָבען פאָרגעזעהען אַלס, וואָס אַ מענש קען נאָר פאָ־זעהען...

דער פּרעמדער. מ'דאַרף זיי שוין זאָגען... ס'קאָן קומען עמיצער און מיט אַ מאָל אָנזאָגען... אַרום דער נעשטאָרבענער אויף דער לאַנקע האָט זיך צונויפגעקליבען אַ גאַנצער עולם בויערען... עמיצער פון זיי קען נאָך אָנקלאַפּען...

דער אלטער. מאַרטאַ און מאַריע זענען דאָרט נעבען איהר... די בויערען האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען אַ מטה פון צווייגען; און איך האָב געהייסען דער עלטערער, אַז זי זאָל באַלד קומען צולויפען זאָגען, ווי זיי וועלען זיך נאָר ריהרען פון אָרט... מיר וועלען אויף איהר וואַרטען; איך וויל אַ הין געהן צו זאַמען מיט איהר... מיר וואָלטען אזוי ניט געקענט אויף זיי קוקען... איך האָב פריהער געמיינט, אַז דאָס איז נאָר פּשוט. מען דאַרף מעהר ניט אָנקלאַפּען אין טהיר, אריין געהען, צו קלערען עטליכע פראַזען, זאָגען ווי... איך האָב אָבער צו לאַנג געזעהען זייער לעבען אַרום אַט דער דעם דאָזיגען לאָמפּ...

(מאַריאַ קומט).

מאַריאַ. ווידע, זיי געהען שוין.

דער אלטער. דאָס ביסט דו? וואו זענען זיי.

מאַריאַ. אונטען, אויף די לעצטע בערגעלעך.

דער אלטער. זיי געהען אָהן גערויש?

מאַריאַ. איך האָב זיי געבעטען לעזען די תפלות מיט אַ האַלבען קול... מאַריאַ. איז מיט זיי.

דער אלטער. וויפיעל זענען דאָרט?

מאַריאַ. דער גאַנצער דאָרף... זיי האָבען געווען אָנגעצונדענע פאַקעלן; נאָר איך האָב געהייסען פערלעשען.

דער אלטער. מיט וועלכען וועג געהען זיי.

מאַריאַ. מיט זעהר קליינע וועגעלעך. זיי געהען לאַנגזאַם...

דער אלטער. ס'איז שוין צייט...

מאריא. ויידע, איהר־האט שוין געזאגט?

דער אלטער. דו זעהסט ניט, אז מ'האט נאך גאר נישט ניט געזאגט?... ווי ווארטען נאך ארום דעם לאמפ... גיעב א קוק אויף זיי, מיין קינד, גיעב א קוק: דו וועסט דערזעהען עפים פון לעבען...

מאריא. א, ווי רוהיג זענען זייערע פנימ'ער... איך וואלט געזאגט, אז איך זעה זיי אין שלאף...

דער פרעמדער. שטילער!... איך האב געזעהען, ווי ביידע שוועסטער האבען זיך א טרייסעל געטהון...

דער אלטער. זיי הייבען זיך אויף...

דער פרעמדער. זיי געהען, דאכט זיך, צום פענסטער... (איינע נעהט צו צום ערשטען פענסטער, די אנדערע צום דריטען און, אנגעלעהנט מיט די הענד אויף די שויבען, קוקען זיי אין דער פינסטערניש).

דער אלטער. צו דעם מיטעלסטען פענסטער איז קיינער ניט צו געגאנגען...

מאריא. זיי קוקען... זיי הערען...

דער אלטער. די עלטערע שמייכעלט צו דעם, וואס זי זעהט גיט...

דער פרעמדער. און ביי דער צווייטער זענען די אויגען פול מיט שרעק...

דער אלטער. שטיל... אפשר, פליהט דא אום די נשמה פו דער געשטארבענער...

(א לאנג דויערינס שווייגען, מאריא נעהמט ארום דעם אלטען און דרוקט זיך צו זיין הארץ).

מאריא. ויידע!

דער אלטער. ניט וויין, מיין קינד;... ס'וועט קומען אויך אונזער צייט... (מען שווייגט).

דער פרעמדער. זיי קוקען נאך אלץ...

דער אלטער. ארימע שוועסטער, זיי מעגען אפילו קוקען טויזענד יאהר, וועלען זיי אויך גאר ניט דערזעהען... די נאכט איז צו פינסטער... זיי קוקען א הער, און דאס אומגליק נעהערט זיך פון דער אנדער זייט...

דער פרעמדער. נאָך גוט, וואָס זיי קוקען אין דיזער זייט... וואָס בעוועגט זיך נאָך דאָרטען אויפ'ן לאָנקע?

דער אַלטער. אַ פנים, דאָס איז דער עולם... זיי זענען אָבער אַזוי ווייט. אַז קוים וואָס מען בעמערקט זיי...

דער פרעמדער. זיי געהען איבער די קליינע וועגעלעך... אָט האָבען זיי זיך בעוויזען נעבען אָבגעשניטענעם שטיק פעלד, וועלכען עס בעלייכט די לבנה...

מאַריא. אָ, ווי פיעל מענשען זענען דאָרטען! אַז איך בין געקומען האָבען זיך שוין זעהר פיעל צונויפגעלאָפען... זיי געהען ניט מיט'ן גלייכען וועג, זיי געהען אַרום...

דער אַלטער. סיי ווי סיי וועלען זיי קומען. איך זעה זיי אויך... זיי געהען דורכ'ען לאָנקע... זיי ווייזען אויס אַזוי קליין, אַז קוים וואָס איך בעמערק זיי. דאָרט אין די גראָז... אַ קוראַט ווי קינדער, וואָס שפיעלען ביי דער לבנה־שיין... אַז זיי וואָלטען אפילו זעהען, וואָלטען זיי אויך גאָר נישט פערשטעהען... לאָזען זיי זיצען, אָבגעקילטערהייט... זי ווערען אַלס נעהענטער מיט יעדען טריט. און דאָס אומגליק וואַקסט שוין מעהר ווי צוויי שעה... קיינער קאָן איהם ניט שטערען צו וואַקסען און די וואָס טראָגען איהם האָבען ניט די מאַכט אָפצושטעלען איהם... דאָס אומגליק בעהערשט זיי, און זיי מוזען איהם דיענען... ביי איהם איז זיין אייגענער צוועק, און עס געהט מיט זיין אייגענעם וועג... דאָס אומגליק מיהט זיך ניט איין, ביי איהם איז נאָר איין געדאַנק: זיי מוזען איהם אָפגעבען וייערע קרעפטען... זיי זענען זעהר טרויעריג, אָבער זיי געהען. זיי זענען פיל מיט רחמנות, אָבער זיי מוזען געהען אַלץ ווייטער און ווייטער...

מאַריא. זיידע, די עלטערע האָט אויפגעהערט צו שמייכלען...

דער פרעמדער. זיי טרעטען אָפ פון פענסטער...

מאַריא. זיי קושען די מוטער...

דער פרעמדער. די עלטערע האָט אַ גלעט געטהון די האָר בייַ דעם קינד, וואָס שלאָפט נאָך.

מאַריא. אַ! דער פאָטער וויל אויך, אַז מ'זאָל איהם אַ קוש טהון...

דער פרעמדער. איצט איז שטיל...

מאַריא. זיי געהען ווייטער צו דער מוטער...

דער פרעמדער. דער פּאָטער קוקט, ווי דער אומרוה שאָקעלט זיך.

מאריא. ס'דאַכט זיך, אז זיי בעטען און ווייסען גאָר אליין ניט...

דער פרעמדער. אפשר הערען זיי זיך צו צו דעם קול פון זייער נשמה...

(אַ שטיל שווייגען).

מאריא. ויידע, ניט זאָגט זיי דאָס היינט!

דער אַלטער. ועהסט דו; דו ביסט אויך אראָפּגעפּאַלען ביי זיך... איך האָב געוואוסט, אז מ'דאַרף אויף זיי ניט קוקען... איך בין שוין אַלט 83 יאָהר און היינט צום ערשטען מאָל האָב איך זיך דערשראָקען פאַר'ן לעבען... איך ווייס ניט פאַר וואָס, נאָר אלץ, וואָס זיי טוהען, גיעט זיך מיר אויס ווי מאָדנע און זעהר וויכטיג... זיי ווארטען אויף דער נאכט ארום זייער לאָמפּ. מיר ווילען אויך אזוי ווארטען; פון דעסט ווענען דאכט זיך מיר, אז איך קוק אויף זיי פון דער הויכקייט, נאָר פון איין אנדער וועלט, ווייל איך ווייס אַ קליינעם אמת, וועלכען זיי ווייסען ניט... אזוי קינדער? זאָגט מיר, פאַר וואָס זייט איהר אזוי בלייך? אפשר שטעקט דאָ עפּיס, וואָס מ'קען ניט אויס זאָגען מיט ווערטער, מען מוז מעהר נישט ווי וויינען? איך האָב ניט געוואוסט, אז דאָס לעבען איז אזוי טרויעריג. און עס קען שרעקען די, וועלכע קוקען זיך אריין אין איהם... וואָס קען זיין שרעקליכער, ווי זייער רוהיגקייט?... צו פיעל גלויבען זיי אין דעם לעבען... שטיקלעך פענסטער צוימען זיי אָפּ פון שונא... זיי גלויבען, אז עס קען זיך נאָר נישט ניט טרעפען, ווייל זיי האָבען פערשפּאַרט די טהירען. זיי ווייסען ניט, אז שטענדיג טוט זיך עפּיס ביי דעם מענשען אין הארצען און ניט נעבען טהיר ענדיגט זיך די וועלט... זיי גלויבען אזוי אין זייער קליינינקען לעבען און קלערען נאָר ניט, אז אנדערע ווייסען וועגען איהם, מעהר ווי זיי אליין, אז דאָ, צוויי טריט פון זייער טהיר, איך איין אלטער מאַן, האַלט זייער שטיקעל גליק אין מיינע אַלטע הענד, וועלכע מיר ווילט זיך ניט פאנאנדער נעהמען.

מאריא. האָט אויף זיי רחמנות, זיידע!...

דער אַלטער. מיר האָבען אויף זיי רחמנות, אָבער אויף אונז האָט קיינער ניט קיין רחמנות.

מאריא. זיידע, זאָגט זיי אָן מאָרגען; זאָגט זיי אָן, ווען עס וועט שוין ליכטיג זיין... עס וועט זיי זיין ניט אזוי שווער...

דער אַלטער, אֶפּשר, ביסט דו גערעכט ... ביי דער נאַכט איז בעסער שווייגען וועגען אַזעלכע זאַכען ... דאָס ליכט מאַכט ווי וויבער די צרה, אָבער וואָס וועלען זיי אונז מאָרגען זאָגען? דאָס אונגליק איז אייפערזיכטיג, און די, אויף וועמען עס קימט, ווילען וויסען וועגען איהם פריהער ערהדער פרעמדע ... זיי ווילען ניט איבערלאָזען איהם אין פרעמדע הענד . . . זיי פיהלען אַקוראַט, ווי מען האָט ביי זיי עפּיס אָבגענומען . . .

דער פרעמדער. דערצו קען מען ניט אָבלייגען. איך האָב שוין די געבעטע . . .

מאַריאַ. אָן געהען זיי נעבען פלאַנקען . . .

(מאַרטאַ קומט.)

מאַרטאַ. אָט בין איך . . . איך האָב זיי דערפיהרט ביז דאַנען און געהייסען וואַרטען אויפ'ן וועג . . . (עס הערן זיך קינדערשע קולות). די קינדער שרייען נאָך אַלץ . . . איך האָב זיי ניט געהייסען קומען, אָבער זיי ווילט זיך אויך אַ קוק טהון און די מאַמעס הערען מיך ניט . . . איך וועל זיי זאָגען . . . ניין, זיי זענען אַנטשווינגען געוואָרען . . . עס איז שוין אַלץ פערטיג? איך האָב געבראַכט דעם קליינעם רונג, וועלכען מען האָט געפונען אויף איהר; איך האָב אַליין זי אַרויף געלעגט אויף די מטה . . . אַקוראַט ווי זי שלאָפט . . . שווער געווען . . . די האָר איהרע האָבען ניט געוואָלט מיך פאָלגען . . . איך האָב געהייסען אָנרייסען ווייסע ליליען . . . אַ שאָד, וואָס ס'זענען ניט געווען אַנדערע בלומען . . . וואָס טהוט איהר דאָ? פאַר וואָס זייט איהר ניט מיט זיי? (קוקט אין פענסטער) זיי וויינען ניט . . . זיי . . . איהר האָט זיי ניט געזאָגט? . . .

דער אַלטער. מאַרטאַ, מאַרטאַ, ביי דיר אין זעלע איז צופיעל לעבען, דו קענסט ניט פערשטעהן . . .

מאַרטאַ. פאַר וואָס זאָל איך ניט פערשטעהן? (שווייגענד, דער נאָך מיט אַ טיעפען פאָרוואורף) זיידע, איהר האָט דאָס נאָך ניט געטהון?

דער אַלטער. דו ווייסט ניט, מאַרטאַ! . . .

מאַרטאַ. איך וועל זיי זאָגען.

דער אַלטער. וואַרט, מיין קינד, גיעב אַ קוק אויף זיי איין מאָמענט . . .

מאַרטאַ. ווי אומגליקליך זיי זענען! זיי קענען מעהר ניט וואַרטען.

דער אַלטער. פאַר וואָס?

מאַרטאַ. איך ווייס ניט... אָבער דאָס איז אונמעגליך.

דער אַלטער. מיין קינד, קום אַהער!

מאַרטאַ. וואָס פאַר אַ געדולד זיי האָבען...

דער אַלטער. קום אַהער, מיין קינד!

מאַרטאַ. (קעהרט זיך אום) וואו ביסט דו, זיידע! מיר איז אַזוי שווער, אַז איך זעה אייך ניט... איצט ווייס איך אַליין ניט וואָס מען טהוט.

דער אַלטער. ניט קוק מעהר אויף זיי... ביז וואַן זיי וועלען אַלץ דערוויסען...

מאַרטאַ. איך וועל געהן מיט אייך.

דער אַלטער. ניין, מאַרטאַ, בלייב דאָ... זעץ זיך נעבען דער שוועסטער אויף די אַלטע שטיינערנע באַנק נעבען וואַנט און ניט קוק. דו ביסט נאָך צו יונג, דו וואָלסט ניט קענען פערגעסען... דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלען, וואָס עס טהוט זיך מיט אַ מענשענס צורה, ווען דער טויט געהט דורך אין זיינע אויגען... דו וועסט אָפשר דערהערען קולות... ניט קעהר זיך אום... אפשר, וועט גאָר נישט זיין... דער הויפט אָבער זאָלסט דו זיך ניט אומקעהרען, ווען דו וועסט גאָר נישט הערען... מען קען ניט וויסען פריהער, ווי דאָס אומגליק וועט זיך אויסדריקען... על פי רוב — איין קראַמפּהאַפּטיגער שרעקליכער געוויין און גאָר... איך ווייס אַליין ניט, וואָס קען איך טהון, אַז איך וועל זיי דערהערען... דאָס איז שוין ניט שייך צו אונזער לעבען... גיעב מיר אַ קוש, מיין קינד, איידער איך וועל געהן... (די געבעטע ווערען אַלץ נעהנטער; אַ טהייל פון דעם עולם געהט אריין אין גאָרטען. עס הערט זיך איין שטילער געלאַף און אַ'ן איינגעהאַלטענער געראויש פון פיעל מענשען).

דער פרעמדער (צום עולם). בלייבט דאָ... ניט נעהנט זיך צו די פענסטער... וואו זענען זיי?

איינער פון די פויער'ים. ווער?

דער פרעמדער. אַנדערע... די טרעגער?

דער פויער. זיי געהען מיט דער אַלטע, וועלכע פיהרט אין גאָרטען... (דער אַלטער געהט אַוועק. מאַרטאַ און מאַריאַ זעצען זיך אויפ'ן באַנק מיט'ן רוקען צו די פענסטער. צווישען דעם עולם איז איין איינגעהאַלטענער געריויש).

דער פרעמדער. שטילער! ניט גערעדט...

די עלטערע פון די שוועסטער שטעהט אויף און געהט אַראָבלאָזען דעם ריגעל פון טהיר.

מאַרטאַ. זי שפּאַרט אָפּ?

מאַריאַ. פערקעהרט, זי פערשפּאַרט...

(מען שווייגט)

מאַרטאַ. דער זיידע איז נאָך ניט אַריין?

דער פרעמדער. ניין... (זי קעהרט זיך אום און זעצט זיך ווייטער נעבען דער מוטער... די איבריגע ריהרען זיך ניט פון אָרט, און דאָס קינד שלאָפט נאָך אַלץ...

(מען שווייגט).

מאַרטאַ. שוועסטער, גיעב מיר דיינע הענד.

מאַריאַ. מאַרטאַ!

(דריקען זיך איינע צו דער צווייטע און קושען זיך).

דער פרעמדער. אַפּנים, אַז ער האָט זיך אַ קלאַפּ געטהון... (אַלע האָבען מיט אַ מאָל אויפגעהויבען די קעפּ... זיי קוקען איינער אויף דעם צווייטען).

מאַרטאַ. אַי, אַי, מיינע אָרעמע שוועסטער! איך וועל אַ געשריי טהון... (זי פערשטיקט איהר געוויין אויף די שוועסטערס אַקסעל).

דער פרעמדער. ער האָט אַפּנים נאָך אַ מאָל אַ קלאַפּ געטהון זיך... דער פאָטער האָט אַ קוק געטהון אויפ'ן זייגער... ער הויבט זיך אויף...

מאַרטאַ. שוועסטער, שוועסטער, איך וועל אויך אַריינגעהן... זיי דאַרפען מעהר ניט בלייבען אַליין...

מאַריאַ. מאַרטאַ! מאַרטאַ!... (זי האַלט זי איין).

דער פרעמדער. דער פאָטער איז נעבען טהיר... ער עפענט זי... ער עפענט פאָרזיכטיג.

מאַרטאַ. אַ, איהר זעהט ניט...

דער פרעמדער. וואָס?

מאַרטאַ. די וואָס טראָגען...

דער פרעמדער. ער האָט אויף געעפּענט די טהיר... ס'זעהט זיך מעהר ניט ווי אַ שטיקעל לאָנקע און די פאָנטאַן... ער לאָזט ניט אָפּ די טהיר... ער טרעט אָפּ... אַקוראַט, ווי ער זאָגט: אַ, דאָס זענט איהר!... ער הויבט אויף די הענד... ער פערשפּאַרט ווייטער זאָרגזאַם די טהיר... אייער זיידע איז אַריין אין צימער...

(דער עולם איז צוגעגאַנגען צו די פענסטער. מאַרטאַ און מאַריאַ הויבען זיך אויף, צום אָנפאַנג, פון זייערע ערטער. דער נאָך געהען זיי אויך צו, שטאַרק אַרום גענומען זיך. מען זעהט, ווי דער אַלטער געהט איבער'ן צימער.

(ביידע דער געשטאָרבענערס שוועסטער הויבען זיך אויף, די מוטער שטעהט אויך אויף, פּאָרזיכטיג אַריינגעזעצט דאָס קינד אין שטוהל, פון וועלכען זי איז אויפגעשטאַנען. פון דרויסען איז ניכר, ווי דאָס קינד שלאָפט אין מיטטען צימער, עטוואָס אָנגענייגט דאָס קאָפּעל; די מוטער געהט דעם אַלטען אַנטקעגען, שטרעקט איהם אוים די האַנד, ציהט זי באַלד צוריק איידער ער האָט זי גענומען. איינע פון די יונגע טעכטער וויל נעהמען ביי איהם דאָס אויבער קלייד, די צווייטע רוקט איהם צו אַ שטול. דער אַלטער זאָגט זיך אָפּ (מיט'ן וואונק, מיט'ן בעוועגונג) דער פאָטער שמייכעלט, וואונדערט זיך דערביי... דער אַלטער קוקט אויף די פענסטער).

דער פרעמדער. ער האָט מורא צו זאָגען, ער האָט אַ קוק געטהון אין אונזער זייט...

(צווישען דעם אַלעם איז אַ גערויש).

דער פרעמדער. שטילער!...

(דער אַלטער, דערזעהענדיג אין פענסטער צורות, פיהרט אָפּ געשווינד די אויגען; איינע פון די שוועסטער רוקט איהם אַלץ צו אַ שטול; ער זעצט זיך אויף איהם און גלעט עטליכע מאָל דעם שטערען מיט דער רעכטער האַנד).

דער פרעמדער. ער זעצט זיך...

(די איבעריגע, וואָס זענען אין צימער, זעצען זיך אויך, דער פאָטער רעדט וועגען עפּיס זעהר לעבעדיג. דערנאָך עפּענט אויף דער אַלטער זיין מויל. אַלע, אַ פּנים, הערען זיך צו, נאָר

דער פּאָטער שלאָגט איהם איבער. דער אַלטער הייבט אָן ווייטער צו רעדען... אַלע, וואָס הערען איהם, בלייבען אויף זייערע ערטער, מיט אַ מאָל גיעט זיך די מוטער אַ טרויסעל און שטעהט אויף).

מאַרטאַ. אָ, די מוטער וועט באַלד פערשטעהן!...

(זי קעהרט זיך אָפּ און פערמאַכט דאָס פּנים מיט די הענד. ס'הערט זיך אַ געוויש, אַ שטופּעריי. די קינדער שרייען און בעטען זיך, אַז מען זאָל זיי אויפהייבען — זיי זאָלען קענען זעהען. פילע מוטערס הויבען זיי אויף).

דער פרעמדער. שטילער! ער האָט נאָך ניט געזאָגט...

(עס איז קענטיג, ווי די מוטער פרעגט עפּיס מיט אַן אומעט ביי דעם אַלטען, ער רעדט אַרוים נאָך עטליכע ווערטער; דער נאָך הויבען זיך אַלע אויף מיט אַמאָל, און פרעגען אַ פּנים. ער שאָקעלט לאַנגזאַם מיטן קאָפּף).

דער פרעמדער. ער האָט געזאָגט!... ער האָט געזאָגט מיט איין וואָרט!...

אַ קול צווישען עולם. געזאָגט!... געזאָגט...

דער פרעמדער. מען הערט גאָר נישט...

(דער אַלטער הויבט זיך אויך אויף און ניט אומגעקעהרט זיך, ווייזט ער מיט'ן פינגער אויף די טהיר הינטער זיך. די מוטער, דער פאָטער און ביידע טעכטער וואַרפען זיך צו דער טהיר... דעם פאָטער גיט זיך ניט איין מיט אַמאָל עפענען די טהיר... דער אַלטער וויל איינהאַלטען די מוטער).

אַ קול צווישען עולם: זיי געהען אַרוים!... געהען אַרוים!... אין גאָרטען איז אַ שטומערייַ. אַלע וואַרפען זיך צום דער אַנדערע זייט הויז, נאָר דער פרעמדער בלייבט שטעהען נעבען פענסטער. דאָרט אין צימער עפענט זיך אין גאַנצען די טהיר און אַלע געהן אַרוים מיט אַמאָל. עס זעהט זיך דער הימעל מיט די שטערען, די לאָנקע און דער פאָנטאַן, וועלכע עס בעלייכטעט די לבנה. דאָס קינד שלאָפט נאָך אַלץ אויפ'ן שטול אין מיטען ליידיגען צימער. עס איז שטיל.

דער פרעמדער. דאָס קינד האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט... (ער געהט אַוועק).

פערלאג „פּראָגרעס" ווארשא

## אלע ווערק פון דעם בעליעבסטען פאלקס־דיכטער

# אברהם רייזען.

אין צוויי גרויסע בענדער פראכטפאָהל שעהן געדרוקט אויף גוט פּאַפּיער לויט די לעצטע מאָדערנע אויספיהרונג וואָס ביז יעצט איז נאָך אין יודיש אזוי שעהן ניט געדרוקט געוואָרען, מיט דעם בילד פון דעם דיכטער.

ערשטער באַנד:

ערצעהלונגען, בילדער, סקיצען, הומאָרעסקעס, און דראַמעס פון דעם אַלגעמיינעם לעבען.

צווייטער באַנד:

פּאָעזיע.

ביידע בענדער ענטהאלטען ערך 800 זייטען.

---

פּרייז פיר יעדען באַנד 1 רובל 25 קאָפּ'.
געבונדען אין פּראכט באַנד צו 40 קאָפּ' פיר א באַנד.

---

מיט בעשטעלונגען ויך ווענדען:

Книгоиздательство „ПРОГРЕССЪ"
Я. ЛИДСКІЙ, Варшава, Налевки 36. (Телефонъ 61-63).

די איבעריגע ווערק פון א. רייזען, ווערט איבערגעגעבען צום דרוק.
ביים ערשיינען וועט מען אין בעזאָנדערע אַנאָנסען בעקאַנטמאַכען.

# אַנ׳אוֹצָר פון קלאַסישע ליטעראַטור.

אַלֶע 5 בּאָנדֶער פוּן

## „הויז פריינד".

רעדאַגירט פון מ. ספּעקטאר.

פוּן דֶעם „הויז פריינד" איז שוין לאַנג ניט גֶעווען צוּ בֶּעקוּמֶען אַלֶע בֶּענדֶער, אוּן פיר די עֶרשטֶע צוויי בֶּענדֶער אַליין האָט מֶען גֶעצָאהלט 5 רובּל. יֶעצט האָט די פֶערלאַג „פּראָגרעֶס" אָפּגֶעדרוּקט די בֶּעסטֶע ליטֶעראַטוּר פוּן אַלֶע 5 בֶּענדֶער; עֶס עֶנטהאַלט אוּמגֶעפֶעהר 1500 זייטֶען אוֹיף שעהן פּאַפּיער.

אין דעם אוצר פון די קלאַסישע ליטעראַטור „הויז פריינד" קומט אריין היסטאָרישע אוּן וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען, רייזעבעשרייבונגען, ערצעהלונגען פון דער נאַטור גע-שיכטע, ידיעות וואָס יעדער מענש דאַרף וויסען, לעבענס-בעשרייבונג פון גרויסע לייט, נייע ערפינדונגען, אַנטדעקונגען, שענע מעשׂות, גלייכע ווערטליך, שכל׳דיגע רייד פון גרויסע לייט, ערצעהלונגען, ראָמאַנען, פּאָעזיע פון פאָלגענדע ליטעראַטען און דיכטער:

אבּראַמאָוויטש (מענדעלע מוכר ספרים); איזאַבעללא; אייזען-שטאַדט; אמת; בערנשטיין; ברוידעס ר.; גאָלדפאַדען; גאָרדאָן י. ל.; גאָרדאָן מ.; גוידא; דאָליצקי; דאמארעצקי; דינעזאָהן; דרוקער; האָלבערג; האָפפמאַן; וויסבערג; וועבער; זאַמאָשטיין; זוססמאַנאָוויטש; זייפערט; זאַטילאָווסקי; זאַגאָראָ-פסקי; יאַנאַטזאָהן; יהואש; כהן; לילענבלום; ליטינסקי; לערנער; סמאָלענסקי פ.; ספּעקטאָר; עטינגער; פינסקי; פרוג; פרץ; פרישמאַן; פריעדבערג; פרענק; פרייד; צווייפעל; צונזער; ציטראָן; קייזער; ראַבּינאָוויטש; רבי קצין; ריזבערג; שלום-עליכם; שר של ים און נאָך אנדערע שרייבער.

אום אַלע זאָלען קענען פערשאַפען דעם אוצר פון קלאַסישע ליטעראַטור האָבען מיר געשטעלט דעם פּרייז פיר דאָס גאַנצע ווערק 2 רובל, מיט פּאָרטאָ 2.50. געבונדען אין 2 פּראַכט-בענדער נאָך 1 רובל.

Я. ЛИДСКІЙ, Варшава, Налевки 36. (Телефонъ 61-63.)